# די יודישע געשיכטע

ניי בעארבייט

נאָך פּראָפעסאָר **גרעץ**

און אנדערע קוועלען

מיט אַ פאָררעדע פון הלל צייטלין.

זעקסטער באַנד:

פון גירוש שפּאַניע ביז דער משיח בעוועגונג.

פערלאג / ב. שימין / ווארשא.

פערקויף: געז. „צענטראל“ ווארשא.

Printed in Poland.

# אינהאלט:


| | | |
|---|---|---|
| ערשטעם קאפיטעל: | די מאראנען און זייער עפאכע | 9 |
| צווייטעם קעפיטעל: | דער נייער צענטר אין טערקיי — | 40 |
| דריטעם קאפיטעל: | די ליטעראטור — — — | 90 |
| פיערטעם קאפיטעל: | יודען אין דער עפאכע פון דער אינפארמאציע | 100 |
| פינפטעם קאפיטעל: | די יודען און פוילען — — | 141 |
| זעקסטעם קאפיטעל: | פון קנעכטשאפט צו פרייהייט — | 185 |
| זיעבעטעם קאפיטעל: | דער קאזאקען-אויפשטאנד און דער אונטער-גאנג פון פוילען — | 212 |

## ערשטעס קאפיטעל.

# די מאראנען און זייער עפאכע.

(1391—1498).

אין שפאניען פון מיטעל-אלטער איז די בעפעלקערונג בעשטאנען פון פערשידענע עלעמענטען. דא זענען זיך צונויפגעקומען דריי בעזונדערע רעליגיעס, דריי ראסען, דריי קולטורען: קריסטען, מוסולמענער, יודען. אין פערלויף פון עטליכע דורות האבען די דאזיגע דריי פערשידענע פעלקער און ראסען ווי עס איז זיך צוזאמענגעלעבט, צוזאמען געארבייט און קולטורעל געווירקט איינע אויף די אנדערע, אזוי אז פון אלע מיטעלאלטערישע מלוכות איז שפאניען געווען דער איינציגער ליכטיגער פונקט פון קולטור און טאלעראנץ. אבער אט איז געקומען דער פינסטערער קלעריקאליזם, אין דעם שפאנישען המון ערוועקט זיך די אמאליגע חיה, די ליידענשאפטען פון פאלק צושפילען זיך און עס הויבט זיך אן יענע בלוטיגע טראגעדיע, וואס האט זיך אזוי שלעכט געענדיגט סיי פאר יודען, סיי פאר גאנץ שפאניען. אנשטאט קולטורעלער געמיינזאמער ארבייט הויבט זיך אן א בעוועגונג, וואס איהר לאזונג איז געוועזען: איין איינציגע אמונה, איין פאלק און איין הערשענדע קולטור אין גייסט פון דער קירכע! אין אנהויב שטרעבט דער קלעריקאליזם נאר צו בעשיצען די קריסטליכע עלעמענטען פון דער שעדליכער ווירקונג פון די איבעריגע נאציאנען, שפעטער ווערט ער אויך אגרעסיוו, הויבט אן אנפאלען אויף דעם צד שכנגד און שטרעבט צו בעהערשען איהם און נאך שפעטער הויבט זיך אן אין נאמען פון קריסטענטום יענע בלוט-דורשטיגע שטרעבונג צו הערשאפט און מאכט, וואס האט געבראכט צו דער שרעקליכער טראגעדיע פון די מאראנען, צו די פייערן פון דער אינקוויזיציע און דעם גירוש פון יודען אויף דער גאנצער פירענעאישער האלב-אינזעל.

דער שפאנישער קלעריקאליזם האט זיך גענומען צום אלטען

מיטעל, וואס ס'האבען שוין געהאט אויסגעפרובט די קרייץ־טרעגער, אום מיט געוואלד צו פעראייניגען דאס אלטע פערעקשנ'טע יודישע פאלק מיט דער היילינגער קירכע; טויט אדער שמד! — דאס איז געוועזען דער לאזונג פון די פאנאטישע קלעריקאלען, וואס האבען מיט'ן כח פון שווערד געוואלט בעהערשען די יודען און מוסולמענער. מיט די לעצטע האבען זיי געמוזט זיין אביסעל פארזיכטיג, ווייל זיי האבען מורא געהאט, אז אויב מען וועט צו פיעל אונטערדריקען די מוסולמענער, וועלען די לעצטע מאכען א שחיטה אויף די קריסטען, וואס וואוינען אין די מוסולמענישע לענדער. אבער מיט יודען האט מען נישט געהאט, וואס צו צערעמאניען זיך, און דער אלטער „להרוג ולאבד" האט דא געקענט פייערן זיין נצחון.

דער בעשעפער פון דער נייער בעוועגונג געגען יודען איז געוועזען דער פאנאטישער גייסטליכער, פערדינאנד מארטינעץ. א ליידענשאפטליכער פאנאטישער קאטוליק, וואס האט געטרוימט וועגען דעם, אז שפאניען זאל ווערען א פעראייניגטע גאנצע קאטולישע מלוכה, אבגערייניגט פון יודען, מוסולמענער און אפיקורסים, האט ער פון דער קירכען־טריבונע אנגעהויבען אויפהעצען דאס פאלק סיי געגען דער „פאלשער לעהרע" פון יודען, סיי געגען יודען אליין, וואס האבען פערהאפט אגרויסען פלאץ אין מלוכה־לעבען און זענען געווארען א געפעהרליכע קראפט. ער האט גוט געקאנט די פסיכאלאגיע פון המון, געוואוסט זיין שטימונג און ווען ער האט געפריידיגט צו האסען די יודען, טרייבען און בעליידיגען זיי, ברענגען זייערע שוהלען און בכלל מאכען פאר זיי דאס לעבען אונערטרעגליך, האט ער גוט געוואוסט, אז זיינע ווערטער וועלען געפינען אויערן צווישען פאנאטישען פעבעל. זיין געפעהרליכע אגיטאציע האט מארטינעץ אנגעהויבען נאך פאר'ן קאסטילישען קעניג העגריך II. די פארשטעהער פון דער יודישער געמיינדע אין סעווילא, איינער פון די גרעסטע צענטרען פאר די שפאנישע יודען, האבען זיך בעקלאגט פאר'ן קעניג אויף דער אגיטאציע און דער קעניג האט מארטינעץ'ען פערבאטען צו האלטען זיינע פייערדיגע העץ־רעדעס (1378). מיט עטליכע יאהר שפעטער איז די זעלבע יודען ווידער אויסגעקומען זיך צו בעקלאגען אויף דער געפעהרליכער אגיטאציע פון דעם פאנאטישען גייסטליכען, געגען וועלכען עס איז פערפיהרט געווארען א פראצעס. דעם געריכט האט מארטינעץ, וואס האט זיך געשטיצט אויף א געהיימער קלעריקאלישער ליגע, אבגעענטפערט, אז ער וועט אויך ווי־

טער טאָן, ווי ער האָט ביז יעצט געטאָן, ווייל זיינע מעשים זענען נאָר געווענדעט לטובת דער קירכע. דער קעניג יאָהאַן האָט געפיהרט אַ צוויי־זייטיגע שפּיעל: פון איין זייט האָט ער געלויבט די טעטיגקייט פון מאַרטינעץ, און פון דער צווייטער זייט פערבאָטען איהם, אַנצופאַלען אויף יודען. דער אַרציבישאָף אין סעווילא, באַראָזאָ, האָט שוין געהאַנדעלט עהרליכער: ער האָט אָפען געפאָדערט פון מאַרטינעץ'ן, אַז ער זאָל זיך אָבזאָגען פון זיין מאָסער אַגיטאַציע און ווען יענער האָט דאָס נישט געוואָלט טאָן, האָט באַראָזאָ איהם ענטזאָגט פון זיין שטעל.

באַלד נאָכהער איז פאַר מאַרטינעץ'ן און זיין געהיימער ליגא אַנגעקומען אַ גוטע צייט. דער קעניג און דער אַרציבישאָף פון סעווילא זענען כמעט גלייכצייטיג געשטאָרבען און די אַפּוטרופּסות איבער דעם יונגען קרוין־פּרינץ הענריק III האָט איבערגענומען די קעניגין לעאָנאָרא, אַ פרומע קאַטוילִיקין, ביי וועלכער מאַרטינעץ איז פריהער געווען דער הויז־גלח. דער ענטזאָגטער וויקאַריוס האָט תיכּף צוריק בעקומען אַלע זיינע רעכטען, אַנגעהויבען אַרבייטען פראַנק און פריי און צושיקט אַ צירקולאַר צו די גלחים פון דער סעווילִיער יעפּאַרכיע, אַז זיי זאָלען חרוב מאַכען די יודישע שוהלען ביז'ן גרונד. אין מאַרט 1391 האָט ער פאַר אַ גרויסען עולם אין מיטען גאַס געהאַלטען אַ פייערדיגע רעדע און פשוט גערופען צו אַ פּאָגראָם אויף יודען, האָפענדיג אַז יודען וועלען מוזען זיך שמד'ען, כדי צו ראַטעווען דאָס לעבען. דער אויפגערעגטער המון האָט זיך אַלאָז געטאָן אויף די יודען און עס האָט זיך שוין אָנגעהויבען אַ שרעקליכע הריגה; דאָס מאָל האָבען זיך אָבער פאַר יודען אָנגענומען די בעאַמטע פון שטאָדט און דער פּאָגראָם איז איינגעשטילט געוואָרען. איניגע פון די הויפּט־שולדיגע זענען זאָגאַר בעשטראָפט געוואָרען; אָבער מאַרטינעץ אַליין האָט ווייטער געפיהרט זיין אַגיטאַציע און סוף כל סוף זיך דערשלאָגען צו זיין ציעל. אין דריי חדשים שפּעטער האָט דער פּאָגראָם אין סעווילא זיך איבערגעחזר'ט מיט אַזאַ קראַפט, אַז אָבשטעלען איהם איז שוין געווען אוממעגליך. די קריסטען זענען אין איין פריהמאָרגען זיך צונויפגעלאָפען פון אַלע עקען שטאָדט צום יודישען קוואַרטאַל, איהם אונטערגעצונדען און אָנגעהויבען ראַבעווען און הרג'ענען. אַנ'ערך פון פיער טויזענד יודען זענען אין יענעם טאָג דערהרג'עט געוואָרען, פיעל זענען אַריינגעפאַלען אין געפענגעניש און דערנאָך פערקויפט געוואָרען צו די אַראַבער, די איבריגע האָבען איינגעוויליגט צו שמד'ען זיך, כדי צו ראַטעווען דאָס לעבען. צווישען די לעצטע איז געווען דון שמואל

אבארבאנעל, א געוועזענער הויכגעשטעלטער אין הויף ביי הענריך II; ביים שמד'ען זיך האט ער אנגענומען דעם נאמען יאהאן דע סעווילא.

דער רעליגיעזער פאנאטיזם האט אויפגעפלאקערט אין זיין גאנצער קראפט, די ווילדע אינסטינקטען פון המון האבען ערוואכט און די שחיטה אין סעוויליא איז געווען ווי א סיגנאל צו אנפאלען אויף יודען פון אלע זייטען. קוים זענען די אנפאלען שוין געווען אין גאנג, האט מען זיך שוין גערעכענט נישט בלויז מיט דער אידעע, אבצושמד'ען יודען מיט געוואלט — מען האט שוין געהרג'עט און געראבעוועט פשוט אויס האס און כדי צו פערחאפען דאס יודישע פערמעגען. עס האבען זיך אנגע- הויבען שרעקליכע אנפאלען אויף די אונבעוואפענטע הילפלאזע יודען. אין קארדאווא האט מען א טייל אויסגעהרג'עט און א טייל האבען לפנים זיך אבגעשמד'ט, כדי צו ראטעווען זיך פון טויט. אין טאלעדא האט מען די יודען געהרג'עט אויף די גאסען און אין די שוהלען. צווישען די מערטירער, וואס זענען געפאלען אויף קדוש השם, איז אויך געווען דער געלעהרטער יהודה בן אשר, א אור-אייניקעל פון דעם בע- ריהמטען רא"ש. אזעלכע שרעקליכע סצענעס זענען אויך פארגעקומען אין די איבעריגע שטעדט פון קאסטיליען; העכער 70 יודישע קהלות זענען מיט איין מאל חרוב געווארען, פיעל טויזענדער יודען זענען אויס- געהרג'עט געווארען און נאך גרעסער איז געוועזען די צאהל פון יענע יודען, וואס האבען נישט געהאט גענוג מוט בייצושטעהן דעם נסיון און מיט א וועהטאג אין הארצען געמוזט אננעהמען די קאטוילישע רעליגיע.

אין גיכען האט די עפידעמיע פון די פאגראמען ארומגעחאפט אויך אראגאניען, וואוהין עס זענען צוליעב דעם ארויסגעשיקט געווארען ספעציעלע אגיטאטארען פון סעווילא. אין וואלענסיא האבען יודען גע- פרובט ארויסווייזען א בעוואפענטען ווידערשטאנד, פערבאריקאדירט זיך אין זייער קווארטאל און דערהרג'עט פריהער עטליכע אנפאלער, אבער דאס האט נאך מעהר אויפגערייצט דעם המון און די פינפטויזענדיגע יו- דישע קהלה איז אינגאנצען חרוב געווארען. אין בארצעלאנא, דער יודי- שער הויפט-צענטר פון אראגאניען, האבען יודען זיך פערמאכט אין דער פעסטונג און זענען צוערשט געשטיצט געווארען דורך דער דארטיגער אדמיניסטראטיווער מאכט. דער אויפגערייצטער קאטוילישער המון האט אבער בעלאגערט די פעסטונג, זי איינגענומען און אונטערגעצונדען. דערזעהענדיג, אז קיין רעטונג איז נישטא, האבען א טייל יודען זיך לע- בענדיגערהייד דערשטאכען מיט מעסערס אדער זיך אראבגעווארפען פון

די פעסטונג-טורעמס און דערהרג'עט געוואָרען; אַנדערע האָבען אין
פערצווייפלונג זיך געוואָרפען אויף די שונאים און זענען אונטערגעקומען
אין קאַמפף; די איבעריגע האָבען פערראַטען זייער אמונה און נאָר נאָר
אַ קליינע צאָהל האָט זיך געראַטעוועט דורך ענטלויפען. די בלוט-דור-
שטיגע פאָגראָם-מאַכערס האָבען זיך נישט אָבגעשטעלט, זיי זענען גע-
גאַנגען ווייטער ביז צום אינזעל מאַיאָרקאַ; דאָ האָבען זיי אַכזריות'דיג
געהרג'עט יודען, געראַבעוועט זייער גוטס, חרוב געמאַכט זייערע הייזער
און זאָגאַר זיך נוקם געווען אָן יענע גוטע קריסטען, וואָס האָבען בײַ
זיך בעהאַלטען די געראָדפ'טע און געפּלאָגטע.

אין פערלויף פון דרײַ מאָנאַטען, פון יוני ביז אויגוסט 1391, האָ-
בען די שפּאַנישע יודען איבערגעלעבט אַזעלכע שרעקליכע צרות, ווי
זייערע עלטערען האָבען געהאַט אויסצושטעהן מיט דרײַ הונדערט יאָהר
צוריק אין דײַטשלאַנד בעת דעם קרייץ-צוג. נאָר מ'מוז זאָגען, אַז די
שפּאַנישע יודען זענען שוין ניט געווען אַזוי פעהיג אויף קדוש-השם, ווי
זייערע עלטערן. אין דײַטשלאַנד האָבען כמעט אַלע יודען מקריב גע-
ווען זייער לעבען און נאָר אַ קליינע צאָהל האָט לפנים אָנגענומען דאָס
קריסטליכע גלויבען. אין שפּאַניען איז שוין די צאָהל פון די, וואָס האָ-
בען זיך געלאָזען שמד'ען געווען פיעל גרעסער און דערגרייכט עטליכע
צעהנדליג טויזענד. די שפּאַנישע יודען זענען מעהרסטענטייל געווען
קולטורעל און רײַך, בײַ זיי איז דער אינסטינקט פון לעבען שוין גע-
ווען שטאַרקער, ווי בײַ זייערע אָרימע דערשלאָגענע ברידער אין דײַטש-
לאַנד, פאַר וועלכע דאָס לעבען איז געווען נישט מעהר, ווי אַ אָבקוי-
מעניש, און ווען דער חלף איז געלעגען אויפ'ן האַלז, ווען זיי האָט
געדראָהט דער באַלדיגער טויט, האָבען זיי אײַנגעשטימט אָנצונעהמען
לפנים דאָס קריסטליכע גלויבען, כדי בײַ אַ גוטער געלעגענהייט באַלד
זיך אומצוקעהרען צו דער אמונה פון זייערע אָבות. אַ טייל פון זיי האָ-
בען טאַקי אַזוי געטאָן און ווי נאָר עס איז אַריבער די געפאַהר, האָבען
זיי פערלאָזען שפּאַניען און זענען אַוועק אין אַנדערע לענדער; אָבער
פיעל האָבען קײַן מוט נישט געהאַט אָבצוזאָגען זיך פון זייער לעבען
און פערמעגען אין דעם לאַנד, וואו זיי זענען ערצויגען און אויפגעוואַק-
סען געוואָרען, און זיי האָבען אָפיציעל ווייטער געהייסען קריסטען,
בלײַבענדיג געהיים געטרײַע יודען. אַזויערנאָך איז ענטשטאַנען דאָס מאַ-
ראַנענטום, יענע אונגעהערטע לאַנגע פון מענשען, וואָס האָבען געמוזט
לפנים ערפילען אַלע קריסטליכע מנהגים און געזעצען און אין דער

שטיל, מיט מסירת נפש, ערפילען די דינים פון דער יודישער רעליגיע און אבהיטען זייער בונד מיט די איבעריגע ברידער. עס איז ענטשטאנען א בעזונדער קלאס פון אנוסים און דאס האט געבראכט צו שרעקליכע פאלגען סיי פאר די אנוסים אליין, סיי פאר די יודען, וואס זענען נאך אפיציעל געבליבען ביי זייער אמונה.

צו דער חרפה פון יודענטום האבען אין יענער שווערער צייט זיך געפונען יודען, וואס האבען פריהער זיך געטויפט צוליעב געוואלט, נאר דערנאך זענען זיי געווארען שוין באמת געטרייע קריסטען און זאגאר שונאים פון זייערע אייגענע ברידער, וועגען וועלכע זיי האבען פערשפרייט רכילות און בלבולים. אט די נייע קריסטען האבען דורך זייער פעררעט פיעל צרות אנגעטאן די געפלאגטע יודען. דער געפערליכסטער צווישען די יודישע פעררעטער און מוסרים איז געווען דער געוועזענער תלמודיסט שלמה הלוי פון בורגאס, וואס האט ביי׳ם שמד׳ען זיך אנגענומען דעם נאמען פאאול דע סאנטא מאריא (געבוירען אין 1351-52, געשטארבען אין 1435). ער האט גוט געקאנט די ביבעל און דעם תלמוד און זיך גערעכענט פאר איינעם פון די זיילען פון יודענטום. ער איז אבער דערצו געווען זעהר פראקטיש און האט געהאלטען, אז וויכטיגער פון אלץ אין דער וועלט איז מאכען זיך א קאריערע און לעבען א גוטען טאג. זייענדיג א מענש מיט א אונגעוועהנליכער אייגענליעבע און א הייסען טעמפעראמענט, איז איהם דער בית-המדרש באלד צו ענג געווארען און ער האט זיך געריסען צו דער גרויסער וועלט. ער האט זיך ערווארבען א גרויסארטיגען געשפאן מיט פיעל בעדינטע און אנגעהויבען טרוימען וועגען „גרויסקייט", ד. ה. וועגען אריינדרינגען אין הויף און דארט בעקומען א שטעל. די שרעקליכע געשעהענישען פון 1391 האבען איהם איבערצייגט, אז אלס יוד וועט ער דאס ניט דערגרייכען, און ער בעשליסט זיך צו 40 יאהר, זיין אמונה צו טוישען, וואס ס׳האבען איהם באלד נאכגעטאן זיין ברודער און זיינע פיער זיהן.

כדי צו דערגרייכען א הויכע שטעלע אין הויף איז אין יענער צייט געווען נאר איין וועג: אריינטרעטען אין שטאנד פון די גייסטליכע, און שלמה הלוי האט דאס געטאן. ער איז אוועק קיין פאריז, אריינגעטרעטען אין אוניווערזיטעט און זיך גענומען צו דער קריסטליכער טעאלאגיע. א דאנק זיינע קענטנישען אין העברעאיש האט ער געשווינד דערגרייכט זיין ציעל און באלד בעקומען דעם טיטול גלח. פון דאמאלס אן האט ער אנגעהויבען שטייגען אלץ העכער, און לויט דער רעקאמענדאציע פון

קארדינאל דע-לונא, וואס איז אין יאהר 1394 אויסגעקליבען געווארען אלס פויפסט אונטערן נאמען בענעדיקט דער 13-ער, האט פאול פון בורגאס בעקומען א אריינטריט אין קעניגליכען הויף און שטארק נושא חן געווען ביי הענריך III. פאול האט אנגעהויבען מיט היץ צו אגיטירען געגען דער „פאלשער" יודישער רעליגיע און געפרובט שריפטליך און מונדליך איבערערעדען פיעל פון די אנגעזעהענע יודען, זיי זאלען איבער-געהן צום קריסטענטום. ער האט זיך געווענדעט צום לייב-דאקטאר פון קייזערליכען הויף מאיר אלגואדעץ און נאך פיעל אנדערע יודישע גע-לעהרטע מיט א בריעף און זיך געסטארעט זיי צו איבערצייגען, אז זיי זאלען פערלאזען די אמונה פון זייערע עלטערן; די יודישע געלעהרטע האבען איהם נישט געשוויגען און איהם אבגעענטפערט אין א שארפער פאלעמיק. איינעם פון די שענסטע תשובות דעם רענעגאט פאול האט געגעבען דער יודישער דאקטאר יהושע לארקי, נאר שפעטער האט זיך זיך מתקנא געווען אן דעם פערדעטער, וואס האט געמאכט אזא גוטע קאריערע' און אליין אויך אנגענומען דאס קריסטליכע גלויבען. אויך דער פילאזאפישער דענקער חסדאי קרשקש איז ארויסגעטרעטען אלס דריים-טער קעמפפער פאר דער אמונה פון זיינע עלטערן; ער האט פערפאסט א פילאזאפישע אבהאנדלונג וועגען קריסטענטום און קריטיקירט די קריסט-ליכע דאגמאטען מיט א שטארקער ליידענשאפט, זיך גארנישט רעכנענ-דיג מיט דעם פייער, וואס זיין ווערק קאן ארויסרופען צווישען דער קריסטליכער בעפעלקערונג.

א שארפזיניגע סאטירע אויף דער טעמא האט אנגעשריבען איינער פון די אנוסים, וואס האט זיך צוריק אומגעקעהרט צום יודענטום, פראפיאט דוראן, א בעוואוסטער דענקער, דאקטאר, אסטראנאם און שפראך-קענער, וואס האט זיך גערופען מיט זיין יודישען נאמען יצחק בן משה הלוי און האט אין די בלוטיגע טעג פון 1391 געמוזט לפנים אנגעהמען די קריסטליכע רעליגיע. מיט איהם צוזאמען האט זיך אבגע-שמד'ט זיין חבר דוד באנגאזן, און ווי נאר עס איז אריבער די ערשטע געפאהר, האבען זיי ביידע בעשלאסען, אוועקצופאהרען קיין פאלעס-טינא און דארט זיך אומקעהרען צום יודענטום. זיי האבען פריהער איינ-געארדענט זייערע געשעפטען און דערנאך איז דוראן אוועק אין איינער פון די פארט-שטעדט אין פראנקרייך, וואו ער האט אבגעווארט זיין חבר. נאר ווי גרויס איז געווען זיין ערשטוינונג, ווען ער האט פון זיין חבר א בריעף בעקומען, אין וועלכען ער איז איהם מודיע, אז אונטער'ן

איינפלוס פון משומד פאאול פון בורגאס האט ער בעשלאסען, צו בלייבען ביי'ם קריסטענטום און ער בעט דוראנ'ען, אז ער זאל אויך דאס זעלבע טאן. דוראן האט דאן אבגעענטפערט זיין חבר מיט א ווערק, וואס האט צו זיך כמעט קיין גלייכען נישט אין דער יודישער ליטעראטור, לויט זיין איראניע און ניפטיגער סאטירע. דאס ווערק איז געשריבען אין אזא טאן, גלייך ווי דער מחבר עצה'ט זיינע לעזער, אז זיי זאלען ביי'ם קריסטענטום בלייבען און איז אין אלץ מסכים מיט די פרעדיגער פון שמד. „אל תהי כאבותיך" (זיי נישט, ווי דיינע עלטערן) הייסט דאס ווערק און מיט די ווערטער ווענדעט זיך דער מחבר יעדעס מאל צו זיינע לעזער און סטארעט זיך כלומר'שט זיי צו איבערצייגען, אז זייערע עלטערן זענען געווען פערנארישט, אין א פאלשען וועג געגאנגען און די קינדער דארפען שוין קליגער זיין און פערשטעהן די גרויסקייט פון קריסטענטום. אין דעם טאן איז אויסגעהאלטען דאס גאנצע ווערק און אונטער די ווערטער „אל תהי כאבותיך" איז בעהאלטען אזא איידעלע פערמאסקירטע סאטירע, אז די קריסטען האבען צוערשט נישט ווי געהעריג פערשטאנען די שארפע איראניע און געמיינט, אז דוראן פערטיידיגט באמת דאס קריסטענטום. ערשט שפעטער, ווען זיי האבען זיך געחאפט, אין וואס דא געהט, האבען זיי דאס ווערק פערברענט. „נישט זיי — ווערט דארט שארפזיניג געזאגט, — ווי דיינע עלטערן, וואס האבען פשוט געגלויבט אין אחדות האלהים און גארנישט פערשטאנען, אז גאט איז פיעלפאליג; וואס האבען פאלש אויסגעטייטשט די ווערטער „שמע ישראל, ה' אחד", פערשטעהענדיג דאס אין געוועהנליכען זין... נאר גלויב בעסער, אז גאט איז אי איין און איינציג אי דריי-איניג, גלויב, אז דריי איז געגליכען צו איינס און איינס צו דריי — א הייליגער אמת, וואס מען קאן איהם נישט בעגרייפען מיט'ן אויער און ארויסרעדען מיט'ן מויל. זיי נישט, ווי דיינע עלטערן, וואס האבען געגלויבט, אז די טבע פון גאט קאן זיך נישט ענדערן אין קיין שום פארם, און אז גאט איז אהן א געשטאלט און אהן א מאס, נאר גלויב בעסער, אז"... און אזוי ווייטער אין דעם זעלבען טאן, אונטער וועלכען עס איז בעהאלטען א שארפע, בייזע קריטיק פון דער קריסטליכער אמונה. — דוראן האט אויך אנגע-שריבען א פאפולערען פירוש צום „מורה נבוכים" און צום אבן-עזרא, א גראמאטיק, ווי אויך א היסטארישע חראניק וועגען די מיטעלאלטערישע רדיפות אויף יודען (זכרון השמד), וועלכע איז, צום בעדויערן, נישט פערבליבען.

נאָך די בלוטיגע געשעהנישען פֿון 1391 איז פֿאַר יודען געקומען אויף אַ קליינע צייט אַ פֿערהעלטנישמעסיגע בערוהיגונג. דער קעניג העגריך דער דריטער, וועלכער איז מינדיג געוואָרען, האָט בעשטראָפֿט דעם הויפּט-שולדיגען פֿון די פּאָגראָמען מאַרטינעץ מיט תפיסה אין מאָנאַסטיר, נאָר אין ניכען האָט ער איהם געמוזט בעפֿרייען, ווייל די מאַסע האָט איהם פֿערגעטערט און געהאַלטען פֿאַר אַ קדוש. העגריך דער דריטער האָט אַרויסגעגעבען אַ בעפֿעהל, שטרענג צו בעשטראָפֿען יעדען, וואָס וועט אָנפֿאַלען אויף'ן לעבען און פֿערמעגען פֿון יודען, און כל זמן העגריך האָט געלעבט האָט די אַגיטאַציע פֿון די יודישע שונאים געמוזט געפֿיהרט ווערען אין בעגרענצטע ראַהמען, נאָר מיט'ן טויט פֿון דעם קעניג (1407), ווען אָנשטאָט זיין יונגען טראָן-פֿערטרעטער, יאָהאַן דער צווייטער, האָט רעגירט מיט דער מלוכה אַ רעגענט, האָט די רעליגיעזע אַגיטאַציע געגען יודען אָנגענומען אַ שאַרפֿען כאַראַקטער. מיט דער ערציהונג פֿון יונגען קעניג האָט זיך פֿערנומען פּאַאול פֿון בורגאָס, דאַמאָלס שוין אַ בישאָף, און דער דאָזיגער רענעגאַט, וואָס האָט זיך אַרומגעטראָגען מיט דער אידעע אָבצוטויפֿען אַלע שפּאַנישע יודען, האָט יעצט געקאָנט פֿריי פֿיהרען זיין שענדליכע טעטיגקייט. פֿריהער פֿון אַלץ האָט ער זיך בעמיהט אָבצורוימען פֿון פּלאַץ דעם קאַסטילישען הויפּט-ראַבינער ר' מאיר אַלגואַדעץ, וואָס האָט געהאַט אַ שטעל אין קעניגליכען הויף און וואָס איז געווען שטאַרק פֿערהאַסט פֿון דעם משומד פּאַאול. צוליעב אַ בלבול אויף די יודען אין סעגאָוויען, אַז זיי האָבען געשענדעט די קירכען-האַסטיע, האָט מען אַרעסטירט דעם רב אַלגואַדעץ און איהם געפּייניגט; דורך שרעקליכע ענוים האָט מען ביי איהם אַרויסבעקומען אַ געצוואונגענע הודאָה, אַז ער, אַלס לייב-אַרצט, איז שולדיג אין פֿאַרצייטיגען טויט פֿון קעניג העגריך און אויף'ן גרונד פֿון די ווערטער האָט מען איהם פֿער'משפּט צו אַ מערדערליכען טויט. אַזאַ סוף האָבען אויך געהאַט די בעשולדיגטע יודען אין סעגאָוויען און אַ דאָרטיגע שוהל איז פֿערוואַנדעלט געוואָרען אין אַ קירכע.

ווען מען איז פּטור געוואָרען פֿון ר' מאיר אַלגואַדעץ און אין הויף איז שוין נישט געבליבען מעהר קיינער, וואָס זאָל זיך אָננעהמען פֿאַר יודען, האָט די יודענפֿיינדליכע פּאַרטיי בעקומען פֿליגעל. מען האָט, ערשטענס איבערצייגט דעם הויף, אַז יודען זענען זעהר שעדליך אין דער היגזיכט, וואָס זיי רעדען אָב פֿון יודענטום יענע יודען, וואָס האָבען שוין איינמאָל זיך אָבגע'שמד'ט, און דעריבער דאַרף מען געגען

די יודען אָנגעהמען די אַלטע מיטלען. אין 1412 איז פערעפענטליכט געוואָרען אַ קעניגליכער עדיקט, לויט וועלכען יודען האָבען פערלוירען זייערע בירגערליכע רעכטען. יודען איז ערלויבט געוואָרען צו וואוינען נאָר אין בעזונדערע יודישע קווארטאַלען; זיי איז פערבאָטען געוואָרען אריבערצוציהען זיך פון איין שטאָדט אין דער צווייטער, בעשעפטיגען זיך מיט פרייע פראָפעסיעס און מעדיצין, האַנדלען מיט קריסטען און האַלטען קריסטען אַלס בעדינטע ביי זיך. די יודישע געמיינדע האָט פערלוירען דאָס רעכט צו האָבען אַ אייגענעם געריכט. יעדער יוד האָט געמוזט טראָגען אַ ספעציעלען בגד, אַ לאַנגען, פון דיקען טוך, און אויך אַ ספעציעלען „יודישען צייכען" אויף דער הוט. אויך איז יודען פערבאָטען געוואָרען צו טראָגען דעם שפּאַנישען טיטול „דאָן", האַלטען געוועהר און זאָגאַר ראַזירען די באָרד. אַ יוד, וואָס וויל עמיגרירען פון קאַסטיליען אין אַ אַנדער לאַנד ווערט בעשטראָפט דורך קאָנפיסקאַציע פון זיין פערמעגען און ער אַליין ווערט אַ לייב-אייגענער פון קעניג. דורך די דאָזיגע אַכזריות'דיגע מיטלען האָט מען געוואָלט ברעכען דעם יודישען שטאָלץ און ענדליך זיי צווינגען אַריבערצוגעהן צום קריסטענטום. פאַר די יודען, וואָס זענען נישט געוועזן פעסט אין זייער אמונה אָדער וואָס האָבען נישט געקאָנט אַריבערטראָגען אַזאַ רעכטלאָזע לאַגע, זענען די דאָזיגע מיטלען ווירקליך געוועזן אַ גרויסע סכנה.

אָבער דערמיט האָט מען זיך נאָך נישט בעגנוגענט און יודען האָט מען געשלעפּט מיט געוואַלט אין די קירכען און זיי געדראָהט מיט טויט. אין שפּאַניען האָט צו יענער צייט געאַרבייט דער צווייטער מאַרטינעז, דער נייער צורר ישראל ווינצענטי פערער. דער דאָזיגער בייזער מאָנאַך, וואָס איז געוועזן אַרומגערינגעלט מיט אַ סוויטע פון פאַנאַטישע אָנהענגער, האָט געוואַנדערט איבער שפּאַניען, פראַנקרייך און איטאַליען און געפּרעדיגט וועגען תשובה טאָן און וועגען האַס צו די אונגלויביגע, די יודען און מוסולמענער. עס איז אַ סברא, אַז אונטער דער השפּעה פונ'ם דאָזיגען פאַנאַטישען מאָנאַך האָט פּאַפּסט פון בורגאָס איינגעשטימט זיך אָבצושמד'ען, נאָר יעדענפאַלס איז בעוואוסט, אַז פּאַול איז געוועזן זעהר בעפריינדעט מיט פערער'ן און ענערגיש געשטיצט זיין טעטיגקייט. אַ דאַנק זייער ווירקונג איז אַרויס דער עדיקט פון 1412 און זיי האָבען דאָס אויך אָרגאַניזירט די מיסיאָנערישע אַגיטאַציע איבער גאַנץ שפּאַניען, אַרומגערינגעלט דורך אַ המון פון מאָנאַכען איז פערער געגאַנגען פון שטאָדט צו שטאָדט, מיט אַ קרייץ אין

דער האַנד זיך אַרײַנגעריסען אין די יודישע שוהלען און מיט אַ הילכיגער שטים געפאָדערט פון יודען, אַז זיי זאָלען אָננעהמען דאָס קריסטענטום. די ליידענשאַפטליכע געשרייען פון די פאַנאַטישע מאָנאַכען האָבען אַרויפגעוואָרפען אַ פחד אויף אַלע. דאָס איז שוין געווען נישט קיין פשוטע אַגיטאַציע, נאָר אַ מין וואַקחאַנאַליע. יודען זענען געריצט געוואָרען, זיי האָבען זיך דערמאָהנט אָן די ערשט-איבערגעלעבטע שרעקליכע טעג אין סעווילאַ, זיי האָבען דערזעהען פאַר זיך אומעטום אויפגערייצטע מענגעס קריסטען, וואָס שטעהען אָנגעגרייט און וואַרטען נאָר אויף אַ סיגנאַל, אָנצוהויבען אַ נייע שחיטה, און אין פיעל שטעדט האָבען יודען מאַסענוויז אָנגענומען די קריסטליכע רעליגיע און די אַנוסים האָבען זיך מתודה געווען און צוגעזאָגט צו ווערן גוטע קאַטוילִיקען. פאַר יענער צייט האָבען פון נויט זיך אָבגעשמד'ט העכער 10 טויזענד יודען און דערמיט זיך געראַטעוועט פון פאָגראָמען, שחיטות און ענוים. נאָר דער יודישער שריפטשטעלער פון יענער צייט שלמה אַלעמי ווייזט אָן, אַז אויסער די שרעקליכע צוואַנגס-מיטלען איז אין דעם מאַסען-שמד געווען שולדיג אויך די אַלגעמיינע דעמאָראַליזאַציע. אין זיין „אגרת המוסר“ זאָגט אַלעמי, אַז אַ דאַנק דעם טרוקענעם פאָרמאַליזם פון די רבנים פון איין זייט, און די פילאָזאָפישע חקירות פון דער צווייטער זייט איז פיעל אָבגעשוואַכט געוואָרען דאָס פשוטע רעליגיעזע געפיהל; די מאָראַלישע זיטען פון יודען זענען שטאַרק געפאַלען, די נאַציאָנאַלע אחדות איז אָבגעשוואַכט געוואָרען; די יודישע עשירים האָבען זיך אָנגעהויבען שטופען צו דער שפּאַנישער אַריסטאָקראַטיע, חאָטש יענע שטויסט זיי אָב פון זיך, עס האָט זיך ענטוויקעלט צווישען יודען דער חשק צו אַ גוט הרחבה'דיג לעבען, דעריבער איז אַזוי שווער געווען אַריבערצוטראָגען די פלוצלונגע בעגרענצונגען און רדיפות און דערפון האָט זיך גענומען דער מאַסען-שמד.

דאָס זעלבע וואָס אין קאַסטיליען איז אויך פאָרגעקומען מיט די יודען אין אַראַגאָניען. אויך דאָרט האָט מען יודען געפייניגט און געפלאָגט און אויך דאָרט האָבען עטליכע טויזענד יודען געמוזט זיך שמד'ען. אַבער דאָס אַלץ איז נאָך פאַר די פאַנאַטישע קאַטוילִיקען ווינציג געווען, זייערע אַפּעטיטען זענען געווען גרויס און ווען מען האָט שוין אויסגעפּרובט אַלערליי צוואַנגס-מיטלען, האָט מען זיך גענומען נאָך צום אַלטען מיטעל פון קאָמפּראָמיטירען דאָס יודענטום דורך אַ עפענטליכען וויכוח מיט די רבנים, און דערנאָך פאָדערן פון די „בעזיגטע“, אַז זיי

זאָלען זיך אונטערגעבען, ד. ה. שמד'ען זיך. דעם געדאַנק וועגען אזא עפֿענטליכען דיספוט האָט געגעבען דער איבענדערמאָהנטער משומד יהושע לאָרקי, וועלכער האָט ביים טויפֿען זיך אָנגענומען דעם נאָמען היעראָנימאָ דע סאַנטא-פֿע. דער דאָזיגער געוועזענער קעמפֿער פֿאַר'ן יודענטום איז יעצט געוואָרען אַ הייסער פֿריינד פֿון די יודישע אונטער-דריקער און ער אַליין האָט זיך פֿאָרגענומען צו בעזיעגען די רבנים דורך ראיות פֿון דער יודישער ליטעראַטור גופא און אַליין אויך צוזאַ-מענגעשטעלט דעם גאַנצען פּלאַן פֿון דעם דיספוט. לויט דעם פּלאַן האָט מען פֿריהער געדאַרפֿט זיך פּרובען איבערצייגען די רבנים דורך ראיות פֿון תלמוד, אז משיח איז שוין געקומען, נאָר אויב דאָס וועט זיך נישט איינגעבען, דאַן דאַרף מען ערקלערען, אז דער תלמוד איז אַ געפֿעהר-ליך בוך און זיינע אָנהענגער קאָנען אַלזאָ נישט האָבען קיין פּלאַץ אין קיין מלוכה

ענדע 1412 האָט בענעדיקט דער 13-ער מיט דער הסכמה פֿון קעניג פֿונאַנדערגעשיקט צו אַלע בעוואוסטע רבנים און אָנגעזעהענע לייט פֿון די יודישע געמיינדעס אין אַראַגאָניען אַ איינלאַדונג צו קומען אויף דעם עפֿענטליכען רעליגיעזען דיספוט און פֿאַר ניט קומען האָט מען געדראָהט מיט דער שטרענגסטער שטראָף. די יודישע געמיינדעס האָבען געמוזט פֿאָלגען און עס זענען אַרויסגעשיקט געוואָרען קיין טאָרטאָזא 22 יודישע דעלעגאַטען, צווישען וועלכע עס האָבען פֿערנומען דעם הויפּט-פּלאַץ: ווידאַל בנבנשתי אבן לביא פֿון סאַראַגאָסאַ, אַ אַריסטאָקראַט, אַרצט און פּאָעט; דער „בעל העקרים", ר' יוסף אַלבאָ; זכריה הלוי סאַלאַדען פֿון סאַראַגאָסאַ און אַנדערע. דער בעריהמטער דיספוט האָט זיך אָנגעהויבען אין פֿעברואַר 1413 און געדויערט אַ יאָהר מיט 9 מאָנאַ-טען, פֿערנעהמענדיג 69 זיצונגען. דער דיספוט איז פֿאָרגעקומען זעהר פֿייערליך. דער פֿאָרזיצענדער איז מעהרסטענטייל געווען בענעדיקט דער 13-ער, וועלכער איז געווען אַרומגערינגעלט מיט בישאָפֿען, וועלטליכע הויכגעשטעלטע לייט און גראַנד-דאַמען; דעם הויפּט-אַנטייל אין די וכוחים האָט גענומען יהושע לאָרקי, וועלכער האָט מיט גרויס היץ זיך בעסטאַרעט צו בעווייזען די ריכטיגקייט פֿון קאַטוילישען גלויבען דורך ציטאַטען פֿון ביבעל און פֿון דער אַגדה. נאָר זיינע יודישע אָפּאָנענטען האָבען איהם גוט אָבגעענטפֿערט און לייכט צוקלאַפּט זיינע טענות, הגם זיי האָבען זיך געהאַלטען זעהר געלאַסען און ניט געבראַוכט קיין שאַר-פֿען אויסדרוק געגען יודישען רענעגאַט. די יודישע דעלעגאַטען האָבען

זיך געהאַלטען שטענדיג אייניג און בעראַטען זיך. נאָר איינמאָל,
ווען עס איז געוועזען אַ רעד וועגען אייניגע צווייפעלבאַרע ערטער אין
דער אַגדה, האָבען די מיינונגען זיך צוטיילט: דאָס רוב דעלעגאַטען,
פּריוואַטע מענשען, האָבען זיך אַרויסגעזאָגט, אַז די אגדה איז נישט קיין
היילינטום און איז פאַר יודען קיין פליכט נישט; די מעהר קאָנסערוואַטיווע,
ווי ווידאַל און אַלבו, זענען געבליבען ביי דער מיינונג, אַז אויך די
אגדה איז פאַר יודען הייליג. בענעדיקט האָט זיין טאַקטיק בנוגע צו די
יודישע דעלעגאַטען יעדעס מאָל געביטען. דאָ איז ער געווען ווייך, דאָ
שטרענג, נאָר זעהענדיג, אַז נישט מיט גוטען און נישט מיט בעזען וועט
מען בעזיעגען די פערעקשנ'טע יודען, האָט ער געפּרובט ווירקען אויף זיי
דורך אַ דעמאָנסטראַציע: ער האָט געהייסען ברענגען פיעל יודען, וואָס
האָבען בעת די בלוטיגע געשעהנישען געמוזט טויפען זיך און דאָ אויפ'ן
אָרט אויסגעפיהרט אויף זיי די טויף-צערעמאָניע. דערמיט האָט דער
פּויפּסט בענעדיקט געוואָלט דערמאָנען די יודישע דעלעגאַטען, אַז פיעל
יודען זענען שוין אָבגעשמד'ט און אַז אויף אַ העלפט האָט דאָס יודענטום
שוין פערשפּיעלט. די דאָזיגע סצענע האָט אויף די דעלעגאַטען געמאַכט
אַ שווערען איינדריק און זיי פערשאַפט פיעל יסורים, אָבער געווירקט
אויף זיי האָט דאָס נישט און זיי זענען געבליבען ביי זייעריגען.

דער דיספּוט, וואָס האָט זיך פערצויגען כמעט צוויי יאָהר, האָט
צום גרויסען בעדויערן פון בענעדיקט און זיינע אנהענגער נישט געבראַכט
צו די געוואונשטע רעזולטאַטען. קיינער פון די רבנים האָט זיך נישט
אָנערקענט פאַר בעזיגט און דער צורייצטער פּויפּסט האָט אויסגעגאָסען
זיין צאָרן אין אַ בעזוער בולאַ געגען יודען. אין דער בולאַ האָט ער בע=
פויהלען: אויסזוכען און פערברענען אַלע עקזעמפּליאַרען פון דעם „גאָט=
לעסטערנדען" תּלמוד, ווי אויך אַלע פּאָלעמישע ביכער געגען קריסטענ=
טום; איבערלאָזען פאַר יודען אין יעדער שטאָדט נאָר איין איינציגע
שוהל; מיט אַלע מיטלען אָבזונדערן יודען פון קריסטען; קריסטען
זאָלען נישט בעדינען יודען זאָגאַר מיט דער מינדסטער זאַך, ווי למשל
אויסלעשען די ליכט אום שבת, צווינגען די יודען צוהערן ניט ווינציגער
פון דריי מאָל אין יאָהר די מיסיאָנערישע דרשות. נאָר די דאָזיגע
אכזריות'דיגע בעפעהלען איז נישט בעשערט געווען דורכגעפיהרט צו ווערן
אין לעבען. ווייל באַלד נאָכדעם האָט דער קירכען-קאָנגרעס אַראָבגע=
וואָרפען בענעדיקטען פון זיין פּאָסטען און אויסגעקליבען אַלס פּויפּסט
מאַרטין דעם 5-טען, וועלכער האָט זיך בעצויגען צו יודען מעהר פריינדליך

און אַרויסגעגעבען אַ בעפֿעהל, אַז מען זאָל יודען נישט אָנריהרען, „ווייל זיי זענען בעשאַפֿען געוואָרען מיט דעם צלם אלהים און דאָס רעשט פֿון דעם פֿאָלק וועט נאָך אַמאָל זוכה זיין צו גאָטס גנאָד“. בענעדיקטס פֿריינד האָבען איהם באַלד פֿערלאָזען און אייניגע פֿון זיי, ווי יהושע לאָרקי, זענען געשווינד אַראָב פֿון דער סצענע.

נאָך די בלוטיגע מאָנאַטען, וואָס די קאַסטילישע יודען האָבען איבערגעלעבט, איז פֿאַר זיי ווידער געקומען אַ קליינע צייט פֿון רוה און פֿרידען. די קלעריקאַלע פּאַרטיי, וואָס האָט רעגירט מיט'ן לאַנד אָנשטאָט דעם יונגען קעניג, איז בטל געוואָרען און דער קעניג פֿון קאַסטיליען יאָהאַן דער צווייטער איז געוואָרען אַ זעלבסטשטענדיגער הערשער (1420). אָנפֿיהרער פֿון דער אינערליכער פּאָליטיק איז געוואָרען דער ליבעראַל אַלוואַראָ דעלינאַ, וואָס האָט פֿערשטאַנען, ווי וויט שעדליך עס איז פֿאַר'ן לאַנד די קלעריקאַלע פּאָליטיק. ער האָט געזעהען די טרויעריגע רעזולטאַטען פֿון דעם קלעריקאַלען טעראָר: הונדערטער יודישע קהלות זענען חרוב געוואָרען, די אינדוסטריעלע געביטען, וואָס האָבען זיך געפֿונען אין די הענד פֿון די יודען, זענען יעצט געפֿאַלען, און די מלוכה-פֿינאַנסען, וואָס זענען פֿריהער געשטאַנען אויף אַ הויכער מדרגה אַ דאַנק די פֿעהיגקייטען פֿון די יודישע באַנקירען און צינזען-אָבקויפֿער, זענען יעצט זעהר פֿערפֿלאָנטעט געוואָרען. דאָס האָט פֿערשטאַנען די נייע רעגירונג און זי האָט בעשלאָסען צוריקצושטעלען דעם שלום אין לאַנד. יודען האָבען צוריקבעקומען זייערע רעכטען, די פֿעהיגע יודישע אונטערנעהמער זענען איינגעלאַדען געוואָרען אָנצונעהמען אין אַרענדע אייניגע רעגירונגס-הכנסות און די יודישע געמיינדעס האָבען בעקומען די מעגליכקייט צוריקצושטעלען און איינאָרדנען זייער זעלבסט-פֿערוואַלטונג.

אַ גרויסען איינפֿלוס ביים הויף האָט בעקומען דער יודישער כלל-טוער אברהם בנבנישתי, הויפּט-ראַבינער פֿון די קאַסטילישע יודישע געמיינדעס. ער האָט אָפֿיציעל פֿערוואַלטעט מיט אַלע יודישע אָנגעלעגענהייטען און איז אויך געוועזען זייער הויפּט-ריכטער אין גייסטיגע און ציווילע משפּטים. בענוועניסטע האָט געהאַט פֿאַר זיך אַ שווערע אויפֿגאַבע. ער האָט געדאַרפֿט צוריק אויפֿבויען דאָס יודישע געזעלשאַפֿטליכע לעבען, וואָס איז צוליעב די פּאָגראָמען און רדיפֿות רואינירט געוואָרען. אין פֿיעל שטעדט איז זאָגאַר נישט געוועזען קיין שוהל צום דאַווענען, ווייל בעת דעם טעראָר זענען פֿיעל שוהלען פֿערוואַנדעלט געוואָרען אין קירכען. די

יעזועלשאפטליכע דיסציפּלין איז געפאלען, אומעטום האָט געהערשט א דעמאָראליזאציע און אָבגעלאָזענקייט. די יודען, וואָס האָבען אָנגעקליבען פיעל עשירות, האָבען געלעבט א גוטען טאָג און ארויסגערופען קנאה ביי דער קריסטליכער בעפעלקערונג, די מאסע, ווידער, האָט געהונגערט און נויט געליטען. דאָס אלץ האָט געצוואונגען בענוועניסטען צונויפצורופען, מיט דער ערלויבניש פון קעניג, א רבנים־צוזאמענפאָהר אין וואליאדאָלידא (1432). לויט דער אלטער אויטאָנאָמיע פון די יודישע געמיינדעס האָט מיט יעדער געמיינדע, אָדער קהל פערוואלטעט א קאָמיטעט פון אויסגעוועהלטע, וואָס האָט זיך איינגעטיילט אויף פערשידענע קאטעגאָריעס: קאסירער, רעוויזאָרען א. אז. וו. דאָס גייסטליכע קאָלעגיום איז בעשטאנען פון רב און דינים. דאָס דאָזיגע קאָלעגיום האָט געהאט אלע רעכטען פון א געריכט; אין איהם פלעגען בעטראכט ווערן אלע פּראָצעסען מיט דער בעטייליגונג פון די וועלטליכע פאָרשטעהער. דער העכסטער פאָרשטעהער אין דעם קאָלעגיום איז געווען דער הויפּט־ריכטער אין יענער צייט — אברהם בענוועניסטע. אָט די אלע פאָרמען פון זעלבסטפערוואלטונג זענען יעצט צוריקגעשטעלט געוואָרען דורכ'ן צוזאמענפאָהר פון די רבנים, נאָר עס זענען נאָך צוגעגעבען געוואָרען איינינגע הוספות לויט דעם גייסט פון דער צייט. דער צוזאמענפאָהר האָט אָנגענומען א רייהע מיטלען צו פערפעסטיגען דעם אויטאָריטעט פון די רבנים, מעהר פערשפּרייטען דאָס לערנען תלמוד און ערציהען די קינדער אין יודישען גייסט. פאר א מסירה האָט מען איינגעפיהרט די שטרענגסטע שטראָפען. יודען, איבערהויפּט פרויען, איז פערבאָטען געוואָרען צו געהן אין רייכע קליידער. טראָגען זיידענע מלבושים מיט שלייפען, פערל, בראסלעטען און בכלל לעבען אין לוקסוס, כדי ניט ארויסצורופען קיין קנאה ביי דער אָרימער קריסטליכער בעפעלקערונג.

די יודענפיינדליכע פארטיי האָט נישט געקאָנט צוזעהען אָהן פערדראָס, ווי אזוי די בעציהונגען צווישען דער רעגירונג און יודען ווערן אלץ בעסער און ווי די זעלבסטפערוואלטונג פון די יודישע קהלות ווערט צוריק אויפגעבויט; זי האָט דעריבער ווידער אָנגעהויבען פיהרען אנ'אגיטאציע געגען יודען. מיט דער אגיטאציע האָבען אָנגעפיהרט די זיהן פון משומד פּאאול פון בורגאָס, צווישען וועלכע איינער, אלפאָנס, האט איבערגענומען בירושה פון פאָטער די שטעל פון בישאָף. אויפ'ן בעריהמטען באזעלער קירכען־קאָנגרעס, וואו אלפאָנס איז געווען א מיטגליד, האָט ער ווידער ערוועקט די יודענפראגע און געפועלט, אז עס זאָלען

ווידער ארויסגעגעבען ווערן די אלטע קאנאנישע געזעצען געגען יודען. דער בעשלוס פון קאנגרעס איז בעשטעטיגט געווארען דורכ'ן פויפסט עווגעניוס IV, וועלכער האט וועגען דעם מודיע געווען אין א ספעציעלער בולא צום פאלק. יודען איז ווידער פארגעשטאנען א גרויסע סכנה. די קאטוילישע מאסע איז אונטער'ן איינפלוס פון דער בולא אויפגערייצט געווארען און אנגעהויבען אויסמיידען יודען. די קריסטליכע בעדינער ביי יודען האבען פערלאזען זייערע בעלי-בתים און די פאגראם-שטימונג איז ווידער בעשאפען געווארען. דאן האט דער קעניג ארויסגעגעבען א בעפעהל, אין וועלכען עס ווערט ערקלערט, אז נישט קוקענדיג אויף דער בולא ווערט יודען נישט פערבאטען צו פיהרען האנדעל מיט קריסטען נאר בענוצען יודישע אדער מוסולמאנישע דאקטוירים דארף מען נישט דארט, וואו מען קאן זיך בעגעהן אהן זיי. דאך איז געבליבען אין זיין קראפט דאס געזעץ, אז יודען זאלען וואוינען אין בעזונדערע קווארטאלען און טראגען ספעציעלע מלבושים. אזוי שטארק איז דאן געווען דער קלעריקאליזם, אז אפילו מלכים האבען נישט געקאנט געגענשטעלען זיך.

אין יענער פינסטערער צייט האבען יודען געפונען א שטיקעל מנוחה אין פארטוגאליען. בעת די בלוטיגע פאגראמען האט זיך צום ערשטען מאל אנגעהויבען א גרויסע יודישע מאסען-עמיגראציע פון שפאניען. די יודען האבען איבערהויפט עמיגרירט אין די דריי נאהנסטע פונקטען: פארטוגאליען, דער דרום-טייל פון גרענאדא, וואס האט זיך דאמאלס נאך געפונען אין די הענד פון די מוסולמאנער, און צפון-אפריקא. אין פארטוגאליען האט זיך יודען פון שטענדיג אן געלעבט רוהיג; פון ענדע דעם 13-טען יאהרהונדערט האבען די יודישע קהלות אין פארטוגאליען בעקומען א זעלבסט-פערוואלטונג. בראש פון די קהלות איז געשטאנען דער הויפט-ראבינער, וואס איז גערעכענט געווארען אלס אפיציעלע פערזאן און געהאט געריכטליכע און ציווילע רעכטען. אם ענדע פון 14-טען יאהרהונדערט איז פארגעקומען א פאל, אז די פראגע ווערען פערנעהמען די שטעל פון הויפט-ראבינער אין פארטוגאליען, האט זיך צוזאמענגעבונדען מיט דער פראגע וועגען טראן. ווען דער קעניג פערדינאנד (אין 1383 איז געשטארבען, נישט איבערלאזענדיג קיין געזעצליכע טראן-פערטרעטער, זענען געווען צוויי פרעטענדענטען אויף דער קרוין: זיין אונגעזעצליכער זוהן יאהאן דע-אוויע און זיין איידים, דער קאסטילישער קעניג יאהאן דער 1-טער, וועלכער האט געהאט די טאכטער פון קעניג פערדינאנד פאר א פרוי. די שוויגער, קעניגין לעאנארא, איז צוערשט געשטאנען

אויף דער זייט פון איהר איידעם, דעם קאַסטיליִשען קעניג. נאָר אין דער צייט האָט זיך געטראָפען, אַז עס איז פריי געוואָרען די שטעל פון פּאָרטוגאַליִשען הויפּט־ראַבינער און אויך דאָ זענען געווען צוויי פּרע־טענדענטען: דאָן־יהודה און דוד נעגראָ, וואָס האָבען פערנומען וויכטיגע פּאָסטענס אין הויף פון פערשטאָרבענעם קעניג. די קעניגין לעאָנאָראַ האָט געוואָלט דעם ערשטען קאַנדידאַט און געבעטען איהר איידעם, ער זאָל בעשטימען אַלס הויפּט־ראַבינער דאָן־יהודה; דער קעניג האָט שוין אָבער, לויט דער בקשה פון זיין פרוי, געהאַט צוגעזאָגט די דאָזיגע שטעלע דעם צווייטען קאַנדידאַט. דאַמאָלס איז די קעניגין לעאָנאָראַ זעהר אויפגעבראַכט געוואָרען און ערקלערט איהר איידעם, אַז אויב ער קאָן איהר ענטזאַגען אין אזא קלייניגקייט, האָט ער מעהר נישט צו רעכנען אויף איהר שטיצע. נאָך פיעל אינטריגעס האָט דער קעניג געמוזט זיך ענטזאַגען פון זיין טראָן צוליעב זיין קאָנקורענט, אָבער אויך נאָכדעם איז די יודישע לאַגע אין פּאָרטוגאַליען געבליבען גוט. אין דער צייט פון דער סעוויליער שחיטה אין 1391 האָבען יודען דאָרט גע־פונען אַ בית־מקלט און זאָגאַר די אנוסים האָבען דאָ געקאָנט פריי היטען די יודישע אמונה. דער קעניג האָט אזוי ווייט געשטיצט די יודען, דאָס ווען דער בעריהמטער פּערער האָט אהין געוואָלט קומען און פיהרען זיין געפעהרליכע אַגיטאַציע, האָט דער קעניג איהם געענטפערט, דאָס ער קאָן קומען אָבער נישט אַנדערש, ווי מיט אַ אָנגעגליהטער אייזערנער קרוין אויפ׳ן קאָפּ

די אונרוהיגע צייט אין לעבען פון די שפּאַנישע יודען האָט זיך אויך אָבגערופען אויף דער יודישער ליטעראַטור פון יענער צייט. ווי שטענדיג אין שווערע צייטען, ווען פון אַלע זייטען האָט מען ערקלערט אַ מלחמה דאָס יודענטום, האָבען די בעסטע יודען געזוכט מיטלען עס צו פערשטאַרקען, און עס איז בעשאַפען געוואָרען אַ שטרעבונג, פון איין זייט אָבצוגרענצען זיך פון דער אַרומיגער וועלט און וואָס מעהר צו פערפעסטיגען דאָס יודענטום אַלס רעליגיע, און פון דער צווייטער זייט צו ענטוויקלען דאָס יודענטום אַלס וועלט־אַנשויאונג און בעווייזען, אַז די יודישע אמונה שטעהט העכער פון אַלע אַנדערע.

בעסטע פאָרשטעהער פון דער דאָזיגער קאָנסערוואַטיוו־נאַציאָ־נאַליסטישער ריכטונג זענען געווען די יודישע פילאָזאָפען פון דיעזער צייט ר׳ חסדאי קרשקש און ר׳ יוסף אַלבו. דער ערשטער (1340—1410), וואָס האָט פריהער געלעבט אין באַרצעלאָנאַ און דערנאָך אין

סאראגאסא, האט אין דער רבנישער וועלט געשמ'ט אלס גרויסער אויטאריטעט, און האט אויך זיך בעטייליגט אין געזעלשאפטליכען לעבען. אין 1391, בעת דער שחיטה אין בארצעלאנא, האט ער פערלוירען זיין איינציגען זוהן, זעהר א שענעם און פעהיגען בחור, וועלכער האט זיך געלאזען בעסער טויטען, איידער אנצונעהמען די קריסטליכע אמונה. דער בעטריבטער פאטער האט אין זיין פלוג-בריעף צום פאלק וועגען דעם געשריבען מיט הכנעה: „איך האב אבגעגעבען מיין זוהן אלס קרבן פאר גאט. איך נעהם אן גאטס גערעכטען משפט און טרייסט זיך דערמיט, וואס אויפ'ן חלק פון מיין זוהן איז אויסגעפאלען אזא שענער טאט”. זיין פערזענליכער גרויסער אומגליק האט איהם דאך נישט געשטערט, צו פערטיעפען זיך אין פילאזאפישער ארבייט. אלס אויסגעצייכענטער קענער פון דער אראביש-העברעאישער ליטעראטור האט ר' חסדאי קרעסקאס זיך פארגענומען, איננאנצען חרוב צומאכען די דאזיגע פעסטונג. דאס האט ער געטאן נישט דערפאר, ווייל ער איז בכלל געווען א געגנער פון פילאזאפיע, נאר דערפאר, וואס ער האט געהאלטען, אז אין דער יודישער ליטעראטור זענען אריינגעטראגען געווארען פיעל אנשויאונגען, וועלכע זענען פרעמד דעם יודענטום און דעריבער דארפען זיי אבגעווארפען ווערן. אין זיין טיעפען ווערק „אור אדני” צושטערט ר' חסדאי יענע פילאזאפישע סיסטעמען, וואס האבען געפרובט צונויפבינדען דאס יודענטום מיט דער גריכישער פילאזאפיע. שריט ביי שריט סטארעט זיך ר' חסדאי, צוצושטערן דאס סיסטעם פון רמב"ם, וועלכער האט צוזאמענגעפארט דאס יודענטום מיט אריסטא און מיט דער וועלט-פילאזאפיע, און ער בעווייזט, ווי ווייט עס זענען אריסטא'ס אנשויאונגען וועגען גאט, וועלט-ענטשטעהונג און אונשטערבליכקייט פון די יודישע אנשויאונגען. ר' חסדאי האט בכלל נישט געהאלטען מיט יענע יודישע חוקרים, וועלכע האבען געוואלט פעראייניגען די רעליגיע מיט דער פילאזאפיע, און ער בעהויפטעט, אז עס קאנען זיין צוויי ערליי אמת'ען: א פילאזאפישער און א רעליגיעזער. די אנהענגער פון דער איבערצייגונג האט ר' חסדאי אויפגעווארפען, אז זיי זענען פאלש און צוויי-פנים'דיג (אונעהרליך), ווייל עס קאנען דאך נישט זיין קיין צוויי ענטקעגענגעזעצטע אמת'ען וועגען איין זאך. א מענש, וואס איז מודה, אז די יודישע רעליגיע איז א געטליכע ערשיינונג, — אזא מענש האט שוין גארנישט צו טאן מיט דער וועלט-פילאזאפיע! ווייל אין יודענטום אליין געפינט זיך שוין א גאנץ ארגינעלע וועלט-אנשויאונג. קוים ווידער איז מען נישט מודה אין דער געטליכקייט

פון דער יודישער תורה, קאן מען שוין קיין גאנצער יוד נישט זיין אזוי, אז א פשרה צווישען יודענטום און דער אלגעמיינער פילאזאפיע קען גע־מאלט זיין נאר אויף אקינסטליכען אופן. אין וואס בעשטעהט דער תמצית פון יודענטום? אין געגענטייל צו דער פילאזאפיע פון רמב״ם, בעהויפטעט ר׳ חסדאי, אז דאס יודענטום פאדערט פון מענשען נישט קיין קענטעניש, אדער געדאנקען נאר מעשים, א רעאלע ליבע צו גאט; נישט די גייסטיגע פערפאלקאמונג פון מענשען איז דער אידעאל, נאר די מאראלישע. פון די צוויי געבאטען: „אנערקען דיין גאט״ און „זאלסט ליבען גאט מיט׳ן גאנצען הארצען״ קלויבט ר׳ חסדאי אויס דאס לעצטע. ער געהט ארויס פון דעם שטאנדפונקט, אז גאטס השגחה איז נוגע נישט בלויז גאנצע פעלקער און דורות, נאר אויך איינצעלנע מענשען, נאר אין די מעשים איז דער מענש פאלקאם זעלבסטשטענדיג און פריי און דאס איינציגע, וואס א מענש דארף טאן, איז צופאסען זיינע מעשים צו גאט׳ס געזעצען, צו דער השגחה. ר׳ חסדאי קרעסקאס נעמט אן דאס יודענטום אינגאנצען און פערטיידיגט זאגאר אזעלכע אמונות, וואס שטא־מען נישט פון דער תורה, נאר פון תלמוד און אגדה, ווי, למשל דאס גלויבען אין שדים.

אין דעם וועג פון ר׳ חסדאי איז אויך געגאנגען זיין תלמיד יוסף אלבא פון מאנרעאל אין אראגאניען (1380 – 1444) אין זיין „עקרים״ סטארעט זיך אלבא צו בעווייזען, אז דאס יודענטום איז העכער נישט בלויז פון דער נאציאנאליסטישער פילאזאפיע, נאר אויך פון אלע אנדערע רעליגיעס. ביי זיין גאנצען קאנסערוואטיזם האט אלבא אבער דאך ארויס־געזאגט דעם דרייסטען געדאנק, אז די אמונה אין משיח איז נאר א היסטאריש־נאציאנאלע מסורה, אבער נישט קיין עיקר פון יודענטום.— בכלל האט זיך אין יענער צייט פיעל פערשפרייט די אפאלאגעטישע ליטעראטור, אין וועלכער עס זענען אוועקגעשטעלט געווארען איינע נעגען דער צווייטער די יודישע אמונה מיט דער קריסטליכער און עס זענען געבראכט געווארען ראיות, אז די יודישע רעליגיע שטעהט העכער. פיעל אויטארען פון אזעלכע ווערק האבען אויסבעהאלטען זייערע נעמען, כדי נישט פערפאלגט צו ווערען פון די קאטוליקען. אין איינעם פון די דאזיגע אנאנימע ווערק, אין דער פארם פון א וכוח צווישען צוויי מענשען, געפינט זיך אזא אפאריזם: „אין דריי פאלען ווערט אומזיסט פערנוצט וואסער: שמד־וואסער ביי א יודען; וואסער, וואס פאלט ארײן אין ים, און וואסער, וואס שווימט ארויף איבער׳ן וויין״.

דער דאָזיגער אפאָריזם איז אין יענער עפּאָכע פון געצוואונגענעם שמד געווען שטארק פּאָפּולער.

די רבנ׳ישע ליטעראטור פון יענער צייט האָט פערמאָגט ווילכטיגע קרעפטען, צווישען וועלכע עס האָט פערנומען דעם הויפּט־פּלאַץ ר׳ יצחק בן ששת (ריב״ש, געשטאָרבען אין 1408), וואָס איז געווען רב אין סאראגאסא און אין וואלענסיא. נאָך דער קאטאסטראָפע פון 1891 האָט ער פערלאָזען שפּאניען און זיך בעזעצט אין אלזשיר, וואוהין עס זיינען זיך דאמאָלסט אנגעלאָפען פיעל יודען פון שפּאניען. דער דאָרטיגער סולטאַן האָט דעם ריב״ש בעשטימט אַלס הויפּט־רב פון אַלע יודישע קהלות. ווי אין שפּאניען, אזוי איז דער ריב״ש אויך אין אפריקא געווען דער גרעסטער יודישער אויטאָריטעט בנוגע צו רעליגיעזע פראגען און ער פלעגט אַליין מיט זיין אייגענער מיינונג לעזען די הארבסטע שאלות. נאָך זיין טויט איז אין אלזשיר געוואָרען הויפּט־רב ר׳ שמעון דוראַן און דערנאָך זיין זוהן ר׳ שלמה. אין שפּאניען האָט דאמאָלס געשמ׳ט אַלס גאון ר׳ יצחק קאַנפאנטען. פון זיין שול זיינען ארויס עטליכע אָנגע־זעהענע למדנים; אין דער ליטעראטור איז אָבער פון איהם געבליבען נאָר אַ קליינער ספר — „דרכי התלמוד״.

הענריק דער 4־ער (געקעניגט פון 1454 — 74) איז געווען דער לעצטער קאסטיליעשער קעניג, וואָס האָט זיך נאָך בעצויגען צו יודען מענשליך. ער האָט נישט געקוקט אויף די אַלע „בולעס״ פון פּויפּסט און צוגעלאָזען יודען צו געזעלשאַפטליכע און רעגירונגס־שטעלען, זיך געהיילט ביי יודישע דאָקטוירים; זיין ביישפּיעל האָט נאָכגעטאָן די העכערע אריסטאָקראטיע, וועלכע האָט זיך נישט גערעכענט מיט דער בולא, וואָס האָט געדראָהט מיט אַ שטרענגער שטראָף און דאָך אָבגעגעבען יודען אין אַרענדע זייערע גיטער און זיך קורירט ביי יודישע דאָקטוירים. אין 1462 האָבען די קאָרטעזען (שררות־ראט אין טאָלעדא) זאָגאר פאָרגעשטעלט דעם קעניג אַ בקשה וועגען פערלייכטערן אייניגע יודישע בעגרענצונגען, ווייל דאָס שאדט די אינטערעסען פון די ערד־בעזיצער און אונטערנעהמער, און דאַן האָט מען יודען ווידער ערלויבט צו וואוינען אין פיעל שטעדט, פון וועלכע מען האָט זיי פריהער ארויס־געטריבען. די קלעריקאַלען האָבען אָבער אויך נישט גערוהט; זיי האָבען געהיים געפיהרט זייער ענערגישע אַגיטאַציע און דער נצחון איז ענדליך געקומען אויף זייער זייט. דאָס מאָל האָט זיך דאָס פייער געטראָגען שוין נישט אויף די יודען, נאָר אויף די קעפּ פון די אנוסים.

די פראגע וועגען די אנוסים איז פון שטענדיג אן געווען א ברענענדע פאר יודען, סיי פאר קריסטען. די לאגע איז געווען אויסערסט טראגיש; פון די אנוסים האבען זיך געקאנט ראטעווען נאר די, וואס זענען דערנאך אינגאנצען איבערגעגאנגען אויף דער זייט פון די קריסטען און געווארען זאגאר יודישע שונאים, אדער די, וואס האבען אויף שטענדיג פערלאזען שפאניען און עמיגרירט אין אנדערע לענדער. וואס האבען אבער געקאנט טאן יענע פיעל טויזענדער אנוסים, וואס זיינען אפיציעל געווען קריסטען און אינערליך געבליבען טריי דעם יודענטום? קוים זענען זיי קיין שונאים פון יודען נישט געווארען, האבען זיי געמוזט בלייבען שונאים פון קריסטענטום, דען ווי האבען זיי געקענט טאלעראנט זיך בעציהען צו א רעליגיע, אין נאמען פון וועלכער מען פערגיסט אזוי פיעל בלוט, אין נאמען פון וועלכער מען האט זיי אליין אזא געוואלט אנגעטאן? די קריסטען האבען געמוזט שפירען, אז די אנוסים זענען זיי נאך געפעהרליכערע שונאים איידער די אפענע יודען און נישט אומזיסט האבען זיי אנגערופען די אנוסים „מאראנען" ד. ה. פערשטויסענע. דער געגענזייטיגער האס צווישען די קריסטען און די אנוסים האט געמוזט וואס ווייטער אלץ מעהר פערשטארקט און פערשארפט ווערן, נאר פאר די קריסטען איז קיין סוד נישט געווען, אז די אנוסים זענען טריי זייער יודישער אמונה, אז ווי נאר זיי רייסען זיך ארויס פון דער קירכע און געהען צו זיך א היים, ווערען זיי פאלקאמע יודען, היטען שבת, יום-טוב, גיבען געלד פאר יודישע שוהלען א. ז. וו. אין דער זעלבער צייט האבען די אנוסים, צווישען וועלכע עס זענען געווען פיל רייכע און געבילדעטע לייט, דאך זיך בעפריינדעט מיט דער העכערער געזעלשאפט, און בעקומען שטעלען אין מיליטער, אין דער רעגירונג, זאגאר אין דער קירכען-היערארכיע עס זענען געווען פיעל געשמד'טע יודען מיניסטארען, גענעראלען, בישאפען און דער גרעסטער טייל פון זיי האט אזוי קונציג זיך פערמאסקירט, אז זיי האבען געקאנט געהיים בלייבען ביי זייער יודענטום. נאטירליך, האט די קלעריקאלע פארטיי פערשטאנען, אז די מאראנען זיינען פאר זיי פיעל מעהר געפעהרליך, איידער די יודען, און דעריבער דעם גרעסטען פייער אנגעווענדעט געגען זיי.

די ערשטע פאלקס-בעוועגונג געגען די מאראנען איז פארגעקומען אין 1449 אין טאלעדא. אונטער דעם איינפלוס פון א גלח'ישער דרשה איז דער אונטערגעהעצטער המון בעפאלען דאס הויז פון א רייכען יודען, צוראבירט זיין פערמעגען און דערנאך זיך געלאזט אויף דעם

קוואַרטאל פון די אנוסים. די לעצטע האבען געפּרובט אַרויסווייזען אַ בעוואפענטען ווידערשטאַנד, נאר זיינען בעזיעגט געווארען און דערנאך האט מען פיעל פון זיי געהאנגען. נאך אַ גרעסערער אנפאל איז שפּעטער פארגעקומען אין קארדאוואַ: דארט האבען די קלעריקאלען געגרינדעט א געזעלשאפט מיט'ן נאמען „קריסטליכע ליעבע" וואוהין מען האט נישט אַריינגענומען קיינעם פון די מאראנען, זאגאר די הויכגעשטעלטע פערזאָנען; עס איז דעריבער פאָרגעקומען, אז די געזעלשאַפט האט אַמאָל איינגעארדענט א פּראצעסיע איבער די גאסען, האבען די מאראנען פארמאכט זייערע הייזער און נישט אַרויסגעשטעלט קיין ציערונג לכבוד די הייליגע בילדער דאס האט זעהר איפגעבראכט דעם המון און צום אומגליק האָט גראָד דאַן אַ קינד פון אַ מאַראַנישען הויז אין דער גאַס, איבער וועלכער עס איז געגאַנגען די פּראָצעסיע, אויסגעגאָסען דורכ'ן פענסטער אַ ביסעל וואסער. עס האָט באַלד זיך פערשפרייט אַ קלאַנג, אַז דאָס האָבען יודען אויסגעגאָסען עפּעס אַ שטינקענדיגע פליסיגקייט, וואָס איז פונקט געפאַלען אויף דעם בילד פון דער געטליכער מוטער. מיט אַנגעצונדענע פאַקעלן האָט דער צובושעוועטער המון זיך אַלאָז געטאָן אויף די הייזער פון די מאַראַנען און עס האָט זיך אָנגעהויבען אַ שחיטה, וואָס האָט געדויערט דריי טעג. די אַדמיניסטראַציע איז נישט אימשטאַנד געווען עפּעס צו טאָן און דער המון האָט אָהן שטערונג געראַבעוועט, געהרג'עט און געשענדעט פרויען. באַלד האָט זיך דאָס פייער פון די פּאָגראָמען פערשפרייט איבער אַנדערע שטעדט און אין גיכען האָט די עפּידעמיע פון מאַראַנען-שחיטות אַרומגעכאַפּט גאַנץ קאַסטיליען. פיעל טויזענדער מאַראַנען זיינען דאַן געהרג'עט געוואָרען, און אין פיעל שטעדט זיינען די גאַסען געווען פערפולט מיט הויפענס פון טויטע קערפּערס. —

נאָך פיעל ערגער איז די לאַגע געוואָרען פון דעם מאָמענט, וואָס פערדינאַנד דער קאַטוילּיק, קעניג פון אַראַגאָניען, און איזאַבעלאַ, קרוין-פּרינצעסין פון קאַסטיליען, האָבען חתונה געהאַט און ביידע מלוכות האָבען זיך פעראייניגט. פון יענעם מאָמענט הויבט זיך אָן אַ נייע עפּאָכע אין דער שפּאַנישער געשיכטע. די פעראייניגונג פון אַראַגאָנישען דעספּאָט מיט דער פרומער און פאַנאַטישער קאַסטילישער קעניגין — דאָס איז געווען אַ פאָלקאָמער נצחון פון פינסטערן קלעריקאַליזם. מען דערצעהלט, אַז נאָך מיידעלווייז האָט איזאַבעלאַ צוגעזאָגט איהר גייסטליכען ערציהער טאָרקוועמאַדאַ, אַז ווען זי וועט אַרויפטרעטען אויפ'ן

טראן, וועט זי איהר גאנץ לעבען אפגעבען, אום אויסצורויטען די אפיקורסים און אונגלויביגע פון שפאניען און זי האט איהר הבטחה עהרליך ערפילט. כדי צו קעמפפען מיט די מאראנען האבען די קלעריקאלען שוין זיך נישט בעגנוגענט מיט די אלטע מיטלען: אנרייצען די פינסטערע מאסען; זיי האבען יעצט געוואלט פיהרען געגען די מאראנען און אונגלויביגע א סיסטעמאטישען קאמפף, כלומרשט אויפ'ן גרונד פון געזעץ מיט דעם הסכם פון דער קעניגליכער מאכט. די קעניגליכע מאכט אין שפאניען איז ביז יעצט געשטאנען אויף דער זייט פון די קלעריקאלען און זיי איז נאר געבליבען אויסצופועל'ן א הסכמה אויך אין רוים, ביים פויפסט. א דאנק דער ענערגישער אגיטאציע פון די פרומע דאמיניקאנער אין רוים האט דער פויפסט סיקסט IV אין יאהר 1478 געגעבען זיין איינשטימונג, צו גרינדען אין שפאניען א ספעציעלען מין געריכט, וואס זאל משפט'ען די אלע, וועלכע פערטרעטען די קאטוילישע רעליגיע, איבערהויפט די מאראנען. די קעניגין האט צוערשט זיך געקוויינקעלט און נישט געוואלט איינפיהרען דעם דאזיגען שרעקליכען געריכט, וואס האט געדארפט אפשיקען אויף יענער וועלט טויזענדער מענשען, נאר עס האט זיך געמאכט א מעשה, אז איינער פון די מאראנען האט ארויסגעלאזען א בוך געגען קריסטענטום און דאן האט די געדולד פון די קלעריקאלען און דער פרומער קעניגין געפלאצט און עס איז געגרינדעט געווארען (1480) דאס שרעקליכע געריכט אונטער'ן נאמען „נאציאנאלע אינקוויזיציע"

דאס ערשטע אינקוויזיציאנס-געריכט איז איינגעפיהרט געווארען אין סעווילא. עס האבען זיך אנגעהויבען ארעסטען צווישען די מאראנען, וועלכע מען האט חושד געווען, אז זיי היטען די יודישע רעליגיע. אלע קריסטען האבען בעקומען א בעפעהל, צו מעלדען דער אינקוויזיציע וועגען יעדען אונגלויביגען, וואס איז זיי בעקאנט, דען אנדערש וועט מען שטרענג בעשטראפט ווערען. דערנאך איז ארויסגעגעבען געווארען א אינסטרוקציע פון 57 פונקטען, ווי אזוי צו שפיאנירען די אפיקורסים און מאראנען. יעדער פרומער קריסט איז פערפליכטעט געווארן, מודיע צו זיין דער אינקוויזיציע וועגען יעדען מאראן, וואס היט אב נישט בלויז די וויכטיגע יודישע מצוות, נאר ווערט געחאפט אין אזעלכע שרעקליכע חטאים, ווי וואשען זיך פאר'ן עסען, זאלצען פלייש, אנטאן אום שבת ריינע וועש, שטעהן מיט'ן פנים צו מזרח בשעת'ן גאטעס-דיענסט א. אז. וו. אזעלכע מסירות האט די אינקוויזיציע אנגענומען פון יעדען איינציגען

אָהן אַ שום חקירה ודרישה און געהאַלטען זיי בסוד. דער שפּיאָנאַזש איז דעריבער אויסגעוואַקסען ביז אַ שרעקליכער מאָס; די מאַראַנען האָבען זיך פערייניגט מיט זייערע קרובים פון דער העכערער שפּאַנישער אַריסטאָקראַטיע און בעשלאָסען, צו שטעלען אַ בעוואָפענדען ווידערשטאַנד דער אינקוויזיציע. נאָר די דאָזיגע פערשווערונג איז ענטדעקט געוואָרען און די מאַראַנען איז נאָר געבליבען צו אַנטלויפען פון סעוויליאַ. פיעל מאַראַנען פון פערשיעדענע שטעדט זענען ענטלאָפען קיין קאַדיקס מיט דער האָפנונג, אַז דאָרט וועלען זיי בלייבען אונבעשטראָפט. נאָר די דאָרטיגע מאַכט האָט בעקומען אַ בעפעהל, צו פערהאַלטען די אַנטלאָפענע, וועלכע מען האָט אַרעסטירט געבראַכט קיין סעוויליאַ און אָבגעגעבען אין רשות פון דער אינקוויזיציע.

באַלד זענען אַלע טורמעס אין סעוויליאַ איבערפולט געוואָרען מיט אַזעלכע אַרעסטאַנטען. די אומגליקליכע מאַראַנען האָט מען שרעקליך געפייניגט און געצוואונגען, זיי זאָלען זיך מודה זיין סיי אין זייערע אייגענע חטאים, סיי אין די חטאים פון זייערע קרובים און בעקאַנטע. אין פעברואַר 1448 איז ביי אַ פייערליכער צערעמאָניע פאָרגעקומען דער ערשטער אויטאָ־דע־פע (אַקט פון גלויבען) אין סעוויליאַ: 6 מאַראַנען האָט מען לעבעדיגערהייד פערברענט אויפ׳ן פייער. אין עטליכע טעג אַרום איז ערמאָרדעט געוואָרען די צווייטע גרופּע מאַראַנען און דערנאָך זענען די טויט־שטראָפען געוואָרען אַלץ אָפטער. אין פערלויף פון צעהן מאָנאַטען זיינען אין סעוויליאַ אַליין פערברענט געוואָרען דריי הונדערט מאַראַנען, נישט רעכנענדיג די, וואָס זיינען פערמשפּ׳ט געוואָרען צו אייביגער תפיסה. פיעל פון זיי זענען געשטאָרבען העלדיש און ביז צום סוף נישט געלייקענט, אַז זיי זענען געוועזען יודען. דאָס פערמעגען פון די ערמאָרדעטע איז קאָנפיסקירט געוואָרען לטובת דער רעגירונג און אויף אַזאַ אופן איז די רעגירונג געוועזען פעראינטערעסירט, אַז עס זאָלען פערמשפּט ווערען צום טויט וואָס מעהר מאַראַנען. אין 1482 האָט די אינקוויזיציע אין סעוויליאַ פערעפענטליכט אַ „אַקט פון גנאָד”, אין וועלכען עס איז ערקלערט געוואָרען, אַז אַלע מאַראַנען, וואָס וועלען קומען צו אַ בעשטימטען טערמין און זיך מתודה זיין אין זייערע חטאים, וועלען בעגנעדיגט ווערען; פיעל פון די מאַראַנען האָבען נאַאיוו געגלויבט אין דער הבטחה און זענען געקומען און זיך מודה געוועזען, אַז זיי זענען ווירקליך ביז יעצט געשטאַנען אין בעציהונגען מיט יודען, אָבער דאָ האָט די אינקוויזיציאָנס־מאַכט פון זיי געפאָדערט, אַז זיי זאָלען אַרויסגעבען זייערע קרובים און

בעקאַנטע, וואָס היטען די יודישע רעליגיע. די, וואָס האָבען דאָס נישט געוואָלט טאָן, זענען אײַנגעזעצט געוואָרען אין תּפיסה און אוּנמענשליך געפּײַניגט געוואָרען.

די אַכזריות פון דער אינקוויזיציע איז געווען אַזױ גרױס, אַז אַפילו דער פּױפּסט איז אַרײַנגעפאַלען אין אַ שרעק, דערװיסענדיג זיך װעגען די מוֹרא'דיגע ענוים פון די אינקוויזיטאָרען. ער האָט דאַן זיך געווענדעט צום שפּאַנישען קעניג מיט אַ אָנווײַזונג, אַז מען דאַרף זיך ניט אַזױ מערדערליך בעגעהן מיט די מאַראַנען און דערבײַ האָט דער פּױפּסט מרמז געװען, אַז די אינקוויזיציע אַרבײַט נישט אַזױ פיעל פון יראת שמים וועגען, ווי צוליעב דעם פערמעגען, וואָס ווערט קאָנפיסקירט נאָכ'ן טויט פון די מאַראַנען; אין דער זעלבער צײַט האָט דער פּױפּסט אָבער בעשטעטיגט נײַע זיבען אינקוויזיטאָרען פאַר שפּאַניען, צווישען זײ אויך דעם בעריהמטען טאָרקווּעמאַדאָ.

אין אָקטאָבער 1483 איז דער „אונשטערבליכער" טאָרקווּעמאַדאָ בעשטימט געוואָרען אַלס „גענעראַל=אינקוויזיטאָר" אין שפּאַניען און פון דעמאָלט אָן איז די אינקוויזיציע אין שפּאַניען געוואָרען נאָך פיעל שרעקליכער. טאָרקווּעמאַדאָ האָט אין זיך פעראײניגט דעם טאַלענט פון אַ געניאַלען שפּיאָן צוזאַמען מיט אַ אונגעװעהנליך דעספּאָטישען כאַראַקטער. ער האָט אױסגעאַרבײַט אינסטרוקציעס פאַר די אינקוויזיטאָרען, ענטוויקעלט אַרום זיך אַ גאַנצע אַרמעע פון שפּיאָנען און אײַנגעאָרדענט אַ קונציגע נעץ, צו פערכאַפּען די אומגליקליכע מאַראַנען. ווער עס איז נאָר אַרײַנגעפאַלען אין דער נעץ, איז שוין לעבעדיג נישט אַרויס. דאָרט, וואו עס זענען נישט געווען גענוג ראיות צו בעווײַזען די שולדיגקײַט פון די מאַראַנען, האָט מען די שולד „בעוויזען" דורך שרעקליכע ענוים. אונטער די שרעקליכע ענוים האָבען די אומגליקליכע געמוזט מודה זײַן זיך אין זײערע חטאים און אויך אַרויסגעבען זײערע אײגענע עלטערן און קינדער, אַזױ אַז יעדער פּראָצעס האָט בעשאַפען נאָך פיעל אַנדערע פּראָצעסען, און יעדער אַרעסט האָט געבראַכט צו פיעל נײַע אַרעסטען; טאָרקווּעמאַדאָ האָט פערקלענערט די שטראָף נאָר פאַר יענע מאַראַנען, װעלכע זענען מיט'ן גוטען װילען אַלײן געקומען און זיך מתודה געווען אין זײער פערברעכען. די, ווידער, וואָס זענען אַרעסטירט געוואָרען דורך די אַגענטען פון דער אינקוויזיציע, זענען פערשמאַכט געוואָרען אין די טורמעס, וואָס זענען בעשטאַנען פון פינסטערע הױהלען, און אַזױ שרעקליך געפּײַניגט געוואָרען, אַז דער טויט איז פאַר זײ שוין געווען פיעל ליעבער,

די טויט=שטראָף איז בעשטאַנען נאָר אין פערברענען אויפ'ן פייער („אָהן בלוט=פערגיסונג", ווי עס האָט בעפוילען דער שרעקליכער אינקוויזיטאָר טאָרקוועמאַדאָ). די מאַראַנען, וואָס האָבען אויך פאַר'ן טויט נישט געוואָלט תשובה טאָן, האָט מען צוגעבונדען צו אַ סטויפ אין מיטען הויפען פייער און לעבעדיגערהייד פערברענט; מיט די, ווידער, וואָס האָבען פאַר'ן טויט יאָ תשובה געטאָן, האָט מען געטאָן אַ חסד: זיי האָט מען פריהער דערשטיקט און דערנאָך פערברענט.

אויסער סעווילא זענען געגרינדעט געוואָרען אינקוויזיציעס נאָך אין אַנדערע שטעדט און פון די נייע אינקוויזיטאָרען האָט זיך אויסגעצייכענט פעדראָ דע=אַרבועס, הויפט=אינקוויזיטאָר פון אַראַגאָניען. ער האָט בענוצט געגען די מאַראַנען אַזעלכע שרעקליכע מיטלען, אַז ער האָט אַרויסגערופען געגען זיך אַ אַלגעמיינע אויפרעגונג זאָגאָר צווישען די קריסטען. די אויפגעבראַכטע מאַראַנען האָבען געגען איהם געמאַכט אַ פערשווערונג און איינמאָל, ווען דע=אַרבועס איז געגאַנגען איינער אַליין אין קירכע אַריין מתפלל זיין, זענען אַהין אַריינגעדרונגען דריי מאַראַנען און איהם דערשטאָכען אויף טויט אין דעם מאָמענט, ווען ער האָט זיך אַראָבגעלאָזען אויף די קניע פאַר'ן אַלטאַר; די דאָזיגע פערשווערונג האָט אָבער געבראַכט נאָר דערצו, אַז די אינקוויזיציע איז נאָך מעהר פערשטאַרקט געוואָרען, און די אַרעסטירטע פערשווערער זענען געשטאָרבען מיט אַ שרעקליכען טויט. די צאָהל פון די אַרעסטען אין גאַנץ אַראַגאָניען האָט זיך פערגרעסערט. איינער פון די דאַמאָלדיגע יודישע מגידים יצחק ערמה, דער „בעל עקדה", שרייבט: אין גאַנץ שפּאַניען מיט איהרע אינזלען נעהט ביז צום הימעל דער רויך פון די הויפענס פייער, אויף וועלכע מען פערברענט די מאַראַנען. אַ דריטעל פון זיי איז שוין אומגעקומען אין פייער, אַ דריטעל איז זיך צולאָפען און בעהאַלטען זיך אין פערשידענע ערטער, ווען די איבעריגע לעבען אין שטענדיגען פחד, צוועהענדיג דאָס, וואָס קומט=פאָר פאַר זייערע אויגען".

טאָרקוועמאַדאָ האָט אָבער גוט פערשטאַנען, אַז ער קאָן נאָר ברענגען אויפ'ן פייער און פייניגען, נאָר נישט איינפלאַנצען קיין „ליעבע", צו דער קריסטליכער רעליגיע, אין נאָמען פון וועלכער מען האָט אָבגעטאָן אַזעלכע שרעקליכע מעשים, און ער האָט זיך גענומען צום תוך, אונטערגראָבען דעם וואָרצעל, פון וועלכען די מאַראַנען האָבען געצויגען זייער קראַפט און מוט, דאָס הייסט די יודישע רעליגיע אַליין. כדי אונטערצוברענגען די יודישע רעליגיע, האָט מען אָבער פריהער געמוזט פערניכטען

די יודען, דעם טארקוועמאדא האט גוט געוואוסט, אז וואס גרעסער עס איז דער דרוק, אלץ שטארקער ווערט דער ווידערשטאנד, און אויב פיעל פון די מאראנען קאנען ניט בײשטעהן דעם גרויסען נסיון און שרעקענדיג זיך פאר דעם אכזריות׳דיגען טויט מוזען זיי זיך אונטערגעבען, דערפאר ווערט אבער, ווי שטאל און אייזען, שטארק דער כאראקטער פון יענע געצעהלטע מוטיגע מאראנען, וואס האבען בעשלאסען בײצוקומען אלע יסורים, און פאר זיי וועלען שוין קיין שום אינקוויזיציעס ניט העלפען. די דאזיגע מוטיגע מאראנען זענען ווירקליך פיעל געשטיצט געווארען דורך די יודען, וואס האבען אין דער שטיל אונטערגעהאלטען די בעציהונגען מיט זיי, בעזארגט זיי מיט כשר עסען, מיט מצה אויף פסח און געהײם געלערנט זייערע קינדער יודישקייט. כדי אונטערצוברעכען דעם ווארצעל גופא, איז דעם גרויסען אינקוויזיטאר איינגעפאלען א טײוולאנישער פלאן: מאכען די רבנים פאר שפיאנען, ד. ה. פערפליכטען זיי, אז זיי זאלען מודיע זיין דער אינקוויזיציע וועגען יעדען אײנציגען מאראן. דאס איז ווירקליך געווען א שרעקליכער פלאן, פון וועלכען עס איז אונמעגליך געווען זיך אויסצודרעהען, און די רבנים האבען זיך געקאנט העלפען נאר מיט איין זאך: ענטלויפען פון שפאניען. עס האט זיך אנגעהויבען א לויפעניש פון די רבנים און די איבעריגע יודען האבען געציטערט, דערשפירענדיג, אז די שלאנג פון דער אינקוויזיציע וועט באלד אויך זיי דערגרייכען.

צו יענער צייט האט אין שפאניען געלעבט א מענש, אויף וועלכען יודען האבען געקוקט, ווי אויף זייער מלאך הגואל, ווי אויף זייער אײנציגער שטיצע געגען דעם שרעקליכען טארקוועמאדא. דאס איז געווען דער בעוואוסטער געלעהרטער און שטאאטס־מאן דון יצחק אבארבאנעל (אדער אבראבאנעל, 1437 — 1508). ער איז געווען א זוהן פון א יודישער אריסטאקראטישער פאמיליע, וואס האט גערעכענט איהר יחוס פון דוד המלך. אין דער יוגענד האט ער זיך ערצויגען אין ליסאבאן, די הויפטשטאדט פון פארטוגאליען, וואו יודען האט זיך פון שטענדיג אן געלעבט פיעל רוהיגער, ווי אין שפאניען. א דאנק זיין גרויסער בילדונג אין יודישקייט און אין וועלטליכע זאכען האט ער געשפיעלט א וויכטיגע ראליע סיי ביי יודען, סיי ביי קריסטען. ער איז געווען א פיעלזייטיגער געלעהרטער, פילאזאף, רעליגיעזער דענקער און צוזאמען דערמיט א אריסטאקראט לויט זיינע מיינונגען און זיין ערציהונג. דער פארטוגאלישער קעניג אלפאנס V האט איהם צוגענומען אין הויף אריין און

געגעבען אַ שטעלע אין דער רעגירונג. אברבנאל׳ס הויז איז פֿון דאָן
אָן געוואָרען אַ פּונקט, וואוהין עס פֿלעגען זיך צונויפֿקומען די פֿאָרשטעהער
פֿון דער בעסטער געזעלשאַפֿט. נאָר פּלוצלונג, בעת דער טראָן=ענדערונג,
האָט איהם אַ אומגליק געטראָפֿען: זיין פֿריינד, דער הערצאָג דע=בראַ=
גאַנצאַ, זעהר אַ אָנגעזעהענע פּערזאָן אין הויף, איז בעשולדיגט געוואָרען
אין אַ פֿערשווערונג געגען ניעם קעניג יאָהאַן II און דערפֿאַר אָבגעגע=
בען זיין קאָפּ אויף דער תליה. אַזאַ גורל האָט אויך ערוואַרטעט
אברבנאל׳ן און ער איז ענטלאָפֿען קיין קאַסטיליען, איבערלאָזענדיג
אין ליסאַבאָן זיין גאַנץ פֿערמעגען, וואָס איז קאָנפֿיסקירט געוואָרען
דורכ׳ן קעניג.

בעזעצענדיג זיך אין טאָלעדאָ (1483) האָט אברבנאל זיך גענומען
פֿלייסיג צו זיין ליטעראַרישער אַרבייט און ער האָט אָנגעהויבען שרייבען
אַ ווערק, וואָס איז שוין לאַנג געווען ביי איהם אין קאָפּ: אַ פֿילאָזאָפֿיש
בוך וועגען יודענטום. נאָר באַלד האָט מען זיך אין הויף דערוואוסט
וועגען די גרויסע פֿינאַנסיעלע פֿעהיגקייטען פֿון געוועזענעם פּאָרטוגאַלי=
שען שטאַטס=מאַן, און אַזוי ווי די פֿינאַנסען אין שפּאַניען זענען דעמאָלט
געווען זעהר פֿערפּלאָנטערט, האָט מען זיך נישט גערעכענט מיט זיין
יודישען שטאַם און איהם בעשטימט אַלס פֿערוואַלטער פֿון די מלוכה=הכנסות.
אברבנאל האָט פֿיעל אויפֿגעהויבען דעם צושטאַנד פֿון די שפּאַנישע
פֿינאַנסען. אין די אַכט יאָהר, וואָס ער איז געווען אויף זיין שטעל, איז
די שפּאַנישע פֿינאַנסיעלע לאַגע געשטאַנען אויף אַ גרויסער הויך.
אַ דאַנק דעם האָט שפּאַניען זיך איינגעגעבען צו ענדיגען מיט נצחון
די לאַנגע מלחמה, וואָס זי האָט געפֿיהרט געגען דער לעצטער פֿעסטונג
פֿון דער אַראַבישער הערשאַפֿט אויף דער פּירענעאישער האַלב=
אינזעל, גרענאַדאַ, און אברבנאל׳ן האָט גאָר נישט געקענט קומען אין
קאָפּ אַריין, אַז דער סוף פֿון דער מלחמה און דער נצחון פֿון שפּאַניען
וועלען האָבען אַזאַ גרויסע בעדייטונג פֿאַר׳ן שיקזאַל פֿון זיינע ברידער

ווען גרענאַדאַ האָט זיך אין 1492 ענדליך אונטערגעגעבען, נאָך
אַ קאַמפּף פֿון כמעט אַכט הונדערט יאָהר, האָט גאַנץ שפּאַניען דערשפּירט
אַ אונגעוועהנליכע התלהבות. די נאַציאָנאַלע שטימונג אין לאַנד האָט
זיך פֿיעל געהויבען, אַלע האָבען זיך געפֿרעהט, דערמאָהנענדיג זיך, אַז
זיי זענען פּטור געוואָרען פֿון דער לעצטער אַראַבישער שליטה אויף
זייער ערד, און מיט דער דאָזיגער פֿאָלקס=התלהבות האָט זיך בענוצט
טאָרקוועמאַדאַ, אום איינצופֿיהרען איין=איינציגע רעליגיע אין דער גאַנצער

מלוכה און צו פערניכטען ביז איינעם אלע פרעמדע רעליגיעס. ער האט זיך געסטארעט צו בעווייזען דעם קעניג מיט דער קעניגין, אז די קאטוילישע קירכע וועט נאר דאן קאנען אבהאלטען א פאלקאמען נצחון, ווען אין לאנד וועט נישט זיין קיין איינציגע יודישע שוהל, אז יודען זענען איסערסט געפעהרליך, בעזונדערס דערמיט, וואס זיי ציהען אב פון דער קאטוילישער קירכע די מאראנען, און ער האט דעריבער געבעטען דעם קעניג, איינמאל פאר אלע מאל פטור צו ווערן פון יודען און ארויסטרייבען זיי פון לאנד. דאס זאל אויך זיין א אויסדריק פון דאנקבארקייט גאט פאר דעם גרויסען שפאנישען נצחון איבער די אראבער. דער קעניג האט ענדליך געפאלגט און ארויסגעגעבען א בעפעהל, אז אלע יודען, וואס וועלען זיך ניט שמד'ען, דארפען פערלאזען שפאניען אין פערלויף פון 4 מאנאטען. די ארויסגעטריבענע ווערט ערלויבט מיטצונעהמען מיט זיך זייער פערמעגען, אויסער גאלד, זילבער און טייערע חפצים, וואס דארפען אבגעגעבען ווערן אין אוצר פון דער מלוכה. יעדען קריסט ווערט שטרענג פערבאטען ארויסצעווייזען שטיצע יודען, אדער אויסבעהאלטען זיי נאך דעם בעשטימטען טערמין.

די איינציגע האפנונג פון יודען איז געבליבען אברבנאל', וועלכער איז צוזאמען מיט דעם אפיציעלען יודישען הויפט-ראבינער אברהם סעניאר אוועק אין הויף און דארט מיט טרערען אין די אויגען געבעטען דעם קעניג מיט דער קעניגין, זיי זאלען מבטל מאכען די שרעקליכע גזירה. ווי זעענדיג, אז א גרויסע ראליע האט דא געשפיעלט די תאוה פון קעניג צום גאלד און זילבער, וואס וועט בלייבען נאך די ארויסגעטריבענע יודען, האבען די יודישע דעפוטאטען פארגעלעגט דעם קעניג א גרויסע סומע געלד און יענער האט שוין געהאט מסכים געווען אבצושאפען דעם ערשטען בעפעהל, אבער דא האט זיך צום קעניג פלוצלונג אריינגעריסען טארקוועמאדא מיט א קרייץ אין די הענד און, ווענדענדיג זיך צום קעניג מיט דער קעניגין, האט ער אויסגעשריען: „יהודה האט פערקויפט קריסטוס'ן פאר 30 זילבער-שטיק, און איהר ווילט איהם פערקויפען פאר 30 טויזענד! נאט זשע אייך, דא האט איהר איהם — און פערקויפט!“ מיט די ווערטער האט דער גרויסער אינקוויזיטאר אוועקגעווארפען דעם קרייץ און ארויסגעלאפען. די דאזיגע סצענע האט געמאכט א שרעקליכען איינדרוק אויף דער פרומער קעניגין. די יודישע שתדלנים האבען בעקומען א קאטעגארישען אבזאג און קעגען אפריל האבען די העראלדען און טראמפעטער מודיע געווען איבער'ן גאנצען לאנד, א

יודען ווערט געגעבען א טערמין ביז דעם 31־טען יולי 1492 (ז׳ אב) צו פערלאזען שפאניען. ווער עס וועט בלייבען נאך דעם טערמין, דארף אדער געטויפט, אדער געטויט ווערן.

שרעקליך טראגיש איז געווען די לאגע פון יודען. הונדערטער טויזענדער משפחות האבען געדארפט זיך צושיידען מיט דעם לאנד, וואו זיי האבען אבגעלעבט אכט הונדערט יאהר, מיט דער ערד, וואס זיי האבען, נישט קוקענדיג אויף אלע צרות, דאך היים געליעבט, ווי א נ׳אמת פאטערלאנד. דא האבען יודען אין פערלויף פון אכט דורות געלעבט און געארבייט, געשאפען און זיך בעטייליגט אין אלגעמיינעם מלוכה־לעבען; דא האבען זיי אויך געהאט א גייסטיג־נאציאנאלען צענטר; דא איז בעשאפען געווארען די יודישע פאעזיע, פילאזאפיע און דער יודישער אריסטאקראטיזם, און מיט דעם אלעמען האבען זיי זיך יעצט געדארפט שיידען אויף אייביג, זיך לאזען אין דער וועלט אריין און דערצו נאך מאטעריעל רואינירט ווערן. דער טערמין איז געווען אזוי קורץ, אז עס איז אונמעגליך געווען צו טראכטען וועגען איינארדנען די מאטעריעלע אינטערעסען; דאס גאנצע יודישע פערמעגען האט געמוזט בלייבען הפקר. דער גרעסטער טייל יודישע הייזער איז געבליבען אונפערקויפט, אין בעסטען פאל האט מען אוועקגעגעבען א שען הויז פאר א אייזעל, אדער א שענעם גארטען פאר עטליכע ארשין טוך. ניט קוקענדיג דערויף, זענען יודען געבליבען פעסט און ניט פערלארען דעם מוט. נאר געצעהל־טע, צווישען זיי דער אויבענדערמאנטער ראבינער אברהם סעניאר, האבען זיך אבגעשמד׳ט און ארויסגערופען גרוים פרייד אין הויף. אבער דער גרעסטער טייל יודען האט זיך נישט בעשלאסען אויף קיין פעררעט און בעסער גענומען דעם וואנדער־שטעקען אין האנד און זיך געלאזען איבער דער גרויסער וועלט, זוכען זיך א נייע היים.

ענדע יולי איז געווען דער לעצטער טאג פון בעשטימטען טער־מין, נאר מיט יודען האט מען א חסד געטאן און פערלענגערט דעם טערמין אויף 2 טעג, ביז דעם 2־טען אויגוסט 1492. אין יענעם טאג, פונקט תשעה באב, האבען 300,000 יודען, מענער און פרויען, אלט און יונג, זקנים און קינדער, פערלאזען זייער פאטערלאנד. אויסער דעם האבען נאך פיעל יודען פערלאזט שפאניען פאר׳ן טערמין און דער „מנורת המאור״, רב ר׳ יצחק אבוהב איז אוועק אין דער שפיץ פון 50 פאר־שטעהער פון יודישע קהלות זוכען א ארט פאר זיי אין פארטוגאליען עס האט זיך אנגעהויבען די שרעקליכע אויסוואנדערונג; פאר׳ן פערלאזען

שפאניען זענען די פערטריבענע געגאנגען זיך געזעגענען מיט זייערע עלטערן אויף די בית-עלמין׳ס און גראנדיעז און שרעקליך איז געווען די דאזיגע סצענע. אין פערלויף פון דריי טעג און דריי נעכט זענען צעהנדליגער טויזענדער יודען מיט זייערע פרויען און קינדער געלעגען אויף די קברים פון זייערע עלטערן און אבגעגאסען זיי מיט הייסע טרערן. פיעל האבען אויסגעריסען שטיקער פון די מצבות און מיטגענומען מיט זיך אלס זכר, אדער געשאנקען דאס די איבערגעבליבענע מאראנען. די סצענעס זענען געווען אזוי הארצרייסענד, אז אפילו פיעל קריסטען האבען זיך נישט געקאנט איינהאלטען אין געוויינט קוקענדיג. די פער-טריבענע האבען זיך געלאזען, וואוהין די אויגען האבען פערטראגען. א גרויסער טייל האט זיך אוועקגעלאזען קיין נאווארא און איבערהויפט קיין פארטוגאל; איניגע זענען מיט׳ן ים אוועק קיין איטאליען, אדער טערקיי און אפריקא; אכרבנאל, מיט א גרופע עמיגראנטען האבען זיך בעזעצט אין ניאפאל.

טארקוועמאדא האט אין פערלויף פון זיין 14-יעהריגער טעטיגקייט פערברענט אויפ׳ן פייער העכער 8000 מאראנען און פיעל טויזענדער אנדערע האט ער אין די טורמעס אויסגעפייניגט; פון יודען איז מען פטור געווארען דורך גירוש און שפעטער האט מען זיך אויך גענומען צו די מוסולמאנער און אויך זיי האט מען געגעבען די ברירה: אדער זיך טויפען, אדער פערלאזען דאס לאנד. אין גיכען האבען אבער אלע איינגעזעהען, וואס פאר א אומגליק די אינקוויזיציע איז געווען נישט בלויז פאר די „אונגלויביגע", נאר אויך פאר די שפאניער אליין. א פאלק, וואס איז ערצויגען געווארען אויף אינקוויזיציעס און אכזוריות, האט גע-מוזט פערליערען זיין פעהיגקייט צו שאפען און צו לעבען קולטורעל; שפאניען האט פערלוירען א גוצליכען האנדעלס-קלאס, ווי יודען, וואס האבען פיעל אויפגעהויבען די שפאנישע אינדוסטריע, און אין גיכען, נישט קוקענדיג אויף די אויסערליכע נצחונות און אויף דער ערווערבונג פון די רייכסטע קאלאניעס אין אמעריקא נאך קאלומבוס׳עס ענטדעקונג — איז שפאניען פערלאזען און פערארימט געווארען און האט אנגעהויבען פאלען אלץ נידעריגער און נידעריגער.

אין נאווארא און פארטוגאליען, וואוהין עס האבען זיך א לאז געטאן די יודישע עמיגראנטען, האבען יודען א קליינע צייט געפונען מנוחה. דער אויבענדערמאנטער ר׳ יצחק אבוהב, וואס האט זיך פאר-געשטעלט פאר׳ן פארטוגאלישען קעניג און געבעטען א ארט פאר יענע

ברידער, האָט אויסגעפּועל'ט ביים קעניג אַ ערלויבניש צו בעזעצען זיך אין פּאָרטוגאַליען, פאַר אַ אונגעהויער גרויסע סומע געלד און דאָס נאָר פּאָרלויפיג, נישט מעהר, ווי אויף אַכט חדשים. מעהר פון דעם טערמין האָבען געקאָנט דאָרט בלייבען נאָר די יודישע גרויסע קאַפּיטאַליסטען און איינינגע האַנדווערקער. אין פּאָרטוגאַליען האָבען זיך דאַן בעזעצט אַנ׳ערך 120,000 יודישע מגורשים; פיעל האָבען זיך בעזעצט אין נאַוואַראַ, אָבער אויך דאָרט האָבען זיי קיין רוה נישט געפונען. דער שפּאַנישער קעניג האָט זיי אויך דאָ פערפאָלגט און געבעטען דעם נאַוואַרער קעניג, אַז ער זאָל ביי זיך נישט דערלאָזען קיין יודען. דאַן האָט מען יודען ווידער פאָרגעלעגט: אָדער שמד׳ען זיך, אָדער פערלאָזען דאָס לאַנד. די מאָס פון יסורים איז שוין געווען איבערפולט און פיעל האָבען נישט אויסגעהאַלטען און זיך געשמד׳ט, די איבעריגע האָבען גענומען דעם וואַנדער-שטעקען און זיך געלאָזען ווייטער.

דער פּאָרטוגאַלישער קעניג האָט זיך בעצויגען צו יודען נישט בעסער פון דעם שפּאַנישען. ער האָט זיך מיט יודען בענוצט, ווען ער האָט זיי נויטיג געהאַט, אָבער אין אַלגעמיין האָט ער זיך בעצויגען צו זיי מיט שנאה. לויט דער פאָדערונג פון פּויפּסט האָט ער געגרינדעט אין פּאָרטוגאַליען אַ אינקוויזיציאָנס-קאָמיסיע, אויסצוזוכען די מאַראַנען, וואָס זענען ענטלאָפען פון שפּאַניען, און אין גיכען האָט זיך איהם געמאַכט אַ גוטע געלעגענהייט פּטור צו ווערען פון אַלע יודען מיט אַ מאָל. צווישען די פערמאַטערטע, אויסגעהונגערטע יודישע מגורשים האָט זיך אָנגעהויבען אַ עפּידעמיע, וואָס האָט צוגענומען צעהנדליגער טויזענדער מענשען (צווישען זיי איז געשטאָרבען ר׳ יצחק אבוהב) און די פּאָרטוגאַ-לער האָבען אָנגעהויבען זיך בעקלאָגען אויפ׳ן קעניג, פאַרוואָס ער האָט אַריינגעלאָזען אין לאַנד די „דורך גאָט פערשאָלטענע" יודען. דאַן האָט מען די יודען אָנגעהויבען אונטעראייליען, אַז זיי זאָלען וואָס גיכער פערלאָזען דאָס לאַנד. מען האָט זיי געגעבען שיפען און די אומגליק-ליכע האָבען זיך ווייטער געלאָזען אין וועג אַריין. נאָר דאָ האָבען זיך פאַר זיי אָנגעהויבען נייע צרות. כדי זיי זאָלען ניט פערשלעפּען מיט זיך די עפּידעמיע, האָט מען אומעטום זיי מורא געהאַט אַריינצולאָזען און זיי האָבען געמוזט עטליכע מאָנאַטען וואַנדערן איבער׳ן ים, פאָהרען פון איין אָרט צום צווייטען, זיין אינגאַנצען אין רשות פון די שיפס-קאַפּיטאַנען און מאַטראָסען, וואָס האָבען זיי בעהאַנדעלט, ווי שקלאַפען, זיי געמוטשעט מיט הונגער און אָפט אויך צוגענומען ביי זיי די פרויען און טעכ-

טער. איינע אזא שיף האט פערבלאנדזשעט צום ברעג פון מאלאגא, נאר אהין האט מען זיי נישט געוואלט ארייננלאזען. דאן האט די שיף זיך אבגעשטעלט אויפ'ן ים און לויט'ן בעפעהל פון דארטיגען בישאף פלעגען יעדען טאג קומען אויפ'ן שיף גייסטליכע און אגיטירען צווישען די אומגליקליכע וואנדערער, אז זיי זאלען זיך שמד'ען. עטליכע טעג האט געדויערט די אגיטאציע; און ווען דער בישאף האט געזעהען, אז עס העלפט נישט, האט ער בעפוילען, נישט ארויסצוגעבען די עמיגראנטען קיין עסען, זאגאר ברויט און וואסער. פינף טעג האט מען זיי אזוי געפייניגט מיט הונגער. פיעל האבען נישט אויסגעהאלטען און הונדערט מיינשען האבען ענדליך זיך געשמד'ט, נאר פופציג האבען זיך געהאלטען פעסט ביז צום סוף און זענען איינציגווייז אויסגעשטארבען פון הונגער.

נאך ערגער איז געוועזן דער גורל פון די יודען, וואס זענען צוליעב מאנגעל אין געלד אדער אנדערע סיבות געבליבען אין פארטוגאליען אויך נאך דעם בעשטימטען טערמין פון אכט מאנאטען. זיי זענען ערקלערט געווארען אלס לייב-אייגענע פון קעניג און צוטיילט געווארען צווישען די הויף-לייט. די קליינע קינדער פון די יודען האט מען אוועקגעשיקט אויף די ווילדע אינזלען סאן-טאמאס, כדי דארט זיי צו ערציהען אין קריסטליכען גייסט, נאר די קינדער זענען דארט אומגעקומען פון דעם בייזען קלימאט און פון שלאנגען און עקדישען.

ווען עס איז געשטארבען דער קעניג יאהאן און די מאכט איז איבערגעגאנגען צו עמאנואיל (1495), האבען יודען אנגעהויבען האפען אויף א ישועה. עמאנואיל האט ווירקליך נישט שלעכט זיך בעצויגען צו יודען און צוריקגעשענקט די פרייהייט יענע עמיגראנטען, וואס זענען ערקלערט געווארן פאר שקלאפען; אבער דא איז אונטערגעקומען א פאליטישע אינטריגע, צוליעב וועלכער דער קעניג האט שארף געביטען זיין בעציהונג צו יודען. עמאנואיל האט שטארק געוואלט חתונה האבען מיט דער עלטסטער טאכטער פון שפאנישען קעניג, האפענדיג, אז ער וועט אמאל זיין דער יורש פון שפאנישען טראן. פערדינאנד האט דערויף מסכים געוועזן, נאר געשטעלט א בעדינג, אז עמאנואיל זאל ארויסטרייבען פון זיין לאנד אלע יודען. די כלה אליין האט אויך אנדערש נישט געוואלט מסכים זיין צום שידוך. עמאנואיל האט דערויף איינגעשטימט און דעם 25-טען דעצעמבער 1496 איז ארויס א בעפעהל, אז אין פערלויף פון צעהן מאנאטען דארפען אלע יודען, סיי די איינגעבוירענע, סיי

די אנגעקומענע פון שפאניען, פערלאזען דאס לאנד, אדער זיך שמד'ען. דער קעניג האט זיך פאקטיש זעהר נישט געוואלט שיידען מיט די יודען, וואס זענען געווען זעהר נוצליך פאר'ן לאנד, און ער האט געהאפט, אז אין פערלויף פון די צעהן מאנאטען וועט זיך איהם איינגעבען איבערצורעדען די יודען, זיי זאלען זיך שמד'ען. ווען ער האט אבער געזעהען, אז דאס געהט נישט, האט ער זיך בעשלאסען אויף א טייוולאנישען פלאן, אום מיט געוואלט אבצושמד'ען אלע יודען. דערוויסענדיג זיך וועגען דעם, האבען יודען זיך אונטערגעאיילט און נאך פאר דעם טערמין זיך געלאזען אין וועג אריין. דאס האט זעהר אויפגעבראכט דעם קעניג און ער האט בעפוילען, צו מאכען אנ'אנפאל אויף די יודען אין ליסאבאן, וואס זענען שוין געווען גרייט אין וועג אריין, צוצונעהמען ביי זיי זייערע קינדער יונגער פון 14 יאהר, מיט געוואלט זיי אבשמד'ען און אבגעבען אויף ערציהונג צו קריסטליכע פאמיליען. דא זענען פארגעקומען שרעקליכע סצענעס: פיעל קינדער האט מען ביי די האר געשלעפט אין קירכע אריין און אבגעשמד'ט; די עלטערן זענען, ווי וואהנזיניגע, מיט יללות נאגעלאפען זייערע קינדער; אייניגע האבען באלד אויפ'ן ארט דערשטאכען פריהער די קינדער און דערנאך זיך אליין; אנדערע האבען נישט אויסגעהאלטען און זיך געשמד'ט, אבי נישט צו שיידען זיך מיט די קינדער.

אין הערבסט 1497 איז געקומען דער לעצטער טערמין. אין פארט פון ליסאבאן האבען זיך פערזאמעלט אנ'ערך 20 טויזענד יודען, וואס זענען געווען פארטיג צו פערלאזען דאס גיהנם-לאנד, נאר דא האט מען די שרעקליכע ענוים געפיהרט נאך ווייטער: מען האט זיי פערהאלטען אזוי לאנג, ביז עס איז פאריבער דער לעצטער טערמין, און דאן האט מען זיי ערקלערט, אז אזוי ווי זיי האבען דורכגעלאזען דעם טערמין, זענען זיי שוין יעצט שקלאפען פון קעניג און ער קאן איצט טאן מיט זיי, וואס ער וויל. מען האט זיי פארגעלעגט זיך צו שמד'ען און די, וואס האבען זיך ענטזאגט, האט מען געפייניגט מיט הונגער. נאר ווען דאס האט אויך נישט געהאלפען, האט מען פאר די האר זיי געשלעפט אין דער קירכע אריין. פיעל האבען זיך אויפ'ן וועג אויסגעריסען און זיך אין וואסער געווארפען אדער פון דאך אראבגעשפרונגען, נאר דאס רוב האבען לפנים זיך גע'שמד'ט, כדי ביי דער ערשטער געלעגענהייט צו אנטלויפען פון לאנד. די אנטלאפענע זענען אוועק קיין טערקיי און קיין צפון-אפריקא, אבער נאר א קליינער טייל פון זיי האט דערגרייכט דעם ציעל. פיעל זענען

אויפ׳ן וועג אויסגעשטאָרבען פון הונגער און מאטערניש, אנדערע זענען אריינגעפאלען אין די הענד פון גזלנים און פערקויפט געוואָרען פאר שקלאפען.

אָט אזוי איז אונטערגעגאנגען דער יודישער קולטורעלער צענטר אויף דער פירענעאישער האלב-אינזעל. און די יללות פון די פערטריבענע און געפייניגטע, צוזאמען מיט די קלאָג-ליעדער און קרעכצען פון חורבן, וועלן נאך לאנג, לאנג אָפּקלינגען אין דער יודישער ליטעראַטור און איבערלאָזען א טיעפען שפור אין דער פּסיכאָלאָגיע פונ׳ם גלות-יוד. אָבער דאָס יודענטום איז ווידער פערבליבען; דער יודישער גייסטיגער צענטר ווערט אריבערגעטראָגען אויף אנ׳אנדער אָרט, און דאָרט ווערט ווייטער געוועבט די אייביגע קייט פון דער נאציאָנאל-יודישער קולטור.

## צווייטעס קאַפּיטעל.

### דער נייער צענטר אין טערקיי.

---

דאָס ארויסטרייבען יודען פֿון שפּאַניען און פּאָרטוגאַליען איז געוועזען א געשעהעניש פֿון דער גרעסטער וויכטיגקייט אין דער געשיכטע פֿון יודען אין אלע לענדער. דער קולטורעלער יודישער צענטר, וואָס האָט זיך אכט הונדערט יאָהר געהאַלטען אין שפּאַניען, איז איצט געפאַלען און די שפּאַנישע יודען אליין האָבען געמוזט ווידער נעהמען דעם וואַנדער־שטעקען אין האַנד און זיך לאָזען אין גלות. דאָס האָט געמוזט ברענגען צו וויכטיגע רעזולטאַטען פֿאַר דער אלגעמיינער יודישער געשיכטע, און אומעטום, וואו יודען האָבען זיך דערוואוסט וועגען דעם גרויסען אומגליק פֿון די שפּאַנישע יודען, איז געוואָרען א יללה און א טרויער. זיי האָבען פֿערשטאַנען ווי געהעריג אָבצושאַצען די רעזולטאַטען פֿון דעם דאָזיגען שרעקליכען נאַציאָנאַלען אומגליק; אין די אויגען פֿון אלע יודען אין דער וועלט זענען די שפּאַנישע ברידער בעטראַכט געוואָרען, ווי די איידעלסטע, די שענסטע, — די יודישע אריסטאָקראַטען; לויט דער אלטער לעגענדע, שטאַמען די שפּאַנישע יודען פֿון דוד המלך און די ספֿרדים (שפּאַנישע יודען) האָבען דעריבער שטענדיג געקוקט אויף די איבריגע יודען מיט א געוויסען שטאָלץ, פֿון אויבען אראָב. איצט האָבען די דאָזיגע יודישע מיוחסים געמוזט פֿערוואָגעלט ווערן און זוכען שוץ ביי זייערע איבריגע ברידער. פֿון די הונדערטער טויזענדער יודען אין שפּאַניען און אין פּאָרטוגאַליען איז געבליבען גאָר א קליינער טייל; זייער געלד, וואָס זיי האָבען נאָך געהאַט בשעת דעם גירוש, איז אויפ'ן וועג צורונען געוואָרען, און זיי אליין, דערשלאָגענע און אויסגעמאַטערטע דורך

פֿיעל צרות און ענוים, האָבען געמוזט אַנטלױפֿען אין אַלע טהירען און פֿאַר זיך אַן אָרט זוכען.

אין פֿופֿציג יאָהר אַרום נאָכ׳ן גירוש בעגעגנען מיר נאָך, צוזייהט און צושפּרייט איבער דער וועלט, וואַנדערענדע מאַסען און גרופּען פֿון די אַרויסגעטריבענע יודען; אָבער סוף כּל סוף האָט דער מעכטיגער לעבענס־ווילען פֿון יודישען פֿאָלק גובר געווען אַלע שטערונגען און אומגענשליכע פּלאָגען. יודען האָבען זיך ווי עס איז איינגעאָרדענט אין אַנדערע לענדער, און דער יודישער קולטור־צענטער, וואָס איז חרוב געוואָרען מיט׳ן גירוש פֿון די שפּאַנישע יודען, האָט זיך אַריבערגעטראָגען אויף אַן אַנדער אָרט. די רעשטען פֿון די פֿערטריבענע יודען האָבען זיך איינגעאָרדענט אויף די אַפּענינער און באַלקאַנער האַלב־אינזלען, אין יעדען לאַנד צו ביסלעך; אָבער דער גרעסטער טייל יודען האָט זיך בעזעצט אין טערקײַ און אין די אַזיאַטישע מדינות, וואָס האָבען דאַן געהערט צו איהר.

ווי לויט דער בעשטימונג פֿון דער געטליכער השגחה, האָט זיך פּונקט געמאַכט, אַז גראָד נישט לאַנג פֿאַר דעם גרויסען יודישען גירוש אויף דער פּירענעאישער האַלב־אינזעל האָט זיך פֿאַר יודען געעפֿענט אַ בית־מקלט אין דער נייער מוסולמאַנישער מלוכה, וואָס האָט זיך געגרינדעט אויף דער באַלקאַנישער האַלב־אינזעל. אויף די חורבות פֿון ביזאַנטיען האָט זיך צו יענער צייט אויסגעבויט די מלוכה פֿון די אָסמאַנען, און ווען די מוסולמאַנישע פֿאָהן האָט אין 1453 צום ערשטען מאָל אויפֿגעפֿלאַטערט אויף די טויערן פֿון קאָנסטאַנטינאָפּאָל, האָט זיך אָנגעהויבען אַ נייע עפּאָכע אויך פֿאַר׳ן יודענטום, ווייל דער מוסולמאַנישער מלוכה איז בעשערט געווען דער ערשטער אויפֿצוברעכען די טויערן פֿון געטאָ און צו געבען יודען דאָס, וואָס עס האָט ביי זיי צוגענומען די קריסטליכע וועלט.

תּיכּף ווי קאָנסטאַנטינאָפּאָל איז איינגענומען געוואָרען דורך די טערקען, האָט דער סולטאַן מאַחמעד דער צווייטער אַרויסגעפֿיהרט די יודען אין ביזאַנטיען פֿון זייער רעכטלאָזער לאַגע. ער האָט זיי געגעבען פֿאָלקאָמע רעליגיעזע פֿרייהייט, דאָס רעכט צו וואוינען פֿריי אין אַלע שטעדט, איינאָרדנען זייערע קהלות, בויען שוהלען און שולען, פֿיהרען אומעטום האַנדעל א. אַז. וו. איינער פֿון די דאָרטיגע יודען, ר׳ יצחק צרפתי, האָט זיך בענוצט מיט דער גוטער געלעגענהייט און זיך געווענדעט מיט אַ אויפֿרוף צו זיינע ברידער אין דייטשלאַנד און אין עסטרייך,

װעלכע ער האָט פֿאָרגעלעגט זיך צו בעזעצען אין טערקײַ. ער האָט אין זײַן אױפֿרוף פֿערגלײַכט די געדריקטע יודישע לאַגע אין דײַטשלאַנד מיט דער לאַגע אין טערקײַ; געגעבען אָנצוהערען, אז אין דער צוקונפֿט איז פֿאַר יודען מעגליך אַ נאַציאָנאַלע אױפֿלעבונג אונטער דער שוץ פֿון די מוסולמאַנער. דער אױפֿרוף האָט געמאַכט אַ רושם: אײניגע גרופּעס יודען האָבען געפֿאָלגט דעם אױפֿרוף, זענען געקומען קײַן טערקײַ און אין קאָנסטאַנטינאָפּאָל האָט זיך צום ערשטען מאָל, צוזאַמען מיט דער געמײַנדע פֿון די דאָרטיגע „גריכישע" יודען, געגרינדעט אַ נײַע קהלה פֿון „אשכנזים", אָנגעקומענע פֿון דײַטשלאַנד, עסטרײַך און בעהמען.

די אמת׳ע עמיגראַציע פֿון יודען קײַן טערקײַ האָט זיך אָבער אָנגעהױבען נאָך די שרעקליכע יאָהרען פֿון 1492—1498. קאָנסטאַנטינאָפּאָל און אַנדערע שטעדט זענען איבערפֿולט געװאָרען פֿון טױזענדער יודישע מגורשים פֿון שפּאַניען און פּאָרטוגאַליען. די טערקישע רעגירונג האָט זעהר גערן אָנגענומען די דאָזיגע יודישע עמיגראַנטען און מען דערצעהלט, אז דער דעמאָלדיגער סולטאַן באַיאַזעט דער צװײטער, דערװיסענדיג זיך, אז מען האָט יודען אַרױסגעטריבען פֿון שפּאַניען, האָט אױסגעשריען: „װי קאָנט איהר זאָגען, אז דער שפּאַנישער קעניג פֿערדינאַנד איז אַ קלוגער הערשער, װען ער האָט אַ תל געמאַכט פֿון זײַן לאַנד און רײַך געמאַכט אונזערס!" װירקליך, האָבען די געבילדעטע שפּאַנישע יודען אַרײַנגעבראַכט מיט זיך קײַן טערקײַ פֿיעל קולטור, פֿיעל מיטגעהאָלפֿען, אז טערקײַ זאָל שטאַרק און רײַך װערן, און אויף אַזאַ אופֿן האָט דאָס גע׳רודפ׳טע יודישע פֿאָלק זיך נוקם געװען אָן זײַנע אונטערדריקער, װײַל פֿיעל פֿיעל האָט מען יודען געהאַט צו פֿערדאַנקען דערמיט, װאָס די מוסולמאַנישע מלוכה איז אַזוי מורא׳דיג שטאַרק געװאָרן און אַ לאַנגע צײַט געהאַט אַ שליטה איבער דער קריסטליכער װעלט. די יודען אין טערקײַ האָבען זיך ענערגיש גענומען צו אַלערלײַ מסחרים, מלאכות, קונסטװערק און מיליטערישע אַרבײַט. די ספּעציאַליסטען-טעכניקער פֿון די מאַראַנען האָבען אױסגעלערנט די טערקען די פֿאָלקאָמענהײַטען אין דער קונסט, צו בענוצען זיך מיט געװעהר, און דאָרט געעפֿענט פֿאַבריקען אויף אױסצואַרבײַטען פּולװער און האַרמאַטען, — די זעלבע, מיט װעלכע די טערקען האָבען דערנאָך געשלאָגען די קריסטען אָרער זײ אין דער מורא געהאַלטען. אין האַנדעל און אין אינדוסטריע האָבען יודען געהאַט פֿאַר זיך שטאַרקע קאָנקורענטען, די גריכען און אַרמענער, נאָר די טערקישע מלוכה, װאָס האָט יודען געהאַלטען פֿאַר אַ מעהר כשר׳ען

עלעמענט אין פּאָליטישער הינזיכט, האָט בעסער געשטיצט די יודישע
אינדוסטריע. די יודען האָבען נאָר געדאַרפֿט צאָהלען אַ געמיינדע-שטייער
און אַ צינז פֿון יעדען נפֿש בעזונדער, ווייטער האָבען זיי געהאַט אַלע
רעכטען און פֿרייהייטען, אויף וויפֿיעל דאָס איז נאָר מעגליך געווען אין
דער מזרח-דעספּאָטישער מלוכה. די מעדיצינישע פּראַקטיק, מיט וועלכער
עס האָבען זיך דאַן פֿערנומען די יודען, האָט זיי געעפֿענט דעם וועג
אין הויף אַריין. אַזוי האָט אינ׳ם הויף פֿון סולטאַן סעלים I (1512 — 20)
געהאַט אַ איינפֿלוס דער לייב-אַרצט יוסף המון און דערנאָך זיין זוהן
משה המון וועהר אַ געבילדעטער אַרצט און קענער פֿון יודישער ליטע-
ראַטור, ביים סולטאַן סוליימאַן.

די קלאַנגען וועגען דעם נייעם יודישען פֿרייען צענטער אין טערקײַ
האָבען אַהין צוגעצויגען אַלץ מעהר עמיגראַנטען. נישט בלויז פֿון שפּאַנ-
יען, נאָר אויך פֿון אַנדערע לענדער, וואו יודען זענען גע׳רודפֿ׳ט גע-
וואָרן. די ערשטע צייט האָבען די עמיגראַנטען זיך איינגעטיילט אויף
בעזונדערע גרופּען און יעדע גרופּע האָט זיך געהיט די שפּראַך פֿון דעם
לאַנד, פֿון וואַנען זי איז געקומען, איהרע ספּעציעלע איינענשאַפֿטען און
מנהגים. די ספֿרדים האָבען נאָך אַ לאַנגע צייט גערעדט אויף די
שפּאַנישע און פּאָרטוגעזישע שפּראַכען, און ווי ס׳ווייזט אויס, האָט שוין
דעמאָלט עקסיסטירט אַ דיאַלעקט, וואָס איז ענליך צו דעם יעצטיגען
שפּאַניאָלישען זשאַרגאָן. אין קאָנסטאַנטינאָפּאָל, וואו עס האָבען אין 16-טען
יאָהרהונדערט געוואוינט ביז 30,000 יודען, האָבען דאַן עקסיסטירט 44
שוהלען, לויט דער צאָהל פֿון די בעזונדערע גרופּען; אַחוץ די דריי
הויפּט-גרופּען: דאָרטיגע גריכישע יודען, ספֿרדים און אשכנזים, האָבען
נאָך עקסיסטירט פֿיעל קליינע גרופּען, אָדער קהלות; אויסער קאָנסטאַנ-
טינאָפּאָל, האָט די אימיגראַציע פֿיעל פֿערגרעסערט די צאָהל יודען אויך
אין אַנדערע שטעדט פֿון דער באַלקאַנישער האַלב-אינזעל, ווי סאַלאָניקי,
אַדריאַנאָפּאָל, ניקאָפּאָל און אַנדערע. פֿאַר איהר עקאָנאָמישע אויפֿבליהונג
האָט סאַלאָניקי פֿיעל צו פֿערדאַנקען דער אימיגראַציע פֿון די שפּאַנישע יודען.

דער ערשטער אָפֿיציעלער פֿערטרעטער פֿון דער אויטאָנאָמישער
יודישער געמיינדע אין טערקײַ איז געווען דער קאָנסטאַנטינאָפּאָלער רב
ר׳ משה קאַפּסאַלי. אַ געבוירענער אין גריכענלאַנד האָט ר׳ משה קאַפּ-
סאַלי שוין פֿערנומען די שטעל פֿון רב אין קאָנסטאַנטינאָפּאָל נאָך אין
יאָהר 1450, אין נאָכדעם ווי די הויפּט-שטאָדט פֿון ביזאַנטיען, קאָנסטאַנ-
טינאָפּאָל, איז איינגענומען געוואָרען דורך די מוסולמענער, האָט דער

סולטאן מאחטעד דער צווייטער איהם בעשטימט אלס הויפט-ראבינער פון אלע טערקישע יודען. דאס איז געווען דער ערשטער חכם-באשי אין טערקיי און לויט זיין טיטול איז ער געווען גלייך צו דעם מוסולמאנישען מופטיא און קריסטליכען פאטריארך. זיין טעטיגקייט איז בעשטאנען אין דער העכערער השגחה אויף דער זאמלונג פון די מלוכה-אונ געמיינדע-שטייערן, און דאס רעכט צו בעשטימען רבנים, פסק'נען די וויכטיגסטע דיני-תורה און ארויפלעגען שטראפען. אלס גייסטליכער אנפיהרער פון יודען האט ר' משה קאפסאלי זיך געהאלטען ביי די קאנסערוואטיווע מיטלען און זיך געסטארעט דורך פערשידענע גזירות אבצוהיטען דאס יודענטום, אבער דאך האבען זיך געפונען פיעל, וואס האבען בעשולדיגט ר' משה קאפסאלי, אז ער איז נישט גענוג פרום, נישט גענוג אויטאריטעט אלס למדן, און זיין גאנץ לעבען האט ער געליטען פון פארטיי-אינטריגעס. ער האט נאך דערלעבט צו דער צייט, ווען קיין טערקיי האבען אנגעהויבען אנקומען נייע יודישע אימיגראנטען פון שפאניען, און ער האט גענומען א הייסען אנטייל אין דער איינארדנונג פון די דאזיגע אומגליקליכע יודען (ער איז געשטארבען ארום 1495).

זיין שטעל-פערטרעטער איז געווען ר' אליהו מזרחי (1495 — 1525), א תלמודיסט, מאטעמאטיקער און אסטראנאם, וואס האט בעקומען זיין בילדונג אין איטאליען. אין דער צייט, וואס ער איז געווען הויפט-ראבינער, האט דער אריינפלוס פון די ארויסגעטריבענע יודען קיין טערקיי דערגרייכט די העכסטע שטופע און מזרחי האט נישט ווינציג אויפגעטאן פאר דער איינארדנונג פון די דאזיגע יודען. ער האט זיך אבער נישט בענוגענט מיט דער מאטעריעלער שטיצע פון די געליטענע, נאר זיך אויך געסטארעט אויפצוהויבען זייער גייסטיג. דורך עפענטליכע לעקציעס און ספרים האט ער זיך געסטארעט צו פערשפרייטען צווישען פאלק תלמוד'ישע, ביבלישע און מאטעמאטישע ידיעות און ער האט אויך פערזענליך אנגעפיהרט מיט דער וויסענשאפטליכער ארבייט אין דער קאנסטאנטינאפאלער ישיבה. פון זיינע ספרים איז אממעהרסטען פאפולער געווארען דער פירוש אויף רש"י. חאטש ער איז געווען אין רעליגיעזע ענינים שטרענג-קאנסערוואטיוו, האט ער זיך דאך בעצויגען זעהר טאלעראנט צו אנדערע און ער האט אבגעשאפט דעם חרם פון איינינגע רבנים אויף די ספרדים, וואס האבען זיך גע'חבר'ט מיט די קאראאימען, געפינענדיג פאר זעהר געוואונשען, דאס די יודען מיט די קאראאימען זאלען זיך דערנעהענטערן איינע צו די אנדערע.

דער עמיגראציאנס־שטראם קיין טערקיי האט אויפגעלעבט אויף א צייט אויך דאס בעטריבטע לאנד פאלעסטינא, וואס איז אין פערלויף פון פיעל דורות פיעל צרות אויסגעשטאנען. אין דער עפאכע פון די קרייץ־צוגען איז פאלעסטינא געווען דער קאמפפס־פלאץ צווישען די מוסולמא־נער און קרייץ־טרעגער, און דערנאך — צווישען די פערשידענע שבטים און דינאסטיעס פון די מוסולמאנער גופא. אין 14־טען און 15־טען יאהר־הונדערט האט זיך פאלעסטינא געפונען אונטער דער הערשאפט פון די עגיפטישע סולטאנען, אבער פון צייט צו צייט זענען אויף איהר אנגעלא־פען ווילדע שבטים און זי וויסט געמאכט. קיין ירושלים פלעגען פון צייט צו צייט אנקומען פון אייראפא קליינע גרופען יודען, וואס האבען זיך בעמיהט איינצוארדנען דאס לעבען פון דער דארטיגער יודישער קהלה; אבער אזוי ווי די יודען זענען דארט געווען זעהר ווינציג און שוואך, האבען די אלע פראבען קיין ערפאלג נישט געהאט. אין 15־טען יאהרהונדערט ווערט דער יודישער עלעמענט אין ירושלים עטוואס גרעסער; דער רב און דאקטאר אליהו פון פערארא, וואס איז געקומען קיין ירושלים אין יאהר 1434 און געווארען דארט דין און ראש ישיבה, דערצעהלט, אז די דארטיגע יודען לעבען מיט די מוסולמאנער בשלום און ערנעהרען זיך פון אייניגע מלאכות, איבערהויפט פון זייד־אויסארבייטונגען. די פער־גרעסערונג פון דער יודישער בעפעלקערונג אין ירושלים האט אין יענער צייט בעשאפען א לעגענדע, אז יודען האבען אבגעקויפט דעם בארג ציון און דארט אויסגעבויט א שוהל אויפ'ן ארט פון די קריסטליכע הייליגע מקומות; שפעטער האט מען אויך צוגעגעבען, אז יודען האבען כלומר'שט אב־געקויפט אויך דעם קבר פון קריסטוס. די מאנאחען האבען דאן גע־פועל'ט ביים פויפסט, אז ער זאל ארויסגעבען א בעפעהל פאר די קריסט־ליכע שיפס־בעזיצער, זיי זאלען נישט אריבערפיהרען קיין יודען פון אייראפא קיין פאלעסטינא, און א לאנגע צייט האבען די יודישע עולי־רגל געמוזט פאהרען קיין פאלעסטינא נאר דורך א געדרעהטען וועג.

נאך דער שפאנישער קאטאסטראפע הויבט זיך אן פאר פאלע־סטינא א נייע עפאכע. מיט פיער יאהר פאר דער קאטאסטראפע האט דער בעוואוסטער רב ר' עובדיה מברטנורה, וואס איז געקומען פון איטאליען קיין ירושלים, געטראפען דארט נאר זיבעציג יודישע פאמי־ליעס, איבערהויפט אשכנזים (1488). אין דריי יאהר ארום האט די צאהל יודישע פאמיליעס זיך דארט פערגרעסערט ביז 200, און מיט פינף און צוואנציג יאהר נאך שפעטער — ביז 1500. דער דאזיגער שנעלער וואוקס

פון דער יודישער בעפעלקערונג איז ארויסגערופען געווארן דורך דער אימיגראציע פון די שפאנישע מגורשים. די ערשטע צייט איז אין דער שפיץ פון דער ירושלים'ער געמיינדע געשטאנען ר' עובדיה מברטנורה. זענענדיג הויך געשעצט סיי פון די יודען, סיי פון די מוסולמאנער, — האט ר' עובדיה געבראכט אין ארדנונג די פערלאזטע זעלבסט-פערוואלטונג און געפיהרט די למודים אין די יודישע שולען. אין 1517 איז אין פאליטישען גורל פון סיריען און פאלעסטינא פארגעקומען א איבערקעהרעניש; דער טערקישער סולטאן סעלים I האט איינגענומען די דאזיגע פראווינצען צוזאמען מיט עגיפטען אליין ביי די עגיפטישע סולטאנען-מאמעלוקען, און פאלעסטינא האט דערפון נאר געקאנט אויסשפיעלען, צוליעב די נאציאנאלע און רעליגיעזע געפיהלען האבען די יודען זיך איבערזעצט פון אייראפעאישען טערקיי קיין ארץ ישראל און די יודישע בעפעלקערונג אין פאלעסטינא האט זיך אלץ מעהר פערגרעסערט. די יודישע קהלה אין ירושלים איז דאן בעשטאנען פון פערשידענארטיגע עלעמענטען; אין דער שפיץ פון דער קהלה איז פון 1525 געשטאנען דער בעוואוסטער רב ר' לוי בן חביב, איינער פון די ספרדישע מגורשים, וועלכער איז אין דער יוגענד מיט געוואלט אבגעטויפט געווארען אין פארטוגאליען און דערנאך ענטלאפען קיין טערקיי.

א בעדייטענדע יודישע קהלה האט זיך אויך געגרינדעט אין דער שטאט צפת, אין גליל. אין יאהר 1521 זענען דארט געווען 300 יודישע פאמיליעס מיט דריי שוהלען. די יודישע קהלה אין צפת האט פערמאגט עטליכע אנגעזעהענע תלמוד'יסטען און בראש פון זיי איז געשטאנען דער ענערגישער רב ר' יעקב ברב (1474 — 1541), וועלכער האט נאך דער שפאנישער קאטאסטראפע א לאנגע צייט געוואוינט אין צפון-אפריקא און דערנאך זיך בעזעצט אין פאלעסטינא.

דער דאזיגער ר' יעקב ברב האט זיך פערנומען אויפצוטאן א גרויסע זאך: גרינדען אין פאלעסטינא א העכע'ן רבנים-קאלעגיום, אויפ'ן שטייגער פון אמאליגען סנהדרין, וואס זאל האבען דאס רעכט צו לעזען אלע שווערע רעליגיעזע פראגען און ארויסגעבען סמיכות אויף רבנות אין ארץ ישראל און אין חוץ לארץ. דורך אזעלכע מיטלען האבען ר' יעקב ברב און זיינע אנהענגער געוואלט גרינדען איין אלגעמיין-יודישען גייסטיגען צענטר אין יודישען פאטערלאנד. די צפת'ער תלמוד'יסטען האבען דעם פלאן בעשטעטיגט, געגרינדעט א דערוויילייען רבנים-קאלעגיום און אויסגעקליבען פון זיך אלס הויפט-רב ר' יעקב

בירב (1538). נאָכדעם האָבען די צפת'ער רבנים געשיקט אַ בריעף צו די רבנים אין ירושלים, זיי מודיע געווען וועגען דער זאַך און ערקלערט, אַז זיי זענען נאָר אויסען אויפצוהויבען „די געפאַלענע פאָהן פון דער תורה" און בעשאַפען אַזאַ אויטאָריטעטען רבנים=קאָלעגיום, וואָס זאָל האָבען ברייטע פאָלמאַכטען אין רעליגיעזע און אין גײַסטיגע ענינים. אָבער דעם ירושלים'ער רב, ר' לוי בן חביב, און זײַנע אנהענגער האָט שטאַרק פערדראָסען, וואָס ר' יעקב בירב האָט זיך ערלויבט אָהן זייער וויסען און אָהן דער הסכמה פון אַנדערע רבנים אויפצוטאָן אַזאַ זאַך, וואָס האָט אַ אַלגעמײַן=יודישע בעדײַטונג, און ר' לוי איז ענערגיש אַרויסגעטרעטען געגען דעם פּלאַן. צווישען ר' יעקב און ר' לוי האָט זיך אָנגעהויבען אַ הייסע פּאָלעמיק, וואָס איז דערגאַנגען ביז פערזענליכע זלזולים און בעליידיגונגען, און פון דעם פּלאַן צו גרינדען אין פּאַלעסטינאַ אַ צענטראַלען גײַסטיגען אָרגאַן — איז גאָרניט געוואָרען. עס האָט זיך געענדיגט נאָר דערמיט, וואָס ר' יעקב האָט דערווײַל, בעגוצענדיג זיך מיט זײַנע פאָלמאַכטען, געגעבען סמיכות אויף רבנות אייניגע מענשען, צווישען זיי אויך דעם שפּעטערדיגען מחבר פון שולחן=ערוך, ר' יוסף קאַראָ. מען מוז אָבער זאָגען, אַז דער גראַנדיעזער פּלאַן האָט זיך ניט איינגעגעבען ניט אַזוי צוליעב דיזעם פּראָטעסט פון אייניגע רבנים, ווי צוליעב וויכטיגערע סיבות. קיין פּאַלעסטינאַ האָבען דעמאָלט זיך געצויגען יודען, וואָס זענען ניט געווען פעהיג ניט צו קיין מלאכה, ניט צו קיין מסחר, נאָר וואָס האָבען בלויז געוואָלט לעבען אָדער שטאַרבען אויף דער הייליגער ערד. דאָס לאַנד איז דעריבער איבערפולט געוואָרען פון זקנים און שוואַכע לײַט, וואָס קאָנען ניט ערנעהרען זיך פון זייער אייגענער אַרבײַט. יודען האָבען געהאַלטען פאַר אַ חוב צו שטיצען זייערע ברידער אין פּאַלעסטינאַ און אין אַלע גרעסערע שטעדט פון מערב פּלעגט מען זאַמלען נדבות פאַר די יודען אין ארץ ישראל. דאָס איז אָבער פאָרט געווען ווינציג פאַר די טויזענדער אָרימע יודען אין פּאַלעסטינאַ און דאָס לאַנד איז דעריבער געוואָרן אַ נעסט פון אָרימקײַט, שנאָרערײַ און בטלנות. בײַ אַזעלכע בעדינגונגען האָט דאָרט זיך ניט געקאָנט ענטוויקלען ניט קיין זעלבסטשטענדיגע יודישע קולטור, ניט קיין פרייגעזעלשאַפטליכע אַרבײַט און אויף אַזאַ אופן האָט פּאַלעסטינאַ ניט געקאָנט נעהמען אויף זיך די ראָליע פון אַ נאַציאָנאַלען קולטור=צענטר און דער סנהדרין האָט דאָרט קיין פּלאַץ ניט געהאַט.

מיט פאלעסטינא זענען דאן געווען ענג צוזאמענגעבונדען די יודישע קאלאניעס אין עגיפטען און אין צפון=אפריקא. פיעל פון די ענטלאפענע יודען האבען אין עגיפטען געפונען א שוץ=ארט פאר זיך. אין קאאירא, אלעקסאנדריא און אנדערע שטעדט האבען צוזאמען מיט די קהלות פון די דארטיגע יודען עקסיסטירט אויך ספרדישע קהלות. אין דער שפיץ פון די קהלות זענען געשטאנען די „נגידים", אפיציעלע יודישע פערטרעטער. ווען עגיפטען איז איבערגעגאנגען צו טערקיי, האט די טערקישע רעגירונג אבגעשאפט דעם טיטול; פאקטיש אבער האבען די הויפט=ראבינער אין קאאירא אויך ווייטער ערפילט די פליכטען פון די „נגידים". פון אנ׳ערך 1520 האט די דאזיגע שטעל פערנומען דער בעריהמטער ראש ישיבה אין קאאירא ר׳ דוד אבו זמרה (רדב״ז), דער מחבר פון פיעל „תשובות" און איינינגע קבל׳יסטישע ספרים. אין פערלויף פון 40 יאהר האט רדב״ז פערוואלטעט מיט די גייסטיגע און געזעלשאפטליכע ענינים פון דער יודישער געמיינדע אין קאאירא און פיעל מיטגעהאלפען אינערליך איינצוארדנען די יודישע געמיינדע. אין טיפער עלטער האט ער פערלאזען עגיפטען און זיך בעזעצט אין צפת און געווארן א טעטיגער מיטגליד פון צפת׳ער רבנים=קאלעגיום, אין דער שפיץ פון וועלכען עס איז געשטאנען (נאך ר׳ יעקב בירב ר׳ יוסף קארא.

די עגיפטישע יודען זענען שטענדיג טריי געבליבען דעם טערקישען סולטאן, וואס איז געווען דער הויפט=הערשער פון עגיפטען, און זייער טרייהייט האבען זיי בעוויזען, ווען דער דארטיגער פאשא אחמעד שייטאן האט איינמאל געוואלט מאכען א אויפשטאנד און זיך אבטיילען פון טערקישען סולטאן. וועגען דעם האט זיך דערוואוסט דער אנגעזעהענער יוד אברהם דע קאסטרא, וועלכער איז אוועק קיין קאנסטאנטינאפאל און וועגען דעם מודיע געווען דעם סולטאן. אלס נקמה פאר דעם פערראט, האט דער פאשא ארויפגעלעגט אויף יודען א אונגעהויער גרויסע קאנטריבוציע, און ווען די יודען האבען אזא גרויסע סומע געלד נישט געקאנט צושטעלען, האט דער פאשא געהייסען שמידען אין קייטען די פארשטעהער פון דער יודישער געמיינדע און געדראהט אויסצו׳הרג׳נען אלע קאאירער יודען. די יודען זענען דעמאלט געשטאנען אין גרויס סכנה, נאר צום גליק איז גראד אריינגעטרעטען צו דעם מאמענט דאס חיל פון סולטאן, וועלכעס האט געחאפט דעם פאשא און דערנאך איהם ערמארדעט. דעם טאג פון דער בעפרייאונג (כ״ז אדר 1524) האבען די דארטיגע יודען א לאנגע צייט געפייערט, אלס יום טוב, אונטער׳ן נאמען „פורים של מצרים".

אויך די לאַגע פֿון די יודען אין צפֿון־אַפֿריקאַ האָט זיך פֿערבעסערט נאָכדעם, ווי די מדינה איז איבערגעגאַנגען אונטער דער הערשאַפֿט פֿון טערקײַ. באַלד נאָך דער קאַטאַסטראָפֿע פֿון 1492 זענען אַהין ענטלאָפֿען פֿיעל יודען פֿון שפּאַניען, וואָס האָבען דאָרט געמײנט צו געפֿינען אַ שוץ; אָבער די בלוטיגע האַנד פֿון פֿערדינאַנד האָט דערגרײכט אויך אַהין, און ווען די שפּאַניער האָבען פֿערכאַפּט אַ טײל פֿון די טעריטאָריומס פֿון טוניס און טריפּאָל, האָבען זיך אויך דאָרט אָנגעהויבען רדיפֿות אויף יודען. די יודישע לאַגע האָט זיך געבעסערט ערשט אין דער צווייטער העלפֿט פֿון 16־טען יאָהרהונדערט, ווען דאָס לאַנד איז אינגאַנצען איבערגעגאַנגען צו טערקײַ. — דער פּאַטריאַרך פֿון די אַפֿריקאַנישע יודישע געמײנדעס איז דאַן געוועזען דער אַלזשירער רב ר' שמעון דוראַן דער צווייטער, וועלכער האָט זיך זעהר געזאָרגט פֿאַר'ן גורל פֿון די פֿערטריבענע, און אויסגעקויפֿט פֿיעל געפֿאַנגענע יודען בײַ די פּיראַטען און שקלאַפֿען־הענדלער. צו יענער צײַט האָט אין טוניס געוואוינט דער אַסטראָנאָם און היסטאָריקער ר' אברהם זאַקוטאָ, וואָס איז פֿריהער געווען אַסטראָלאָג בײַ'ם פּאָרטוגאַלישען קעניג. דאָ האָט ער אָנגעשריבען אַ היסטאָרישע כראָניק „ספר היוחסין", וואָס ענטהאַלט אַ רשימה פֿון די וויכטיגסטע, איבערהויפּט רעליגיעזע, געשעהענישען אין דער יודישער געשיכטע פֿון אָנהויב־אָן ביז דער עפּאָכע פֿון מחבר. זײַן וואַנדער־לעבען האָט זאַקוטאָ פֿערענדיגט אין טערקײַ (אַרום 1515).

פֿיעל פֿערבעסערט האָט זיך די יודישע געזעלשאַפֿטליכע און עקאָנאָמישע לאַגע אין טערקײַ בעת דער הערשאַפֿט פֿון סולטאַן סולײמאַן „דער פּראַכטפֿולער" (1520—60), ווען טערקײַ איז געוואָרן זעהר אַ שטאַרקע מלוכה. אײנער פֿון די פֿראַנצויזישע רײזענדע אין 1551 שרײבט וועגען דעם דעמאָלדיגען צושטאַנד פֿון יודען: „די צאָהל יודען אין טערקײַ און אויף די גריכישע אינזלען איז זעהר גרויס. אין דער הויפּט־שטאָדט פֿון דער מלוכה, קאָנסטאַנטינאָפּאָל, ווערען זײ אַליין מעהר בערעכטיגט. אין זײערע הענד געפֿינען זיך דער גאַנצער האַנדעל און אינדוסטריע, באַנק־געשעפֿטען און אַלע צווײגען פֿון האַנדווערק און מאַנופֿאַקטור. זײ טראַנספּאָרטירען מיט'ן ים און מיט דער יבשה פֿיעל סחורות פֿון מזרח קײן מערב און פֿערקעהרט. צו זײ געהערען די גרויסע מאַגאַזינען אין דער הויפּט־שטאָדט, וואָס זענען איבערפֿולט מיט די טײַערסטע זאַכען. די יודען, און איבערהויפּט די מאַראַנען, וואָס זענען אַרויסגעטריבען געוואָרן פֿון שפּאַניען און פּאָרטוגאַליען, ווײַזען אויך

ארוים גרויסע פעהיגקייטען אין דער טעכניק. צום אומגליק פון די קריסטען, לערנען זיי אוים די טערקען, ווי אזוי אויסצוארבייטען פולווער, קוילען און אנדערע מיליטערישע געוועהר. זיי גרינדען אויך דרוקערייען פאר גריכישע, רוימישע און איטאליענישע ביכער און דיענען אלס איבערזעצער פאר די אייראפעער, וואס קומען קיין טערקיי". אין יאהר 1550 האט א גרופע סאלאניקער יודען זיך געווענדעט מיט א אויפרוף צו זייערע נע׳רודפ׳טע ברידער אין דרום-פראנקרייך, אין וועלכען זיי האבען איינגעלאדען די לעצטע צו קומען קיין טערקיי, וואו יודען „קאנען לעבען אין עושר און אין כבוד און נישט ליידען דעם יאך פון גלות".

די יודישע אינטערעסען, נישט בלויז אין טערקיי, נאר אפט אויך אין אנדערע לענדער, האבען ענערגיש פערטיידיגט די יודישע שטאאטס-לייט ביים טערקישען הויף. דער אויבענדערמאנטער לייב-ארצט פון סולטאן סולײמאן, משה האמאן, האט בעגלייט דעם סולטאן אין אלע זיינע רייזען און געהאט די מעגליכקייט צו בעקאנען זיך מיט דער נויט פון יודען אין פערשידענע ערטער. ער האט ענערגיש פערטיידיגט די יודישע אינטערעסען ביים הויף און א דאנק זיין השתדלות איז קיין טערקיי געקומען פון איטאליען איינע א בעריהמטע מאראנען-פאמיליע, וועלכע האט געהאט א העכסט-אינטערעסאנטע געשיכטע.

אין פארטוגאליען האט געוואוינט א אריסטאקראטישע מאראנען-פאמיליע מענדעס, וואס האט געהאט א באנק-הויז אין ליסאבאן און א אבטיילונג אין אנטווערפען. דער דייטשער קייזער און דער שפאנישער קעניג קארל דער 5-טער, דער פראנצויזישער קעניג פראנציסק 1 און אנדערע מלכים פון אייראפא פלעגען בארגען געלד ביי דער באנק. צוליעב דער אינקוויזיציע און אויך צוליעב דעם טויט פונ׳ם אנפיהרער פון דער פאמיליע האט די אלמנה גראציא מענדעס אין 1536 פערלאזען ליסאבאן און זיך בעזעצט אין אנטווערפען; צוזאמען מיט איהר זענען אהין אריבערגעפאהרען איהר יונגע טאכטער ריינא און איהר פלעמעניק יאהאן מיקעץ. אלס יונגער, שענער און הויך-געבילדעטער מענש האט מיקעץ באלד געשלאסען בעקאנטשאפט מיט די גרעסטע אריסטאקראטישע הייזער און אויך ערווארבען די סימפאטיע פון דער האלענדישער קעניגין מאריא, די שוועסטער פון קעניג קארל דעם 5-טען; די פערבינדונגען מיט דער העכערער געזעלשאפט האבען אבער נאך שווערער געמאכט די לאגע פון דער פאמיליע, וואס האט בכבוד געהיט די יודישע רעליגיע. גראציא מענדעס האט זיך נישט געקענט שפירען זיכער

אין אַ לאַנד, וואו אויף יעדען טריט פֿון אַ מאַראַן האָבען געלאָקערט צעהנדליגער שפּיאָנען פֿון דער אינקוויזיציע, און זי האָט בעשלאָסען צוזאַמען מיט איהרע אייגענע אַריבערצופֿאָהרען קײַן ווענעציע און פֿון דאָרטען ווײַטער קײַן טערקײַ. דאָס איז אָנגעקומען נישט אַזוי לײַכט, ווײַל דער קעניג קאַרל דער 5=טער האָט געוואָלט קאָנפֿיסקירען איהרע קאַפּיטאַלען אויף דעם סמך, וואָס זי, לויט די געהיימע ידיעות פֿון די שפּיאָנען, האָט געהיט די יודישע רעליגיע. ענדליך האָט זיך זיי מיט גרויס מיה אײַנגעגעבען אַרויסצופֿאָהרען פֿון אַנטווערפּען; אָבער אין ווענעציע האָט זיי געטראָפֿען אַ נײַע צרה. צוליעב אינטריגעס און מסירות האָט מען זיך דערוואוסט, אַז די רײַכע מאַראַנישע פֿאַמיליע האָט בדעה צו פֿאָהרען פֿון דאָרטען ווײַטער קײַן טערקײַ, און די ווענעציאַנישע רעגירונג האָט דעריבער פֿערהאַלטען זיי, כּלומר'שט אויף דעם סמך, וואָס די רעגירונג האָט נישט געוואָלט דערלאָזען, אַז אַ גאַנצע פֿאַמיליע זאָל אָבפֿאַלען פֿון קריסטענטום; מיט דעם צופֿאַל האָט זיך אויך בענוצט דער פֿראַנצויזישער קעניג העינריך II, וועלכער האָט זיך ענטזאָגט צו בעצאָהלען זײַן גרויסען חוב דעם באַנק=הויז פֿון מענדעס. דאַן האָט יאָהאַן מיקעץ זיך געווענדעט מיט אַ בריעף צום טערקישען סולטאַן סולײַמאַן, וועלכען ער האָט מודיע געווען, אַז אַ רײַכע מאַראַנען=פֿאַמיליע וויל אַריבערפֿיהרען איהרע קאַפּיטאַלען קײַן טערקײַ, נאָר מען שטערט איהר. לויט דער בקשה פֿון לײַב=אַרצט משה האַמאָן האָט דער סולטאַן אַרויסגעשיקט קײַן ווענעציע אַ שליח מיט אַ שטרענגער פֿאָדערונג, תיכף דורכצולאָזען די מאַראַנען=פֿאַמיליע. קומענדיג פֿון ווענעציע קײַן פֿעראַראַ איז די אַלמנה גראַציע תיכף אָפֿען איבערגעגאַנגען אין דער יודישער רעליגיע. פֿון דאָרטען איז זי מיט דער פֿאַמיליע און אַ גרויסע סוויטע מאַראַנען אַריבערגעפֿאָהרען קײַן קאָנסטאַנטינאָפּאָל און דאָ האָט אויך מיקעץ (1552) פֿאָרמעל אָנגענומען די יודישע רעליגיע און אומגעביטען זײַן נאָמען יאָהאַן אויף יוסף מיט דעם בײַ=נאָמען נשיא (פֿירשט). ער האָט חתונה געהאַט מיט זײַן שוועסטערקינד ריינאַ, וועלכע האָט גע'שמ'ט מיט איהר שענקײַט און קלוגשאַפֿט.

בעזועצענדיג זיך אין קאָנסטאַנטינאָפּאָל האָט גראַציאַ מענדעס זיך אָבגעגעבען מיט ברייטער צדקה=אַרבײַט, שטיצענדיג איבערהויפּט די אַרויסגעטריבענע מאַראַנען. אַ גלענצענדע קאַריערע האָט געמאַכט אויך איהר אײדים יוסף נשיא; זײַן גרויסע בילדונג, זײַנע בעציהונגען מיט די שטאַטס=מענער אין אייראָפּאַ און זײַנע אונגעוועהנליכע דיפּלאָמאַטישע

פעהיגקייטען האבען אויף זיך ארויפגעצויגען די אויפמערקזאמקייט פון סולטאן סולימאן. יוסף נשיא איז געווארן א נאהענטער ראט-געבער פון סולטאן און צוזאמען מיט דעם גרויס-וויזיר האט ער גענומען א ווילכטיגען אנטהייל אין דער אויסערליכער פאליטיק פון טערקיי. ווען די קריסטליכע דיפלאמאטען האבען זיך איבערצייגט, ווי גרויס עס איז דער איינפלוס פון יוסף נשיא אויפ׳ן סולטאן, האבען זיי געפרובט דורך פערשידענע אינטריגעס אראבווארפען זיין חן ביים סולטאן; נאר ווען דאס אלץ האט נישט געהאלפען, האבען זיי געביטען די טאקטיק און אנגעהויבען זיך אונטער׳חנפ׳נען צו איהם. דער דייטשער קייזער מאקסימיליאן דער צווייטער האט געשיקט צו יוסף נשיא א בריעף, מיט זיין אייגענער האנד געשריבען, מיט א ביטע, אז ער זאל זעהן מיטהעלפען, דאס טערקיי זאל פרידליך דורכקומען מיט דייטשלאנד. דער פוילישער קעניג סיגיזמונד-אויגוסט האט געבעטען דעם יודישען „עקסעלענץ״, ער זאל איהם שטיצען זיין פאליטיק און דערפאר וועט ער, דער קעניג, געבען די פוילישע יודען פערשידענע פריווילעגיעס. אבער יוסף נשיא האט דאך נישט אנגענומען קיין שום פארשלאגען דארט, וואו עס האט זיך געהאנדעלט וועגען די אינטערעסען פון טערקיי.

דער סולטאן האט הויך געשעצט די פעהיגע ארבייט פון יוסף נשיא און דערפאר איהם געשאנקען די אלטע שטאדט טבריה מיט אלע ארומיגע דערפער און איהם ערלויבט צו בעזעצען די דאזיגע געגענד דורכאויס מיט יודען. יוסף נשיא האט שוין לאנג זיך ארומגעטראגען מיט א פלאן צו גרינדען א אויטאנאמישע געגענד פאר יודען אין פאלעסטינא און יעצט האט ער זיך בענוצט מיט דער געלעגענהייט און פאר׳ן געלד פון זיין רייכער שוויגער און זיין אייגענעם קאפיטאל האט ער אנגעהויבען בויען הייזער אין טבריה, וואס איז געוועזען האלב-צערשטערט. די שטאדט איז ארומגעמויערט געווארן מיט א וואנט און אין דער ארומגעגענד זענען פערפלאנצט געווארן ביימער; נאכדעם האט יוסף נשיא צושיקט אויפרופען צו די געפלאגטע יודען אין אייראפא און פארגעלעגט יודישע ארבייטער, צו קומען קיין פאלעסטינא און זיך בעזעצען אין דער פראווינץ פון טבריה. פון איטאליען זענען אנגעקומען קיין פאלעסטינא איינציגע יודישע גרופען בעלי-מלאכות און אין טבריה האבען זיך בעזעצט עטליכע יודישע קאלאניסטען; עס איז אבער נישט בעשערט געוועזען, אז דער שענער פלאן פון יוסף נשיא זאל פערווירקליכט ווערן; ערשטענס, האבען די יודישע קאלאניסטען אין טבריה פיעל געליטען פון

די אנפאלען פון די אראבער, צווישען וועלכע עס האט זיך דאן פערשפרייט א לעגענדע, אז אויב די צערשטערטע טבריה וועט ווידער אויפגעבויט ווערן, וועט די מוסולמאנישע רעליגיע אונטערגעהן. צווייטענס, האט די דיפלאמאטישע טעטיגקייט פון יודישען פירשט אין קאנסטאנטינאפאל אבגענומען ביי איהם די גאנצע צייט און אויפמערקזאמקייט, אזוי אז פון דער שענער אידעע וועגען א יודישען אויטאנאמישען צענטער אין פאלעסטינא האט זיך גארנישט אויסגעלאזען.

יוסף נשיא האט פארטגעזעצט זיין דיפלאמאטישע טעטיגקייט אויך ביי'ם זוהן פון סוליימאן, סעלים דער צווייטער (1566—74), וואס האט פון די קינדער-יאהרען אן זיך גע'חבר'ט מיט דעם יודישען פירשט. די אויסערליכע פאליטיק פון טערקיי האבען אין יענער צייט געפיהרט צוויי מענשען: דער גרויס-וויזיר מאחמעד סאקאלי, א קריסט, וואס האט אנגענומען דאס מוסולמאנישע גלויבען, און יוסף נשיא. צווישען די ביידע שטאאטס-מענער פלעגען אמאל פארקומען סכסוכים און אין דער אויסערליכער פאליטיק האט אמאל גובר געווען דער ערשטער, אמאל דער צווייטער. פאר זיינע גרויסע פערדינסטען איז יוסף נשיא בעשאנקען געווארען מיט דעם טיטול הערצאג פון נאקסאס און די איבעריגע ציקלאדע-אינזלען. נאכ'ן טויט פון סעלים דעם צווייטען האט יוסף נשיא זיך דערווייטערט פון פאליטישער ארבייט און זיך אינגאנצען איבערגעגעבען צדקה-זאכען. ער האט געשטיצט די רבנים-שולען אין קאנסטאנטינאפאל און אין אנדערע שטעדט, מיטגעהאלפען דרוקען ספרים און איהם אליין רעכענט מען אויך פאר דעם מחבר „בן פורת יוסף”. יוסף נשיא איז געשטארבען אין יאהר 1579, און זיין אלמנה ריינא האט געעפענט אין קאנסטאנטינאפאל א דרוקעריי פון יודישע ספרים; נאר דער געלד-פרעסערישער סולטאן מוראד III האט ביי איהר צוגענומען דעם גרעסטען טייל פון איהר פערמעגען, כלומר'שט מיט דעם אויסרעד, אז איהר פערשטארבענער מאן איז דאס איהם שולדיג געבליבען, און איהר נאר איבערגעלאזען 90,000 דוקאטען און איהר פאלאץ בעלוועדער אין קאנסטאנטינאפאל.

נאך ביי'ם לעבען פון יוסף נשיא האט אנגעהויבען זיין פאליטישע קאריערע א צווייטער יוד, שלמה אשכנזי, א תלמוד'יסט און דאקטאר. א געבוירענער אין איטאליען איז אשכנזי ארומגעפאהרען פיעל לענדער און א געוויסע צייט געוועזען לייב-ארצט ביי'ם פוילישען קעניג סיגיזמונד-אויגוסט. קומענדיג קיין קאנסטאנטינאפאל, האט אשכנזי, אלס אונטערטאן

פֿון דער ווענעציאַנישער רעפּובליק, זיך בעפֿריינדעט מיט די מיטגלידער
פֿון דער ווענעציאַנער באָטשאַפֿט אין טערקיי, און דורך זיי—מיט'ן גרויס=
וויזיר סאָקאָלי. סאָקאָלי האָט באַלד דערקענט אין אשכנזי'ן אַ אויסגע=
צייכענטען פֿעהיגען דיפּלאָמאַט, און דער לעצטער האָט גלייך בעקומען
די געלעגענהייט, אויסצונוצען די דאָזיגע פֿעהיגקייט; אין יאָהר 1574
איז אויף איהם אַרויפֿגעלעגט געוואָרן די מיסיע, צו פֿיהרען אונטער=
האַנדלונגען וועגען שלום צווישען טערקיי און ווענעציען, און ווען אשכנזי
איז געקומען קיין ווענעציען אַלס דיפּלאָמאַטישער פֿערמיטלער, איז ער
דאָרט פֿייערליך אויפֿגענומען געוואָרן. פּונקט ווי יוסף נשיא האָט אויך אשכנזי,
דינענדיג די אינטערעסען פֿון טערקיי, דאָך נישט פֿערגעסען אָן די
אינטערעסען פֿון זיינע ברידער, און אומעטום, וואו ער האָט נאָר גע=
קענט, האָט ער ענערגיש פֿערטיידיגט זייערע אינטערעסען. אַ דאַנק זיין
השתדלות האָט דער ווענעציאַנישער סענאַט אָבגעשאַפֿט זיין בעפֿעהל וועגען
אַרויסטרייבען יודען פֿון ווענעציען. שלמה אשכנזי און דערנאָך זיין זוהן,
נתן, האָבען געהאַט צוטרוי אויך ביי'ם סולטאַן מאַחמעד IV (1595—1603).

בעת'ן קעניגען פֿון דעם דאָזיגען סולטאַן האָט ביי'ם הויף געהאַט
אַ גרויסען איינפֿלוס אויך די ענערגישע און קלוגע יודישע פֿרוי אסתר
קיערא. צו איהר פּראָטעקציע פֿלעגען מוזען אָנקומען זאָגאַר די טער=
קישע הויכגעשטעלטע לייט און די פֿאָרשטעהער פֿון די אויסלענדישע
מלוכות, ווען זיי האָבען געדאַרפֿט עפּעס פּועל'ן ביי'ם סולטאַן. נאָר
ענדליך איז זי אַריינגעפֿאַלען אין אַ נעץ פֿון הויף=אינטריגעס און איז
בעזיגט געוואָרן. איינמאָל, ווען אסתר איז געגאַנגען צום גרויס=וויזיר,
זענען אויף איהר אָנגעפֿאַלען אונטערגעשטעלטע מערדער און איהר
אַכזריות'דיג געטויט אויף די טרעפּ פֿון הויז פֿון גרויס=וויזיר. צוזאַמען
מיט איהר זענען אויך דער'הרג'עט געוואָרן איהרע דריי זיהן. אסתר איז
געוועזען זעהר רייך. צווישען יודען האָט זי גע'שמ'ט אַלס פֿרומע פֿרוי און
זי פֿלעגט פֿיעל צדקה געבען און שטיצען יודישע מחברים.

איבערגעהענדיג פֿונ'ם מאַטעריעלען צום גייסטיגען לעבען פֿון יו=
דען אין טערקיי, מוז מען קודם כל אָנווייזען, אַז אויף דער גאַנצער
גייסטיגער יודישער שאַפֿונג אין טערקיי אין 16=טען און אין 17=טען
יאָרהונדערט ליגט דער שטעמפּעל פֿון שטרענגען קאָנסערוואַטיזם און
שאַרפֿער רעאַקציע געגען יענער פֿרייער קולטור, וואָס האָט געהערשט
צווישען די יודען אין מערב. די ספרדים, וואָס האָבען דאָ אין טערקיי
געפֿונען נאָך יאָהרען=לאַנגע רדיפות און צרות אַ שוץ פֿאַר זיך, האָבען

איצט אויף שטענדיג זיך אָבגעזאָגט פֿון יענע שטרעבונגען צו פֿרײַזין און השכלה, וואָס האָבען בעצויבערט זײַערע עלטערן אין שפּאַניען. די שפּאַנישע עמיגראַנטען אין טערקײַ זענען געוועזען זיכער, אַז נאָר די פֿרײַזיניגקײַט און די שטרעבונג צו וועלטליכקײַט האָבען געבראַכט צום מאַראַנענטום און צו די אַלע צרות, וואָס זענען דערפֿון אַרויסגעקומען, און זײַ זענען איצט בעלי=תשובות געוואָרן און האָבען חרטה געהאַט אויף דעם גאַנצען פֿריהערדיגען וועג. אָנשטאָט דעם יודענטום, וואָס איז געוועזען פֿעראײַניגט מיט אויסערליכען גלאַנץ און וועלטליכער בילדונג, איז איצט געבוירען געוואָרן אַ שטרעבונג צו אַ שטרענג=קאָנסערוואַטיווען יודישען וועג; אָנשטאָט דער שפּאַנישער רבניש=פֿילאָזאָפֿישער ליטעראַטור — אַ שטרעמונג צו מיסטישע חקירות. די קבלה האָט דאָ אויסגעשטרעקט איהר האַנד דעם תלמוד און ביידע צוזאַמען האָבען געבילדעט פֿון איצט אָן די הערשענדע קראַפֿט אין יודענטום.

דער גרעסטער פֿאָרשטעהער פֿון רבני'שען יודענטום אין 16=טען יאָהרהונדערט איז געוועזען ר' יוסף קאַראָ (1488 — 1575). ער איז געבוירען געוואָרן אין שפּאַניען פֿיער יאָהר פֿאַר'ן גירוש, און נאָך אין די קינדער=יאָהרען האָט ער אָנגעהויבען זײַן וואַנדער=לעבען. נאָך לאַנגע וואַנדערונגען האָט ער צוזאַמען מיט זײַנע עלטערן זיך בעזעצט אין טערקײַ, וואו ער האָט געוואוינט אין ניקאָפּאָל און אין אַדריאַנאָפּאָל. דאָ האָט ער זיך אָבגעגעבען צום לערנען און האָט אַרויסגעוויזען וואונדערבאַרע פֿעהיגקײַטען. אין 1522 האָט ער פֿאָרגענומען אַ ריעזען=אַרבײַט: דורכקוקען דעם גאַנצען געזעצגעבערישען מאַטעריאַל, אַלע הלכות און דינים צוזאַמען מיט די פּירושים און פֿערשידענע מײנונגען, וואָס האָבען זיך אָנגעקליבען פֿון דער עפּאָכע פֿון תלמוד ביז דער צײַט פֿון מחבר, קאָנטראָלירען דאָס אַלץ לויט די ערשטע קוועלן און דערנאָך סיסטעמאַטיזירען דאָס. עס האָט זיך געפֿאָדערט אַ אונגעוועהנליכער שאַרפֿער געדאַנק און געניאַלער זכרון, אום אויסצופֿאָרשען, פֿון וואַנען עס שטאַמט יעדער בעזונדער דין און הלכה, דורכקוקען און קאָנטראָלירען אַלע פֿערשידענע פּירושים. אָפֿטמאָל איז דעם מחבר אויסגעקומען צו טרעפֿען זיך מיט אַזעלכע פֿראַגען, וועגען וועלכע עס זענען געוועזען פֿערשידענע מײנונגען פֿון פֿערשידענע יודישע גרויסע געלעהרטע, וואָס זענען סותר אײנער דעם צווייטען, און כדי צו בעשטימען, וועלכע פֿון זײ ס'איז גערעכט, האָט ר' יוסף קאַראָ ווי געמאַכט אַ מין בוררים=געריכט פֿון די דרײַ גרעסטע פֿאָרשטעהער פֿון דער יודישער הלכה:

אַלפסי, רמב״ם און רא״ש — אויב צוויי פון די גרויסע אויטאָריטעטען האָבען זיך אַרויסגעזאָגט פאַר איין מיינונג, איז די דאָזיגע מיינונג געבליבען די ריכטיגע און לויט דעם האָט דער מחבר בעשטימט דעם דין אין דער פּראַקטיק. צוואַנציג יאָהר האָט ר׳ יוסף קאַראָ געאַרבייט אויף דעם ריזען־ווערק, און דאָס פערענדיגט אין צפת (1535), וואו ער האָט גלייך פערנומען דאָס אָנגעזעהענסטע אָרט צווישען די דאָרטיגע תלמוד־יסטען. דער צפת׳ער רב, ר׳ יעקב בירב האָט פייערליך געגעבען ר׳ יוסף קאַרו סמיכה אויף רבנות. קאַרו האָט געאַרבייט אויף זיין ווערק נאָך עטליכע יאָהר און ענדליך דאָס אָבגעדרוקט אונטער׳ן נאָמען „בית־יוסף״, אין דער פאָרם פון אַ פירוש צו די פיער גרויסע „טורים״.

שפּעטער האָט ר׳ יוסף קאַרו זיך אַרומגעזעהן, אַז די פאָרם פון זיין ווערק איז צוגעפּאַסט נאָר פאַר געלעהרטע, אָבער נישט פאַר׳ן פאָלק, וואָס דאַרף נישט די אויספיהרליכע ערקלערונגען און חקירות וועגען יעדען דין, נאָר אַ פּראַקטישען וועג־ווייזער אין דער פאָרם פון קורצע און קלאָרע דינים. דאַן האָט ר׳ יוסף קאַראָ פערקירצט זיין ווערק, אַרויס־גענומען פון איהם נאָר דעם פּראַקטישען טייל, וואָס איז צוגענגליך פאַר אַלע, און אין אַזאַ פאָרם, אונטער דעם נאָמען „שלחן ערוך״, צום ערשטען מאָל דאָס אָבגעדרוקט אין ווענעציע. דער „שלחן ערוך״, פּונקט ווי די „טורים״, איז איינגעטיילט אין פיער טיילען: אורח חיים (דינים וועגען תפלה און וועגען שבת און יום־טוב); יורה דעה (וועגען שחיטה, טרפה א. ד. גל.); אבן העזר (וועגען פאַמיליען־לעבען); חשן משפט (וועגען געלד־ענינים).

דער „שלחן ערוך״ איז געווען דאָס לעצטע וואָרט פון דעם רבני־שען יודענטום: מיט איהם איז ווי געשלאָסען געוואָרן די רבנישע ליטעראַטור, ווייל ער האָט אין זיך ענטהאַלטען אַלע דינים, הלכות און פּירושים. „לעבען לויט׳ן שלחן ערוך״ — דאָס איז דאָס פּראָגראַם פון יעדען עהרליכען יודען, וואָס דערשרעקט זיך נישט פאַר די אַלע טויזענ־דער דינים, וואָס זענען דאָרט צונויפגענומען. עס איז קיין וואונדער נישט, וואָס דער „שלחן ערוך״ האָט געהאַט אַזאַ גרויסען ערפאָלג: פון 1564 ביז 1600 האָט ער אויסגעהאַלטען אין פערשידענע ערטער אַכט אויפלאַגען אין זיין פאָלשטענדיגער פאָרם, אויסער די איינצעלנע חלקים זיינע, וואָס זענען פיעל מאָל אָבגעדרוקט געוואָרן. אין צוויי אָדער דריי יאָהר אַרום נאָכדעם, ווי דער „שלחן ערוך״ איז ערשינען, האָט ר׳ משה איסערליש, דער קאָפּ פון די פּוילישע רבנים, איינגעפיהרט דעם „שלחן ערוך״ אין

לעבען מיט פיעל אייגענע הוספות, לויט די דאָרטיגע יודישע מנהגים.

די יודען פון יענער צייט האָבען מיט פורכט און מיט גרויס דרך־ארץ געקוקט אויף דעם דאָזיגען ווערק, וואו עס איז אריינגעלייגט געוואָרען אַזוי פיעל גייסט און געדאנק. פיעל האָבען געהאַלטען ר׳ יוסף קאַראָ פאר א געטליכען מענשען, און די לעגענדע האָט דערצעהלט, אַז ווען ר׳ יוסף קאַראָ האָט געהאַט עפּעס אַ הארבע שאלה, האָט מען איהם פון הימעל אָנגעוויזען, ווי אַזוי זי צו לעזען. ר׳ יוסף קאַראָ אַליין האָט נוטה געווען צו קוקען אויף זיך ווי אויף א געטליכען מאַן, און אין ספר „מגיד משרים”, וואָס דער מחבר דערפון איז, ווי מען זאָגט, ר׳ יוסף קאַראָ, שילדערט ער זיך אַליין ווי אַ אויבער־מענשען. אין דעם ספר ווערט דערצעהלט, אַז יעדע נאַכט פלעגט צו איהם קומען א געהיימער שליח (דער „מגיד”), און איהם ענטפּלעקען אַלע הארבע ערטער אין תלמוד, ענטפערן אויף אַלע שאַרפע שאלות, לערנען איהם, ווי אַזוי צו ווערן דער „ראש הגולה” און ווי אַזוי צו פערפאָלקאָמען זיך אין מצוות, כדי צו ווערן א קדוש. זעגענדיג פון דער נאַטור געניינגט צום מיסטיציזם, איז דער מחבר פון „שלחן ערוך” די לעצטע יאָהרען אריינגעפאַלען אינגאַנצען אונטער דער השפעה פון די מקובלים, פון וועלכע עס איז אַרויסגעקומען דער בעריהמטער אר״י.

ר׳ יצחק לוריאַ (אר״י) איז געבוירען געוואָרען אין ירושלים אין יאָהר 1534 ביי א פאַמיליע פון אשכנזים. אין די קינדער־יאָהרען האָט ער פערלוירען זיין פאָטער און זיך ערצויגען אין הויז פון זיין רייכען פעטער אין קאַאירא. דאָרט האָט ער געלערנט ביים קאַאירער רב, ר׳ דוד אבו זמרי. אָבער די טרוקענע הלכה האָט נישט בעפרידיגט די צופלאַמטע פאַנטאַזיע פון דעם יונגען לוריאָ און ער האָט זיך פערטיפט אין „זהר” און אין אנדערע קבלה־ספרים. צו פופצעהן יאָהר האָט ער חתונה געהאַט מיט זיין קוזינע און זיין רייכער פעטער האָט איהם ווייטער אויסגעהאַלטען, אַזוי אַז ער האָט געהאַט די מעגליכקייט אָבצו־געבען זיין גאַנצע צייט פאַר ספרים. אין א משך פון זיעבען יאָהר האָט ער פערבראַכט אַלע זיינע טעג אין התבודדות, אין א הייזעל ביים ברעג פון נילוס, און נאָר אין די שבת׳דיגע טעג האָט ער פערבראַכט מיט זיין פאַמיליע. דאָס אָבגעזונדערטע, איינזאַמע לעבען, די תעניתים און נאַכט־וואַכען האָבען איהם דערפיהרט ביז האַלוציניאַציעס. צייטענווייז פלעגט ער אַריינפאַלען אין עקסטאַז און דאַן פלעגט זיך איהם אויסוויזען, אַז ער הערט עפּעס געטליכע שטימען און זעהט וואונדערבאַרע ערשיי־

נונגען. אין 1569 איז דער אר"י געפאָהרען קיין פאַלעסטינאַ און נאָך אַ קורצען פערווײַלען אין ירושלים איז ער געקומען קיין צפת, וואו ער איז זיך באַלד צונויפגעגאַנגען מיט דער דאָרטיגער גרופּע מיסטיקער. די לעצטע זענען בעצויבערט געוואָרן פון זיין רעליגיעזען עקסטאַז און זיי האָבען איהם געקרוינט אַלס לעהרער. פון דאַן אָן פלעגט דער אר"י צוזאַמען מיט זיינע תלמידים מאַכען שפּאַצירען איבער די וויסטע פעלדער הינטער דער שטאָדט אָדער איבער די בית-עלמינס און דאָרט ענטדעקען פאַר זיי די סודות פון דער אמונה. אין בעשטימטע טעג, בעזונדערס פריטאָג, פלעגען זיי אַוועק אין נאָהענטען דאָרף מירון, וואו עס געפינט זיך, לויט דער לעגענדע, דער קבר פון ר' שמעון בן יוחאי, דער כלומר'שטער מחבר פון „זהר". דאָ פלעגען פאָרקומען מיסטישע צערעמאָניעס: מ'האָט געזונגען התלהבות'דיגע לידער און גערעדט וועגען משיח'ן און וועגען נאָהענטען „קץ". איינמאָל, דערצעהלט די לעגענדע, פריטאָג פאַר נאַכט, איז דער אר"י צוזאַמען מיט זיינע תלמידים, ווי געוועהנליך, געגאַנגען אין שטאָדט אַריין, אָנגעטאָן אין ווייסע קיטלען, צו בעגעגנען די „שבת מלכתא"; אין מיטען דער תפלה האָט דער אר"י געפרעגט זיינע תלמידים: „איהר ווילט באַלד געהן קיין ירושלים און דאָרט שבת האַלטען?" די תלמידים האָבען זיך זעהר געוואונדערט, ווייל דעם מהלך פון צפת קיין ירושלים האָט מען נישט געקענט איבערגעהן אין איין שעה, און זיי האָבען געענטפערט, אַז זיי מוזען פריהער מודיע זיין וועגען דעם זייערע ווייבער. דאַן האָט דער אר"י אין פערצווייפלונג פערבראָכען די הענד און אויסגעשריען: „וועה איז צו אונז, וואָס מיר האָבען נישט זוכה געווען! איך האָב געזעהען, אַז אין יענער שעה איז משיח גרייט געווען צו קומען קיין ירושלים, און ווען איהר זאָלט געווען מסכים זיין, וואָלטען מיר באַלד אויסגעלייזט געוואָרן פון „גלות".

געשטאָרבען איז דער אר"י פלוצלינג: ער איז געפאַלען אַלס קרבן פון דער דזשומאַ אין אויגוסט 1572, 38 יאָהר אַלט. דער דאָזיגער פלוצלינגער טויט האָט געמאַכט אַ אונגעהויערן איינדרוק אויף זיינע תלמידים און נאָך מעהר פערהייליגט זיין נאָמען. מען האָט אָנגעהויבען שמועסען, אַז ר' יצחק לוריא איז געווען דער משיח בן יוסף, וואָס דאַרף, לויט אַ לעגענדע, קומען אַ קליינע צייט פאַר דעם אויסלייזער — משיח בן דוד, און דעם אר"י'ס תלמידים זענען געווען זיכער, אַז מן השמים האָט מען נישט דערלאָזען, ער זאָל אויספיהרען זיין שליחות. דער פאָרטזעצער פון אר"י איז געווען זיין נאָהענטסטער תלמיד ר' חיים

וויטאל (1620—1543), א זוהן פון א סופר, וואס איז איבערגעפאהרען פון איטאליען קיין פאלעסטינא. וויטאל האט שריפטליך איבערגעגעבען דאס, וואס זיין רבי האט געלערנט בעל פה, אין א ענגען קרייז פון תלמידים און דערביי האט דער תלמיד אריינגעלייגט פיעל פון זיינע אייגענע געדאנקען אין מויל פון רבי׳ן.

די קבל׳יסטישע שיטה פון אר״י און וויטאל איז אין טעארעטישען טייל געוועזען כמעט די זעלבע, וואס די קבלה פון 13-טען יאהרהונדערט; זי איז געגרינדעט אויף דער לעהרע וועגען „אין סוף" און „ספירות"; די אריגינאליטעט פון דער נייער קבלה בעשטעהט נאר אין דער פראקטישער זייט. די מיסטישע לעהרע האט געפאדערט בעשטימטע פארמען און צערעמאניעס. דער מענש האט זיך דערווייטערט — ווי די לעהרע פון דער קבלה זאגט — פון זיין געטליכען מקור, פון דער וועלט פון די ריינע גייסטער אדער „ספירות", און איז פערזונקען געווארן אין דער טומאה, אין דער וועלט פון אונריינע „כחות" אדער קליפה, — דעריבער דארף יעדער אמת׳ער מאמין זיך אבריינינגען פון די שלעכטע קליפה׳שע עלעמענטען, וואס האבען זיך בעהעפט אין זיין נשמה, און דורך געוויסע מיסטישע פארמען זיך ווידער בעהעפטען מיט׳ן געטליכען מקור. אבריינינגען די נשמה קאן מען איבערהויפט דורך „כאנזשען" אדער דורך גלגול. די נשמה פון זינדיגען בעזעצט זיך נאך זיין טויט אין אנ׳אנדער מענשען, און אויב זי ווערט נישט אויסגעבעסערט אין דעם דאזיגען נייעם קערפער, ווערט זי מגולגל אין א צווייטען מענשען, דערנאך אין א דריטען און אזוי ווייטער, ביז זי ווערט ריין. עס טרעפט זאגאר אמאל, אז די נשמה פון א מענשען ווערט מגולגל אין א חיה און מוז אויסשטעהן די גרעסטע ליידען, ביז זי געהט ארויס ריין פון זינד. די נשמה פון צדיקים ווערט מגולגל אין מענשען, וואס גאט האט זיי אנגעצייכענט א גרויסע צוקונפט אין לעבען. לויט געוויסע סמנים קאן מען זאגאר דערקענען, וואס פאר א גרויסע נשמה עס לעבט אין יעדען גרויסען מענשען. ווען אלע נשמות וועלן אבגערייניגט ווערן, דאן וועט קומען משיח. דעם דאזיגען ליכטיגען מאמענט קענען מיר אבער דערנעהנטען, ווען מיר זאלען זיך פערטיפען און אנשטרענגען אונזער רעליגיעזען רצון, ווייל צווישען דער און יענער וועלט עקסיסטירט א שטענדיגע, אונאויפהערליכע פערבינדונג: יעדעם ווארט, יעדער טאט אויף דער וועלט מאכט א געוויסען רושם אויף יענער וועלט; פון א תפלה אדער פון א געוויסען רעליגיעזען מנהג הענגען אב גאנצע וועלטען, ווייל יעדע מינדסטע

רעליגיעזע תנועה אויף דער וועלט קען מאכען אַ איבערקעהרעניש אין די אויבערשטע וועלטען. עס זענען פערהאן געוויסע רעליגיעזע שפרוכען, וואס ווען זיי ווערן געזאגט אין דעם ריכטיגען מאמענט, אין דער געהעריגער גוטער שעה, קענען זיי ענדערן דעם גאנצען גורל פון מענשען; דורך בעשווערן קען מען ארויסטרייבען אַ דבוק און אויסהיילען פערשידענע קראנקהייטען. די בעסטע צייט אויף זיך צו בעהעפטען מיט די העכערע וועלטען איז שבת. בעת די שבת'דיגע סעודות זיצען אונגבע־מערקט „דער הייליגער זקן" (גאט) און גאנצע פמליות פון מלאכים. יעדער יום טוב האט זיין סימבאלישע בעדייטונג. אזוי, צום ביישפיעל, דער זיבעטער טאג פון סוכות, הושענא רבה, האט ביי די צפת'ער מקובלים בעקומען אַ בעדייטונג פון צווייטען „יום כפור", ווען אויפ'ן הימעל ווערט ענדגילטיג בעשלאסען דער גורל פון מענשען אויף דעם קומענדיגען יאהר; ערב הושענא רבה דארף מען אַ גאנצע נאכט וואך זיין און פערברענגען אין לייענען שטיקלעך פון „זהר". אלס הוספה צום „שלחן ערוך" פון ר' יוסף קארא איז זאגאר ארויסגעגעבען געווארן אַ אפאקריפישער „שולחן ערוך אר"י", וואו עס זענען אויסגערעכענט אלע סימבאלישע צערעמאניעס פון די מקובלים.

אויף אַזאַ אופן איז אין פאלעסטינא אין דער צווייטער העלפט פון 16-טען יאהרהונדערט ענטשטאנען די פראקטישע קבלה, וועלכע אונטערשידעט זיך פון דער קבלה פון דער שפאנישער שול דערמיט, וואס די לעצטע איז נאר געווען אַ נייע רעליגיעזע מעטאפיזיק און האט מיט דער פראקטיק נארנישט געהאט צו טאן, ווערהענד די קבלה פון אר"י איז געווען דורכאויס פראקטיש, האט געוואלט ווירקען אויף דעם געפיהל און אויף די מעשים פון לעבעדיגען יודען. די גרויסע ליידען, וואס יודען האבען איבערגעלעבט אין ענדע פון מיטעלאלטער, האבען ארויפגעלייט אַ שטעמפעל פון טיעפען טרויער אויף דער יודישער נשמה. דערצו איז נאך צוגעקומען דער איינדרוק פון די חורבות אין ארץ ישראל און די ערינערונג וועגען דער אמאליגער יודישער גרויסקייט,— דאס אלץ צוזאמען האט אויפגעוועקט אין דער יודישער נשמה אַ אונקלארע בענק־שאפט נאך משיח דעם אויסלייזער. פיעל האט זיך אויסגעוויזען, אז דער מאמענט איז שוין נאהענט, אז די יודישע צרות האבען שוין איבערגע־פולט דעם ברעג און אז יעצט מוז שוין קומען יענע צייט, וועגען וועלכער עס האבען גערעדט די נביאים. מ'דארף זיך נאר מכין זיין צום „קץ", מ'דארף זיך נאר פערטיעפען אין תפלה און אין קדושה, אברייי־

ביִגען די נשמות דורך תשובה און דאַן וועט משיח קומען. דער „זהר", וואָס איז פריִהער געווען פערשפרייט נאָר אין געצעהלטע עקזעמפּליאַרען, איז גראָד צו יענער צייט אָבגעדרוקט געוואָרן צום ערשטען מאָל אין איטאַליען אין צוויי אויפלאַגען, אַזוי אַז ער איז געוואָרן פערשפרייט צווישען אַ גרויסען קרייז פון יודישען פאָלק. בעזונדערס התלהבות'דיגע אָנהענגער האָט די מיסטישע לעהרע געפונען אין צפת, וואו נאָך אין די צייטען פון די איסיים פלעגען זיך הערן רעד וועגען „תשובה" און וועגען דער נאָהענטקייט פון דער „מלכות השמים". אין דער דאָזיגער שטאָדט, וואָס איז געווען בעזעצט כמעט דורכאויס פון יודען, האָט זיך אָרגאַניזירט אַ גרופּע פון מקובלים און פערחלום'טע מיסטיקער, ווי שלמה אַלקאַביץ, משה קאָרדאָווערא, אליהו דעווידאַס און אלישע עליקה. די מיטגלידער פון דער גרופּע פלעגען זיך פערזאַמלען יעדען פרייטאָג און זיך מתודה זײַן איינער פאַר'ן צווייטען אין די זינד, וואָס זיי זענען בעגאַנגען פאַר דער וואָך. די גרופּע האָט זיך גערופען „סכת שלום" (דאָס געצעלט פון פרידען); און ווען דער אר"י איז צו זיי אַרײַנגעטרעטען אַלס מיטגליעד (אין 1570), האָט די גרופּע באַלד בעקומען פליגעל און ערוואָרבען אַ גרויסען אײַנפלוס אויף ברייטע יודישע קרײַזען. די פּראַקטישע קבלה האָט בעשאַפען אין פאָלק אַ פאָרשטעלונג וועגען לעבען, ווי וועגען אַ „טאָל פון טרויער", ווײַל דער מענש איז שטענדיג אַרומגערינגעלט פון שלעכטע גייסטער, וואָס שטרעבען איהם אומצובּרענגען. דער יוד איז געוואָרן פּעסימיסטיש געשטימט, פער'חושכ'ט, פערטרויערט און פערזונקען אין שטענדיגע מחשבות וועגען די שרעקליכע יסורים פון גיהנם, וועגען גלגולים און זינד. אין אַלגעמײַן איז די פּראַקטישע קבלה געווען אַ שריט צוריק, ווײַל דער אינטערעס צו גײַסטיגער געזונטער אַרבײַט איז אָבגעשוואַכט געוואָרען; צו די תרי"ג מצות און טויזענדער דינים פון תלמוד זענען יעצט צוגעקומען נײַע דינים און מנהגים; די פאָראורטײַלען צווישען פאָלק האָבען זיך פערמעהרט און צוגעגרייט אַ באָדען פאַר די פאַלשע משיחים, פאַר פערשידענע שאַרלאַטאַנעם-פערשווערער און „אויסלײַזער".

איין מעלה האָט די קבלה געהאַט, וואָס זי האָט אַ ביסעל אויפגעמונטערט דאָס געפיהל און אַנשטאָט דעם טרוקענעם דין איז געשאַפען געוואָרען אַ אינטערעס צו דער אַגדה און פּאָעזיע. צו יענער צייט האָט דער סאַלאָניקער געלעהרטער ר' יעקב בן חביב אַרויסגענומען אַלע אגדות פון תלמוד און אַרויסגעגעבען זיי אין אַ בעזונדער ווערק אונטער'ן

נאָמען „עין יעקב". זיין זוהן ר׳ לוי בן חביב האָט דאָס ווערק דערנאָך אויסגעבעסערט און דער „עין יעקב" איז געוואָרען אַ פּאָפּולערער ספר צווישען יודען. אַנשטאָט די למדנים זענען איצט געקומען די מגידים, וואָס האָבען געלערנט דאָס פאָלק אין אַ פּאָפּולערער פאָרם, און אַנשטאָט די טרוקענע חקירות איז אָנגענומען און בעליעבט געוואָרען די אגדה, די פּאָעטישע ערצעהלונג. די דאָזיגע ווירקונג פון דער אגדה איז זעהר בע־מערקבאַר אין די דרושים פון ר׳ משה אַלשיך, אַ תלמיד פון ר׳ יוסף קארו.

איינער פון דער מיסטיקער־גרופּע, ר׳ שלמה אַלקבץ, איז דער אויטאָר פון דעם שענעם הימן „לכה דודי", מיט וועלכען מען בעגריסט איצט דעם שבת אין אַלע יודישע שוהלען. אין דעם הימן זעהט זיך אַרויס דער מיסטישער קולט פון דער „שבת־מלכתא" אָדער „כלה", וואָס פער־בינדט דעם יודען מיט גאָט, און דאָ הערט זיך אויך די טרויעריגע בענקשאַפט נאָך דער מוטער ציון, וואָס דריקט זיך אויס אין די ליידענ־שאַפטליכע ווערטער:

מקדש מלך, עיר מלוכה, קומי צאי מתוך ההפכה!
רב לך שבת בעמק הבכא!

אלקבץ האָט אויך פערפאַסט אַנדערע מיסטישע תפלות און געשריבען פירושים צו פערשידענע ספרים פון דער ביבעל. ער איז געקומען קיין פּאַלעסטינא פון דער אייראָפּעאישער טערקיי און דאָרט געלערנט קבלה ביי דעם סאַלאָניקער פּרוש ר׳ יוסף טייטאַטצאַק, וועגען וועלכען ס׳האָט זיך דערצעהלט, אַז ער איז פיערציג יאָהר געשלאָפען אויף אַ קורצער באַנק, די פיס אַראָבגעהאַנגען, כדי נישט צו האָבען קיין הנאה פון שלאָף. אין צפת איז אַלקאַביץ געוואָרען אַ אינטימער פריינד פון ר׳ יוסף קארו און איינער פון די גרינדער פון דער קבל׳יסטישער גרופּע, צו וועלכער עס איז דערנאָך צוגעשטאַנען דער אר״י. אין 1571 האָט אַלקבץ און זיינע חברים אין אַ בעזונדער „קול קורא" מודיע געוועזען דער וועלט, אַז אין דער אָנוועזענהייט פון אַ גרויסען פּובליקום האָט מען אַרויסגעטריבען אַ דבוק פון איינער אַ קראַנקער פרוי, אין צפת. דער דבוק זאָל האָבען זיך מתודה געוועזען פאַר די קבל׳יסטען, אַז ער איז אַ גלגול פון איינעם אַ גרויסען בעל עבירה און האָט זיך בעזעצט אין קערפּער פון אַ משוגע׳נער פרוי, כדי אויסצוקויפען זיך פון די פריהעריגע זינד. מיט גרויס מיה האָט מען דעם דבוק אַרויסגעטריבען פון קער־פּער פון דער אומגליקליכער פרוי, וועלכע די מוסולמענער האָבען גע־וואָלט פערברענען, אַלס אַ מכשפה.

דער קרוב פֿון אַלקאַבּיץ, ר׳ משה קאָרדאָווערא (1522 — 70), איז געווען אַ אָנגעזעהענער טעאָרעטיקער פֿון דער נײַער פּראַקטישער קבלה. ער האָט געפּרובּט בּעשאַפֿען אַ סיסטעמאַטישע קבּל׳יסטישע טעאָריע און די אידעע וועגען צעהן ספירות איז אין זײַן לעהרע שוין איינער פֿון די דאָגמאַטען, וואָס ווער עס גלויבּט נישט אין איהם, ווערט גערעכענט פֿאַר אַנ׳אפּיקורוס. פֿון די דרײַ הייליגע ספרים: בּיבּעל, תלמוד און „זהר", איז דער לעצטער, לויט דער מיינונג פֿון ר׳ משה קאָרדאָווערא, דער סאַמע וויכטיגסטער. אויבּ ר׳ משה איז געווען אַ גרויסע טעאָרעטישע קראַפֿט פֿון דער קבלה, איז זײַן תלמיד ר׳ אליהו דע-ווידאַש געווען זעהר פּאָפּולער צווישען יודען דורך זײַן ספר „ראשית חכמה", וואָס איז געוואָרן אַ נויטיגע זאַך אין יעדער פֿרומער יודישער שטוב. דער ספר איז געגרינדעט אויף דעם זאַץ „ראשית חכמה יראת ד׳", און דער פֿערפֿאַסער בּעמיהט זיך טאַקי אָנצעוואַרפֿען אַזאַ יראה אויף זײַנע לעזער. מיט שרעקליכע פֿאַרבּען שילדערט ער די יסורים פֿון גיהנם און פֿאָדערט פֿון אַלעמען עפֿענטליכע תשובה און יסורים. אַזוי, צום בּײַשפּיעל, איינער, וואָס איז בּעגאַנגען דעם חטא פֿון זנות, דאַרף ווינטער יעדען טאָג זיצען אַ שעה נאַקעטערהייד אין שנעע אָדער אין קאַלט וואַסער, און זומער — צווישען פֿליגען און בּיהנען, וואָס זאָלען בּײַסען זײַן לײַבּ. אַ רכילות׳ניק אָדער פּראָצענטניק, וואָס וויל תשובה טאָן, דאַרף מחילה בּעטען בּײַ די, וואָס ער האָט בּעליידיגט, דערנאָך פֿאַסטען פֿיערציג טעג, אָפּען זיך מתודה זײַן אין שוהל און דערנאָך בּעקומען אַ געוויסע צאָהל מלקות. — דער „ראשית חכמה" איז שפּעטער אָבּגעדרוקט געוואָרן עטליכע מאָל און איז געוואָרן זעהר פֿערשפּרייט צווישען פֿאָלק.

אויסער די ספרים, וואָס זענען ערשינען מיט׳ן נאָמען פֿון מחבר, זענען אין יענער צײַט אַרויס אויך פֿיעל קבלה-ספרים אָהן אַ נאָמען פֿון פֿערפֿאַסער און שפּעטער האָט מען די אַלע ספרים צוגעשריבּען דעם אר״י אַליין. עס זענען אויך געווען פֿערשפּרייט פֿאַר יחידי סגולה נישט-געדרוקטע כתבים און די אַמאַטאָרען פֿלעגען דערפֿאַר צאָהלען גרויסע געלדער. פֿון דער דאָזיגער אַפּאָקריפֿישער (אָהן נאָמען פֿון מחבר) ליטעראַטור זענען צוזאַמענגעשטעלט געוואָרען שפּעטער די בּעוואוסטע קבלה-ספרים: „עץ חיים", „ספר כונות", „גלגולים" און אַנדערע, ווי אויך „שבחי אר״י" און „חזיונות חיים וויטאַל".

די רעליגיעזע פֿאַנטאַזיע האָט דעמאָלט גענאַט אַ טאָלאַנטפֿולען

פערטרעטער אין דער פערזאָן פון ר׳ ישראל נגארה, רב אין דמשק און עזה. זיינע שוהל־פזמונים אויף העברעאיש און תרגום־לשון, וואָס זענען צונויפגעזאַמעלט אין ספר „זמירות ישראל“, זענען דורכגעדרונגען מיט א טיעפען רעליגיעז־נאציאָנאלען געפיהל. פיעל פון זיי זענען אריינ־גענומען געוואָרן אין די סידורים און בעזונדער פאָפולער איז זיין פזמון „יה רבון“, וואָס איז אריין אין דער זאַמלונג פון די שבת׳דיגע זמירות.

אין 16־טען יאָהרהונדערט זענען אין טערקיי פערעפענטליכט גע־וואָרן איינינגע היסטאָרישע ערינערונגען, וואָס האָבען נישט ווינציג מיט־געהאָלפען צו פערשטאַרקען דאָס נאציאָנאַלע געפיהל. אין 1550 איז אין טערקיי ערשינענן א מערקווירדיגע היסטאָרישע חראָניק פון די יודישע צרות אין מיטעל־אלטער, מיט׳ן נאָמען „שבט יהודה“. דאָס דאָזיגע בוך איז א ווערק, אויף וועלכען עס האָבען געארבייט דריי דורות. אנגעהויי־בען האָט איהם שרייבען דער געלעהרטער ר׳ יהודה אבן־ווירגא, וואָס האָט געלעבט אין סעוויליע אין דער צווייטער העלפט פון 15־טען יאָהר־הונדערט; דעם גרעסטען טייל פון בוך האָט דערשריבען זיין זוהן אָדער אייניקעל שלמה אבן־ווירגא, וואָס איז ענטלאָפען פון פאָרטוגאל קיין טערקיי, און ארויסגעגעבען האָט דעם ספר, מיט אייגענע הוספות, דער זוהן פון ר׳ שלמה, ר׳ יוסף אבן־ווירגא א רב אין אדריאנאָפאָל. אין שבט יהודה ווערען אויספיהרליך געשילדערט די עפיזאָדען פון דער געשיכטע פון די רדיפות אויף יודען אין שפאַניען און אין פראנקרייך; בעזאָנדערס אויספיהרליך ווערען ארומגערעדט די דיספוטען צווישען די יודישע געלעהרטע און די קאטויליקען. די שילדערונגען אין דעם ספר זענען געשריבען אָהן א שום חראָנאָלאָגישער אָרדנונג; דערפאר איז אבער דאָס גאנצע בוך געשריבען אין א איינפאַכען שענעם סטיל און דער איינדרוק איז זעהר א שטאַרקער. דער „שבט יהודה“ איז נאָך איצט אויך איינער פון די הויפט־קוועלן פאר דער געשיכטע פון יודען אין מיטעל־אלטער.

---

יעדער פרישער אומגליק, יעדער נייער שייטערהויפען און גירוש אין שפאַניען און אין פאָרטוגאליען האָט פערשטאַרקט די יודישע אויסוואַנ־דערונג, וואָס האָט זיך גרופען אָדער מאַסענווייז א לאָז געטאָן קיין טערקיי זוכען א היים און א בית־מקלט פון די שרעקליכע יסורים. און אויף דעם וועג פון די פערטריבענע און פערוואָגעלטע איז דער ערשטער עטאַפּ געווען איטאליען. צו די איטאליענישע פאָרטען האָבען זיך די שפּאַנישע

און פּאָרטוגעזישע מגורשים אַ לאָז־געטאָן מאַסענווײַז און ערשט פֿון דאָרטען האָבען זײ זיך געלאָזען קײַן טערקײַ. פֿיעל יודען זענען אָבער אויך פֿערבליבען אין איטאַליען און פֿון די פּאָרטען זיך פֿערשפּרײט איבער די אינערליכע פּראָווינצען פֿון לאַנד. דאָס האָט געבראַכט דערצו, אַז דער יודישער צענטער אין איטאַליען זאָל בעדײַטענד פֿערגרעסערט ווערן; אָבער צוזאַמען דערמיט זענען יודען געוואָרן פֿיעל מעהר בעמערקבאַר און אַנגעזעהענער אין די אויגען פֿון דער אַרומיגער בעפֿעלקערונג, און די „יודענפֿראַגע“, וואָס האָט פֿריהער, ווען די יודישע בעפֿעלקערונג אין איטאַליען איז נאָך געווען גאָר קלײן, נישט עקסיסטירט, איז איצט, אין 16־טען יאָהרהונדערט, אַרויפֿגעשווימען אויף דער טאַגעס־אָרדנונג און פֿאַר די איטאַליענישע יודען האָט זיך אָנגעהויבען אַ נײַע עפּאָכע פֿון צרות און אויפֿרעגונגען.

אין אײניגע ערטער האָבען די ספֿרד׳ישע עמיגראַנטען פֿון די יודען און מאַראַנען, צווישען וועלכע עס זענען געווען נישט ווייניג באַנקירען, סוחרים און נוצליכע אונטערנעהמער, געפֿונען אַ גוטע אויפֿנאַהם און די מאַכט האָט זאָגאַר געקוקט צווישען די פֿינגער אויף די אַנטלאָפֿענע מאַראַנען, וואָס זענען אין איטאַליען בפֿרהסיא ווידער געוואָרען יודען. אָבער אין דעם מעהרסטען טײל איטאַליענישע שטעדט האָבען די יודישע האַנדעלס־פֿעהיגקײַטען אַרויסגערופֿען בײַ דער קריסטליכער בעפֿעלקערונג אַ פּחד פֿאַר קאָנקורענץ. צו די עקאָנאָמישע סבות איז נאָך צוגעקומען דער רעליגיעזער האַס און פֿאַר די עמיגראַנטען, ווי פֿאַר די געבירטיגע איטאַליענישע יודען, האָבען זיך אין אָנהויב פֿון 16־טען יאָהרהונדערט אָנגעהויבען די מיטעלאַלטערישע פֿערפֿאָלגונגען מיט אַלע זײערע אכזריות׳ען.

די ערשטע איז אַרויפֿגעטרעטען אויף דעם וועג די ווענעציאַנישע רעפּובליק. דאָ איז דער אַרײַנפֿלוס פֿון די רײַכע און געבילדעטע ספֿרדים און זײער אָנטײל אין דער גרויס־אינדוסטריע געווען פֿון אײן זײַט נוצליך פֿאַר דער רעפּובליק; פֿון דער צווײטער זײַט האָבען אָבער די ספֿרדים, אַלס פֿעהיגע קאָנקורענטען, אַרויסגערופֿען אַ פּחד בײַ די קריסטליכע סוחרים.

און די אינטערעסען פֿון דעם האַנדעלס־קלאַס האָבען ענדליך גובר געווען די אינטערעסען פֿון דער מליכה. אין 1516 זענען די ווענעציאַנישע יודען געצוואונגען געוואָרן, זיך איבערצוטראָגען פֿון די צענטראַלע טײלען פֿון שטאָדט אין אַ בעזונדער קוואַרטאַל (אָדער „ghetto“, שפּעטער

איז דער דאָזיגער ספּעציעל-איטאַליענישער טערמין „געטאָ" איבערגע-גאַנגען אויך פֿאַר די יודען פֿון אַנדערע לענדער און פֿערבליבען נאָך ביז היינט); דערמיט איז צום ערשטען מאָל איינגעפֿיהרט געוואָרען פֿאַר יודען אַ בעזונדער תחום-המושב און זיי זענען בעגרענעצט געוואָרען אין זייער האַנדעלס-ספֿערע. אַ צווייטע פּאָרט-שטאָדט, גענוא, האָט אָנגענומען געגען יודען אַנדערע בעגרענצונגס-מיטלען: יודען האָבען געמוזט טראָגען ספּעציעלע צייכענס אויף די מלבושים און וואוינען דאָרט האָבען געמעגט נאָר הורטאָווע סוחרים און דאָקטוירים, וואָס האָבען געהאַט אַ ערלויבניש פֿון פּויפּסט צו פּראַקטיצירען.

נאָר אין אַ בעזונדער לאַגע האָבען זיך געפֿונען די יודען פֿון דרום-איטאַליען. בשעת יודען זענען פֿערטריבען געוואָרען פֿון שפּאַניען, איז קעניג פֿון נעאַפּאָל געוועזען דער לעצטער פֿאָרשטעהער פֿון דער אַראַ-גאָנער דינאַסטיע אין איטאַליען, פֿערדינאַנד דער ערשטער. אַזוי ווי דאָס נעאַפּאָלער קעניגרייך איז נישט געשטאַנען אונטער דער העכערער שליטה פֿון שפּאַניען, האָט דער בעפֿעהל פֿון 1492 וועגען אַרויסטרייבען יודען פֿון אַלע שפּאַנישע פּראָווינצען נישט בעצויגען זיך אויף נעאַפּאָל. דאָרט האָט טאַקע זיך בעזעצט איינע פֿון די ערשטע גרופּען שפּאַנישע מגורשים מיט ר' יצחק אברבנאל אין דער שפּיץ, וועלכע זענען דורכ'ן קעניג פֿריינדליך אויפֿגענומען געוואָרען; ווען צווישען די פֿערמאַטערטע אימיגראַנטען האָט זיך שפּעטער פֿערשפּרייט די פּעסט, און די קריסטליכע בעפֿעלקערונג האָט אָנגעהויבען פֿאָדערן, אַז מען זאָל די יודען אַרויס-טרייבען פֿון נעאַפּאָל, כדי די עפּידעמיע זאָל זיך נישט פֿערשפּרייטען ווייטער, האָט פֿערדינאַנד זיך אַרויסגעוויזען אויף אַזוי פֿיעל עהרליך און הומאַניש, אַז ער האָט דעם פֿערלאַנג נישט ערפֿילט און אָנשטאָט דעם האָט ער געהייסען אויסבויען פֿאַר די אומגליקליכע קראַנקע שפּיטאָלען און זיי בעזאָרגען מיט דאָקטוירים און עסען. דערוויסענדיג זיך וועגען די פֿינאַנציעלע פֿעהיגקייטען פֿון געלעהרטען און געוועזענעם קאַסטילישען פֿינאַנסיסט, ר' יצחק אברבנאל, האָט דער קעניג פֿערדינאַנד איהם אַריינגענומען אין הויף און איהם געגעבען אַ שטעל אין פֿינאַנץ-מיני-סטעריום; די שטעל האָט אברבנאל פֿערנומען אויך שפּעטער ביים קעניג אַלפֿאָנס. שפּעטער האָט ער געמוזט ליידען צוזאַמען מיט'ן קעניג און צוזאַמען מיט איהם אין גלות געהן: אין 1495 האָט דער פֿראַנצויזישער קעניג קאַרל VIII, וועלכער איז שוין פֿון לאַנג געווען דער פּרעטענ-דענט אויף דער נעאַפּאָלער קרוין, איינגענומען נעאַפּאָל, און אברבנאל

צוזאמען מיט זיין בעשיצער אלפאנס האבען געמוזט אנטלויפען פון שטאדט. אברבנאל האט דערביי פערלוירען זיין גאנץ פערמעגען, זיינע ספרים און האנדשריפטען, וואס זענען געווען ביי איהם טייערער פון אלץ. פריהער האט ער בעגלייט דעם אראבגעווארפענעם קעניג אלפאנס קיין סיציליען, וואוהין יענער איז אנטלאפען, דערנאך איז ער אריבער־געפאהרען אויף דער אינזעל קארפא און ענדליך זיך בעזעצט אין שטעדטעל מאנאפאל. דא האט אברבנאל זיך געקאנט ווידער נעהמען צו זיין ליטערארישער טעטיגקייט, וואס ער האט אזוי ליעב געהאט: ער האט דא פערענדיגט זיין פירוש צו תנ"ך, וואס ער האט אנגעהויבען שרייבען נאך אין שפאניען, און אנגעשריבען א רייהע אנדערע ספרים. אין 1503 איז ער אריבערגעפאהרען קיין ווענעדיג און דארט פערבראכט זיינע לעצטע יאהרען; געשטארבען איז ער אין ווענעדיג און מקבר געוועזן האט מען איהם אין פאדוא, וואוהין מען האט איבערגעפיהרט זיין קערפער.

נאך א צעהניעהריגער מלחמה צווישען פראנקרייך און שפאניען מיט דייטשלאנד איז דאס נעאפאלער קעניגרייך אריינגעפאלען אין די הענד פון בעריהמטען צורר היהודים, דער שפאנישער קעניג פערדינאנד דער קאטוליק, וועלכער האט בעשטימט אלס הערשער אין נעאפאל וויצע־קעניגען. דער ערשטער וויצע־קעניג גאנזאלווא דע־קארדאווא האט פערטיידיגט יודען און נישט געלאזען זיי ארויסטרייבען פון לאנד. ווען פערדינאנד האט געפאדערט, אז נעאפאל זאל אבגערייניגט ווערן פון די „אונגלויביגע", האט גאנזאלווא איהם אבגעענטפערט, אז יודען אין נעאפאל זענען דא זעהר ווינציג און אויב מען וועט זיי פון דארטען ארויסטרייבען, וועלן זיי מיטנעהמען מיט זיך זייערע קאפיטאלען און איבערפיהרען זיי קיין וועגעדיג, וואס קאנקורירט אין האנדעל מיט נעאפאל. פערדינאנד האט ענדליך מסכים געווען, פארלויפיג צו לאזען יודען ווייטער וואוינען אין נעאפאל, אבער דערפאר האט מען אנגעהויבען רודפ'ן די מאראנען, וואס זענען אהין אנטלאפען פון שפאניען און פארטוגאליען. עס איז געגרינדעט געווארן א אינקוויזיציע, וואס האט נאכגעשפיאנירט די מאראנען און פערפאלגט די, וואס מען האט געכאפט אין „אונגלויבען".

אין יענער צייט האט ביים ליבעראלען גאנזאלווא געדיענט אלס הויז־ארצט דער זוהן פון ר' יצחק אברבנאל, יהודה־לעאן אברבנאל, דער מחבר פון די בעוואוסטע „דיאלאגען וועגען ליעבע", וואס ש

האָט אָנגעשריבען אויף איטאַליעניש. נאָכדעם ווי גאָנזאַלוואָ איז גע־
פאַלען (אין 1507) האָט לעאָן אברבנאל אַ געוויסע צייט געוואוינט
ביי זיין פאָטער אין ווענעדיג און דערנאָך אין גענואַ (ער איז געשטאָר־
בען אין יאָהר 1535). ביי דעם שפּעטערדיגען וויצע־קעניג פון נעאַפּאָל
דאָן־פּעדראָ האָט אַלס פינאַנס־אַגענט געדיענט דער צווייטער זוהן פון
ר׳ יצחק אברבנאל, שמואל, אַ טאַלאַנטפאָלער פּאָליטיקער, אַ מענש
מיט אַ ברייטער נאַטור און זעהר אײדעלען חאַראַקטער. זיין פרוי,
בענווענידאַ, האָט גע׳שמ׳ט אַלס קלוגע און גוטהערציגע, און איז געווען
אַ נאָהענטע חבר׳טאָרין פון דעם וויצע־קעניגס טאָכטער לעאָנאָראַ, וואָס
האָט חתונה געהאַט מיט דעם הערצאָג קאָזמאַ מעדיטשי. דאָס אַלץ
האָט אָבער נישט געקאָנט אָבראַטעווען די יודען פון אומגליק, וואָס איז
אויף זיי געקומען אומגעריכט: ווען דער דייטשער אימפּעראַטאָר און
שפּאַנישער קעניג, קאַרל V, האָט אין יאָהר 1530 געמאַכט זיין טרי־
אומף־רייזע איבער איטאַליען, האָבען די קלעריקאַלען ביי איהם גע׳פּועל׳ט
אַרויסצוטרייבען די יודען פון נעאַפּאָל, ווייל זיי ציהען אָב די מאַראַנען
פון קריסטענטום. עס האָבען נישט געהאָלפען די אַלע בקשות פון
אברבנאל און פון דער טאָכטער פון וויצע־קעניג, לעאָנאָראַ, — זיי
האָבען נאָר געקאָנט פּועל׳ן ביים קעניג קאַרל, אַז די גזירה זאָל אויף
אַ קלענער צייט אָבגעלעגט ווערן.

אין 1533 האָט ער אַרויסגעגעבען אַ בעפעהל, אַז אַלע יודען פון
נעאַפּאָל און דער אומגעגענד זאָלען פערלאָזען דאָס לאַנד; דער וויצע־
קעניג דאָן־פּעדראָ, וואָס איז געווען נעגען דער דאָזיגער אכזריות׳דיגער
גזירה, און ר׳ שמואל אברבנאל האָבען ווידער גע׳פּועל׳ט ביים קעניג,
אָבצולעגען דעם גירוש אויף 10 יאָהר, אָבער קאַרל האָט נישט אויסגע־
האַלטען דעם טערמין, און אין 1540 האָט ער ווידער בעפוילען, אַז
יודען זאָלן פערלאָזען דאָס לאַנד. דאָ האָבען שוין קיין תחנונים נישט
געקענט העלפען, און טויזענדער יודען האָבען געמוזט פערלאָזען נעאַפּאָל,
וואָס איז אַ לאַנגע צייט געווען אַ בית־מקלט פאַר די פערטריבענע פון
שפּאַניען און פּאָרטוגאַליען. אייניגע האָבען זיך געלאָזען קיין טערקיי,
אַנדערע — אין די צענטראַלע פּראָווינצען פון איטאַליען, וואו יודען
האָבען געמעגט וואוינען. צוזאַמען מיט די פערטריבענע איז געגאַנגען
אויך ר׳ שמואל אברבנאל, הגם איהם, אַלס אויסנאַהם, האָט מען ער־
לויבט ווייטער צו בלייבען אין נעאַפּאָל — ער האָט נישט געוואָלט אָננעה־
מען דעם חסד און בלייבען אין אַ לאַנד, וואָס האָט פערטריבען זיינע ברידער.

די רוימישע פּויפּסטען האָבען אין דער ערשטער העלפֿט פֿון 16=טען יאָהרהונדערט מיט קיין זאַך נישט געשטערט דער יודישער בעפֿעלקערונג און זאָגאַר זיך ווינציג געקימערט וועגען דעם, וואָס די מאַראַנען טרעטען אָב פֿון קריסטענטום. אַזעלכע פּויפּסטען, ווי אַלעקסאַנדער VI, יוליוס II, זענען געווען פֿיעל מעהר ענהליך צו וועלטליכע לעבּ=יונגען, ווי צו גאָט=דינער. זיי האָבען זיך ווינציג אינטערעסירט מיט דער קירכע און מיט די קאַנאָנישע געזעצען און זיך נאָר געסטאַרעט צו לעבען אַ גוטען טאָג. דעריבער האָבען זיי רוהיג צוגעזעהן דעם וואוקס פֿון דער יודישער בעפֿעלקערונג אין רוים און אין אַנדערע שטעדט, וואָס האָבען געהערט צו די פּויפּסטען, און אַליין זיך בענוצט מיט דער טעטיגקייט פֿון די יודישע דאָקטוירים און פּאָליטישע טוער. ערשט אין דער צווייטער העלפֿט פֿון 16=טען יאָהרהונדערט האָט זיך אָנגעהויבען אַ שרעקליכע קאַטוילישע רעאַקציע, וואָס האָט פֿערשאַפֿט אונגעוועהנליכע ליידען די יודען פֿון די פּויפּסט=לענדער.

די רוימישע קירכע, וואָס איז צו יענער צייט געווען רואינירט און דערשלאָגען דורך די קלעפּ פֿון דער רעפֿאָרמאַציע, האָט זיך גענומען פֿערטיידיגען מיט געוועהר אין די הענד, און אָנגעשטרענגט די לעצטע כחות צו ראַטעווען חאָטש דאָס, וואָס איז מעגליך. אַ גרויסען טייל פֿון אייראָפּאַ האָבען די פּויפּסטען שוין געהאַט פֿערשפּיעלט, זייער גייסטיגער אויטאָריטעט איז שטאַרק געפֿאַלען דורך דער רעפֿאָרמאַציאָנס=בעוועגונג; די קירכע האָט דעריבער געמוזט דורך יעזואיטישע מיטלען, אינקוויזיציעס, טורמעס און עינוים אָבהיטען און פֿערפֿעסטיגען די לעצטע קליינע סטאַדע, איבער וועלכער זי האָט נאָך אַ שליטה געהאַט. געגען דעם גרעסטען פֿאַקטאָר פֿון דער ענטוויקלונג פֿון מענשליכען געדאַנק — ביכער=דרוקעריי — ווערט אויפֿגעשטעלט די פּויפּסטליכע צענזור, וואָס דריקט יעדען פֿרייען געדאַנק און לאָזט נישט צו קיין פֿרייע שאַפֿונג. געגען דעם שטאַרקסטען קולטור=פֿאַקטאָר — די פֿרייהייט פֿון געוויסען און געדאַנק — ווערט אַרויסגעשטעלט דער אָרדען פֿון די יעזואיטען, וואָס פֿערחאַפּען אין זייערע הענד די ערציהונג פֿון די קינדער און ווערן די אינקוויזיטאָרען פֿון דער מענשליכער נשמה. האַס, רעליגיעזער פֿאַנאַטיזם און אינקוויזיציאָנס=מיטלען ווערן די הערשער פֿון געדאַנק און געוויסען, און די ערשטע קרבּנות פֿון דער פּויפּסטליכער אינקוויזיציע זענען, נאַטירליך, די יודען.

די רוימישע יעזואיטען און אינקוויזיטאָרען האָבען אַלערערשטענס זיך גענומען צום תלמוד. אַ דאַנק דער ערפֿינדונג פֿון דרוק האָט דער

תלמוד צו יענער צײַט אָנגעהויבען זיך צו פערשפרייטען איבער איטאליען און א אונגעהויערער צאהל. פון ענדע 15-טען יאהרהונדערט האבען אין פער- שידענע דרוקערייען אין איטאליען זיך אנגעהויבען דרוקען איינצעלנע מסכתות פון תלמוד און אין יאהר 1520 האט דער בעוואוסטער דרוקער דניאל באמבערג אין ווענעדיג ארויסגעגעבען גאנץ תלמוד בבלי מיט פירושים. די שנעלע פערשפרייטונג פון תלמוד צווישען יודען האט, נאטירליך, נישט געקאנט רוהיג לאזען די יעזואיטען, און די רוימישע צענזור האט זיך גענומען צו רעפערסיעס. מ'האט נאך פריהער גערארפט געפינען פארמעל עפעס א פתחון-פה דערצו, און דאס איז לייכט דערגרייכט גע- ווארן דורך עטליכע יודישע משומדים, וואס האבען בעשטעטיגט די אלטע מסירה, אז אין תלמוד געפינען זיך פיינדליכע שטעלען נעגען קריסטענטום. דאן האט דער פויפסט יוליוס III (אין יאהר 1553) ארויס- געגעבען א דעקרעט וועגען פערניכטען דעם „שעדליכען" תלמוד. די שפיאָנען פון דער אינקוויזיציע האבען באלד זיך גענומען צו מאכען רעוויזיעס אין די יודישע הייזער, צוגענומען אלע עקזעמפליארען פון תלמוד און אין ראש-השנה זענען איינעם אויף די רוימישע פלעצער עפענטליך פערברענט געווארן טויזענדער קאנפיסקירטע עקזעמפליארען פון תלמוד. אזעלכע קאנפיסקאציעס און אויטא-דא-פע'ס זענען פארגע- קומען אויך אין ווענעדיג, פערארא, מאנטוא און אנדערע איטא- ליענישע שטעדט. די אלע בקשות פון די יודען ביים פויפסט, אז מען זאל אבשאפען דעם דעקרעט, האבען נישט געהאלפען, און דער פויפסט האט נאך געטאן דעם חסד, וואס ער האט ערקלערט, אז קאנפיסקירען און פערברענען דארף מען נאר דעם תלמוד און נישט אנדערע יודישע ספרים.

ווען אלס פויפסט, אונטער'ן נאמען פאאול IV (1555 — 59), איז אויסגעקליבען געווארן דער קארדינאל קאראפא, דער קאפ פון די עקסטע רעאקציאנערן, האט מען אנגעהויבען איבערגעהן פון אינקוויזיציע אויף די יודישע ספרים צו אינקוויזיציע אויף די יודען אליין. פאאול IV האט מיט זיין בלינדען פאנאטיזם און אכזריות געבראכט די קאטוילישע רע- אקציע צו אזא שרעקליכען טעראר, וואס האט אויפגערעגט זאגאר די גלויביגע קאטוילִיקען אליין. ווי נאר ער האט איבערגענומען די ממשלה אין זיינע הענד, האט ער ארויסגעגעבען געגען יודען צוויי „בולעס". אין איינער פון זיי האט ער בעפוילען ארויפצולעגען אויף יעדער יודי- שער שוהל א אבצאהלונג פון 10 דוקאטען לטובת די „קאטעחומאנען",

ד. ה. די יודען, וואס גרייטען זיך איבערצוגעהן אין קריסטליכען גלויבען; מיט דעם בעפעהל איז דער פויפסט נאר אויסען געוועזען צו בעליידיגען דאס רעליגיעזע געפיהל פון דער פערהאסטער יודישער נאציע. אין דער צווייטער בולא האט דער פאנאטישער פויפסט בעשטעטיגט די אלטע בעגרענצונגען געגען יודען פון דעם קירכען-קאנגרעס. יודען אין יעדער שטאדט מעגען וואוינען נאר אין א בעזונדער קווארטאל, וואס דארף ביינאכט אבגעשלאסען ווערן דורך בעזונדערע טויערען; און דארט מעגען זיי האבען נאר איין שוהל. זיי דארפען אויך טראגען ספעציעלע צייכענס: מענער: געלע היטלען, און פרויען — געלע טיכער. קריסטען ווערט פערבאטען צו דיענען ביי יודען אלס הויז-דיענער, באנעס אדער אמען; קוריִרען זיך ביי יודישע דאקטוירים און בעטייליגען זיך אין יודישע שמחות. די געטא-איינוואוינער ווערט ערלויבט צו פיהרען קליינעם האנדעל, איבערהויפט מיט אלטווארג, אדער געבען געלד אויף פראצענט (ניִשט מעהר ווי 12); אונבעוועגליכע פערמעגענס טארען זיי ניִשט האבען, און די הייזער און נחלאות, וואס זיי האבען שוין ערווארבען ביז דעם בעפעהל, מוזען זיי אין פערלויף פון זעקס חדשים פערקויפען. די דאזיגע שרעקליכע געזעצען האבען געבראכט יודען אין א אונגעוועהנליכען מאטעריעלען חורבן, אין א שרעקליכע בעליידיגונג. אין רוים האבען פיעל יודען פערקויפט זייערע הייזער און פערלאזען דאס לאנד. נאר די שנאה פון פויפסט צו יודען האט דערמיט זיך נאך ניִשט איינגעשטילט; איינמאל אין א אויפגערעגטען מאמענט האט ער אבגעגעבען א געהיימען בעפעהל אונטערצוצינדען אלע יודישע הייזער אין רוים. צום גליק, האט דער קארדינאל פארנעזע איינגעהאלטען דעם דאזיגען וואהנזיניגען בעפעהל און אויפ'ן צווייטען טאג האט דער פויפסט אליין חרטה געהאט און צוריקגעצויגען די גזירה.

מיט א בעזונדער צארן און האס האט דער פאנאטישער פויפסט זיך גענומען צו די מאראנען. די שטאדט אנקאנא איז אין דער ערשטער העלפט פון 16-טען יאהרהונדערט געוועזען דער הויפט-צענטר, וואוהין עס האבען עמיגרירט די אנטלאפענע מאראנען. די פריהעריגע פויפסטען האבען די מאראנען צו רוה געלאזען, און נאר פאאול IV האט זיך ארומגעזעהן, אז צו-גוט לעבט זיך ביי איהם די ערעטיקער און אונגלויביגע, און ער האט ארויסגעגעבען א בעפעהל צו ארעסטירען אלע מאראנען און זיי איבערגעבען אין די הענד דער אינקוויזיציע. פיעל מאראנען, וואס האבען זיך דערוואוסט וועגען דעם געהיימען בעפעהל, האבען

בעוויזען צו אנטלויפען, די איבעריגע, אנ׳ערך הונדערט מעניען, זענען ארעסטירט געווארן און פערוואָרפען געווארן אין די טורמעס פון דער אינקוויזיציע. צווישען די ארעסטירטע האָבען זיך געפונען עטליכע מאראַנען טערקישע אונטערטאַנען, וואָס זענען געקומען קיין אנקאָנא צוליעב געשעפטליכע ענינים. ווען אין קאָנסטאַנטינאָפּאָל האָט מען זיך דערוואוסט וועגען זייער ארעסט, האָט דער מיניסטער יוסף נשיא געבעטען דעם סולטאַן סולייטאַן, ער זאָל זיך אָננעהמען פאר זיי. דער סולטאַן האָט באלד געשיקט א פראָטעסט צום פּויפּסט געגען דעם אונגעזעצליכען ארעסט פון זיינע אונטערטאנען און געפאָדערט, אז מען זאָל די ארעסטירטע תיכף בעפרייען, סטראַשענדיג, אז אויב מען וועט זיי ניט בעפרייען, וועט מען אָננעהמען רעפּרעסיעס געגען די קאַטויליקען, וואָס וואוינען אין טערקיי. דער פּויפּסט האָט, נאַטירליך, געמוזט נאָכגעבען די פאָדערונג פון מאָנארך, פאר וועלכען עס האָט דעמאָלט געציטערט גאַנץ אייראָפּא. נאָר דערפאר האָט ער אויסגעגאָסען זיין צאָרן אויף יענע ארעסטירטע מאראנען, פאר וועלכע עס איז נישט געווען, ווער ס׳זאָל זיך אָננעהמען: זיי זענען דורכ׳ן אינקוויזיציאָנס-געריכט פער׳משפט געוואָרן צום פערברענען. די פער׳משפט׳ע האָט מען פאָרגעלעגט אָדער תשובה טאָן אויף זייערע זינד און צוזאָגען, אז זיי וועלן שוין מעהר פון קריסטענטום ניט אָבטרעטען, אָדער זיך לאָזען פערברענען לעבעדיגערהייד. 60 פון זיי (לויט א אנדער נוסח 38) האָבען זיך בעשלאָסען, ווידער אָנצוטאָן אויף זיך די מאַסקע פון קריסטענטום. זיי זענען, ווי פערברעכער, פערשיקט געווארן אויף שיפען צו דער אינזעל מאַלטאַ, וואו מען האָט זיי געדאַרפט האַלטען אונטער א שטרענגע השגחה, נאָר אויפ׳ן וועג האָט זיי אָבגעגאָלטען זיך אויסצורייסען און צו אַנטלויפען קיין טערקיי. די איבעריגע מאראַנען האָבען בעשלאָסען בעסער צו שטאַרבען פאר זייער אמונה, און מיט אויסרופען: „שמע ישראל, ד׳ אלהינו, ד׳ אחד!" זענען זיי פערברענט געוואָרן אויף א שייטערהויפען (סיון 1556).

די ידיעה וועגען די מערטירער אין אנקאָנא האָט דערוועקט צווישען אלע יודען אין איטאַליען געפיהלען פון וועהטאָג און פערביטערונג. א גרופּע מאַראנען, וואָס זענען אַנטלאָפען פון אנקאָנא קיין פעזאַראָ, האָבען זיך דאָן בעשלאָסען אויף א דרייסטען שריט. אנקאָנא און פעזאַראָ, צוויי נאָהענטע פּאָרטען פון אדריאַטישען ים, האָבען שוין פון לאַנג געפיהרט צווישען זיך א שטאַרקע קאָנקורענץ פאר דער איבערהאַנד אין דעם האַנדעל מיט די טערקיש-לעוואַנטינישע האַפענס. אין דער

ערשטער העלפט פון 16-טען יאהרהונדערט פלעגען די לעוואַנטישע שיפען אַממעהרסטענטייל אַריינגעהן קיין אַנקאָנאַ, ווייל די דאָרטיגע יודען און מאַראַנען האָבען געהאַט גרויסע האַנדעלס-בעציהונגען מיט זייערע ברידער אין טערקיי. ווען דער הערשער פון פעזאַראָ, הערצאָג פעזאַראָ, האָט אַריינגעלאָזט צו זיך די אַנטלאָפענע מאַראַנען פון אַנקאָנאַ, האָט ער דאָס געטאָן נישט אַזוי צוליעב מענשענליעבע, ווי צוליעב אַ פראַקטישען חשבון: ער האָט גערעכענט, אַז צוליעב דעם וועלען די האַנדעלס-שיפען פון טערקיי איצט אָנהויבען זיך אָבצושטעלען אין פעזאַראָ, און נישט אין אַנקאָנאַ. די דאָזיגע האָפנונג זיינע איז טאַקע די ערשטע צייט מקוים געוואָרען. די אַנטלאָפענע מאַראַנען האָבען בעשלאָסען צו ערקלערען דעם פויפסט אַ האַנדעלס-מלחמה און באָיקאָטירען אַנקאָנאַ. זיי האָבען אוועקגעשיקט צו זייערע טערקישע ברידער אַ ספּעציעלען שליח מיט אַ בריעף, וואו זיי האָבען בעשריבען דעם מערטירער-טויט פון די מאַראַנען אין אַנקאָנאַ און געבעטען אין נאָמען פון נאַציאָנאַלער אחדות צו באָיקאָטירען דעם דאָזיגען נעסט פון דער אינקוויזיציע און מעהר נישט שיקען קיין שיפען מיט סחורות קיין אַנקאָנאַ. די טערקישע יודען האָבען היים זיך אָבגערופען אויף דער בקשה און זיי האָבען אין די שוהלען ערקלערט אַ חרם אויף יעדען יודען, וואָס וועט שיקען סחורות נישט דורכ'ן פאָרט פעזאַראָ, נאָר דורך אַנקאָנאַ. די רעזולטאַטען פון דעם באָיקאָט האָט מען באַלד אָנגעהויבען שפירען. צווישען סאַלאָניקי און אַנקאָנאַ זענען איבערגעריסען געוואָרען די האַנדעלס-בעציהונגען און דער סענאַט מיט דעם שטאָדט-ראַט פון אַנקאָנאַ האָבען געמוזט זיך ווענדען צום פויפסט מיט אַ ביטע וועגען באַלדיגער הילף, ווייל אַנדערש וועט אַנקאָנאַ צוליעב דעם יודישען באָיקאָט אינגאַנצען מוזען חרוב ווערען. דער פויפסט האָט דערשפירט, אַז אויך יודען זענען פעהיג נקמה צו נעהמען פאַר זייערע בעליידיגונגען, און ער וואָלט אפשר געמוזט ווייכער ווערען, ווען יודען זאָלען זיך געוועזען האַלטען אייניג און פעסט. צום אומגליק, האָט אָבער צווישען די יודען אַליין אויסגעבראָכען אַ שפּאַלטונג. די איבערגעבליבענע יודען אין אַנקאָנאַ האָבען זיך דערשראָקען פאַר'ן באָיקאָט און מורא געהאַט, אַז דער צורייצטער פויפסט זאָל יעצט אינגאַנצען נישט אַרויסטרייבען דאָס רעשט ביסעל יודען פון זיין מדינה. זיי האָבען זיך דעריבער געווענדעט מיט אַ בקשה צו די טערקישע יודען, אַז זיי זאָלען רחמנות האָבען אויף זייערע ברידער און מבטל מאַכען דעם באָיקאָט. פון דער צווייטער זייט האָבען יוסף נשיא און די העכערע

יודישע געזעלשאפט אין טערקיי געשטיצט די דרייסטע יודען פון פעזארא, צוליעב דער דאזיגער שפאלטונג האט דער באיקאט נישט געקאנט לאנג זיך האלטען; קיין פעזארא פלעגען אלץ אנקומען ווינציג האנדעלס־שיפען, און דער סוף איז געווען, אז דער הערצאג אורבינא האט זיך איבערצייגט, אז עס איז נישט כדאי איינצורייסען מיט'ן פויפסט צוליעב יודען, ווען זיי האבען נישט געבראכט די נוצען, אויף וועלכע ער האט געהאפט, און נאך צוויי יאהר רוהיג לעבען אין פעזארא, האט דער הערצאג פערטריבען פון זיין גאנצען הערצאגטום אלע יודען, וואס זענען אהין אנטלאפען.

דער טויט פון פאנאטישען פויפסט פאאול האט דערפרעהט נישט בלויז יודען, נאר אויך פיעל קאטוליקען. מען דערצעהלט, אז די רוימער האבען עפענטליך צובראכען די סטאטוא פון פערשטארבענעם פויפסט און איינער א יוד האט אנגעטאן אויפ'ן קאפ פון דער סטאטוא א געל היטעל. זיין שטעל־פערטרעטער, פיוס IV (1559 — 1565), האט אבגעשאפט איינינע בעגרענצונגען געגען יודען און ערלויבט צו דרוקען דעם תלמוד, אבער נאר בתנאי, אז עס זאלען דורכגעלאזט ווערען די שטעלען, וואו עס רעדט זיך שלעכטס וועגען קריסטענטום. דער תלמוד, אדער ש"ם (ששה סדרים), האט פון איצט אן געמענט געדרוקט ווערען (ווי אויך אנדערע יודישע ספרים) נישט אנדערש, ווי אונטער א שטרענגער צענזור פון יודישע משומדים.

נאך פיוס IV איז פויפסט געווארן פיוס V (1566 — 72), געוועזענער גרויס־אינקוויזיטאר, וועלכער האט ווידער דורכגעפיהרט, און נאך מיט מעהר אכזריות, דאס פראגראם פון פאאול IV. ער האט צוריק איינגעפיהרט די אלע „בולעס" פון פאאול און דערצו נאך מוסיף געווען, אז די יודישע בעגרענצונגען זאלען איינגעפיהרט ווערען נישט בלויז אין די פראווינצען, וואס געהערען צום פויפסט, נאר אין אלע קאטולישע לענדער. ער האט געוואלט ארויסטרייבען אלע יודען פון זיין ממשלה, נאר צוליעב השתדלות פון איינינע קריסטליכע סוחרים און גייסטליכע איז ער איינגעגאנגען אויף א פשרה: דעם 9־טען מערץ 1569 איז ארויסגעגעבען געווארן א בעפעהל, אז אלע יודען פון די פויפסט־לענדער, אויסער די יודען פון רוים און אנקאנא, זענען מחויב אין א משך פון דריי חדשים צו פערלאזען דאס לאנד. דער דאזיגער בעפעהל האט זיך בעצויגען אויך אויף אוויניאן און וועגעסען — פראנצויזישע פראווינצען, וואס זענען געשטאנען אונטער דער הערשאפט פון פויפסט. די פער־

טריבענע האבען עמיגרירט קיין טערקיי אדער אין יענע איטאליענישע פראווינצען, וואס האבען נישט געהערט צום פויפסט. די יודישע קהלות אין רוים און אין אנקאנא זענען געבליבען; דאס איז אבער געוועזן א חושב׳דיגע עקסיסטענץ פון מענשען, וואס זענען רעכטלאז אין אלע הינזיכטען און מוזען שטענדיג ציטערן פאר דעם שווערד פון דער אינקוויזיציע.

די פאליטיק פון רדיפות האט אויך פארטגעזעצט דער פויפסט גריגארי XIII (1572 — 85). דאס איז געוועזן א טיראן, ווי אלע אנדערע מיראנישע פויפסטען, מיט דעם אונטערשייד, וואס ער האט זיך ארומגע־טראגען אויך מיט מיסיאנערישע פאנטאזיעס. ער האט בעפוילען, אז אין די יודישע שוהלען זאלען קאטוילישע מיסיאנערען דרש׳נען פאר יודען וועגען דער קריסטליכער רעליגיע, און אויף יודען איז ארויפגעלעגט געווארן א חוב, נישט בלויז צו הערן די דרשות, נאר אויך צו צאהלען געהאלט די פרעדיגער. די דאזיגע חוצפה׳דיגע גזירה האט געבראכט צו פיעל קאמישע סצענעס. מען דערצעהלט, אז דער פויפסט, איבער־צייגענדיג זיך, אז די מיסיאנערישע דרשות האבען קיין ערפאלג נישט און נאך א לאנגער צייט האט דאך קיין איין יוד זיך נישט גע׳שמד׳ט, האט בעפוילען צו מאכען א אויספארשונג וועגען די סיבות דערפון. דאן האט זיך ארויסגעוויזען, אז די יודען האבען געפונען א געשיקטען מיטעל, ווי אזוי זיך ארויסצודרעהען פון די מיסיאנערישע דרשות: זיי פלעגען זיך פערשטעקען די אויערן, אזוי אז די פרעדיגער האבען גערעדט און קיינער האט נישט געהערט. דער פויפסט האט דאן בעפוילען אכטונג צו געבען, אז בעת די דרשות זאלען יודען האבען אפענע אויערן; עס פערשטעהט זיך, אז אויך דאס האט וויניג געהאלפען און אויך נאכדעם האבען די מיסיאנערישע אגיטאציעס קיין ערפאלג נישט געהאט.

פערבעסערט האט זיך עטוואס די יודישע לאגע ביים פויפסט סיקסט דער V־טער. זיין מעלה איז געוועזן דאס, וואס ער האט זעהר ליעב געהאט געלד און פאר געלד האט מען געקענט ביי איהם פועל׳ן אלץ. אונטער זיין הערשאפט איז יודען ערלויבט געווארן ווידער זיך צו בעזעצען אין די פויפסט־פראווינצען און עס זענען אבגעשאפט גע־ווארן איינינע בעגרענצונגען. עס זענען אויך בטל געווארן די רעפרע־סיעס געגען תלמוד; דער פערטרעטער פון סיקסט V, דער פויפסט קלימענט VIII, האט זיך אבער אומגעקעהרט צום אלטען סיסטעם און בעת זיין הערשאפט זענען יודען ווידער פערטריבען געווארן פון די

פּויפּסטליכע פּראָווינצען, אויסער רוים, אַנקאָנאַ און אַוויניאָן, וואו די יודען זענען פערבליבען וואוינען ווייטער אויך.

ניט פיעל בעסער איז געוועזען די לאגע פון די יודען אויך אין יענע איטאַליענישע פּראָווינצען, וואָס זענען געוועזען אונאָבהענגיג פון פּויפּסט. די פרומע הערצאָגען און דאָזשען פון די וועלטליכע איטאַליענישע פּראָווינצען פלעגען פשוט פון פרומקייט וועגען מקיים זיין אלע בעפעהלען פון פּויפּסט. אָבער אויך יענע ווינציגע הערצאָגען, וואָס זענען געוועזען אינגאַנצען אונאָבהענגיג פון פּויפּסט, פלעגען עקספּלאָאַטירען יודען אויף אַלערליי אופנים, און אויסער דער שטענדיגער יודישער רעכטלאָזיגקייט פלעגען נאָך צוקומען פון צייט צו צייט אונגעריכטע אומגליקען, פּאָגראָמען, גירושים. די רעכטלאָזיגקייט פון געטאָ איז אומעטום געוועזען די זעלבע, דער ווילקיר פון דער מאַכט איז אומעטום געוועזען דער זעלבער און די יודישע לאַגע האָט שטענדיג זיך געהאַלטען אויף נסים: אַמאָל האָט מען אין יודען זיך גענויטיגט, האָט מען זיי צו רוה געלאָזען; אַמאָל זענען זיי געוועזען איבעריג, האָט מען זיי געטריבען און געיאָגט.

פערהעלטניסמעסיג גוט איז געוועזען די לאַגע פון די יודען אין דער וועניציאַנישער רעפּובליק. אויך דאָרט האָט מען יודען ניט ליעב געהאַט, מ'האָט זיך אָבער גענויטיגט אין זיי, ווייל וועניציען האָט זיך געהאַלטען נאָר אויפ'ן האַנדעל מיט טערקיי און די הויפּט-פערמיטלער אין דעם האַנדעל זענען געוועזען יודען. פיעל האָט דאָ אויך געווירקט די גרויסע ראָליע, וואָס די יודישע דיפּלאָמאַטען האָבען געשפּיעלט אין טערקיי, ווייל וועניציען האָט דאַן געמוזט זיך שטאַרק רעכענען מיט דעם טערקישען סולטאַן, וועלכער האָט געהאַט אַ גרויסע דעה אין גאַנץ אייראָפּאַ. דערפאַר זענען יודען געשטאַנען אין גרויס געפאַהר דאַן, ווען וועניציען האָט זיך ניט גערעכענט מיט דער השפעה פון די יודישע דיפּלאָמאַטען אין טערקיי. דאָס איז געוועזען בעת דער מלחמה צווישען דער וועניציאַנישער רעפּובליק און טערקיי צוליעב דער אינזעל ציפּערן. וועניציען האָט דאַן זיך פעראייניגט מיט'ן פּויפּסט און מיט דעם שפּאַנישען קעניג פיליפּ דער צווייטער, וועלכע האָבען צוזאַמען געבילדעט אַ „הייליגע ליגע" געגען די טערקען (1570 — 71). אַזוי ווי אין דער שפּיץ פון דער פּאַרטיי, וואָס איז אין קאָנסטאַנטינאָפּאָל געוועזען פאַר מלחמה, איז געשטאַנען דער יודישער מיניסטער דון יוסף נשיא, האָט די וועניציאַנישע רעפּובליק פריהער פון אַלץ אויסגעגאָסען דעם צאָרן אויף איהרע יודען: צוערשט

האט מען ארעסטירט די יודישע סוחרים פון טערקיי, וואס האבען זיך דאן געפונען אין ווענעציען, און מען האט קאנפיסקירט זייערע סחורות; דערנאך האט דער סענאט אנגענומען א בעשלוס, ארויסצוטרייבען אלע יודען פון דער רעפובליק. און די יודען האבען שוין אנגעהויבען דעם בעפעהל אויסצופיהרען, נאר פלוצלונג האבען זיך אנגעהויבען פיהרען אונטער־האנדלונגען וועגען שלום צווישען טערקיי און ווענעציען, און אין דער שפיץ פון די אונטערהאנדלונגען איז געשטאנען דער דיפלאמאטי־שער שליח פון טערקיי שלמה אשכנזי, א געוועזענער ווענעציאנישער אונטערטאן. שלמה אשכנזי האט אזוי־ערנאך געווירקט אויף די ווענע־ציאנישע קאנסולען אין קאנסטאנטינאפאל און ווען איינער פון זיי, סאראנצא, האט, אומקעהרענדיג זיך אהיים, בעגעגענט אויפ׳ן ברעג א גרופע יודען מיט קליינע קינדער, וואס זענען שוין געשטאנען גרייט צו פערלאזען דאס לאנד, האט ער היים פערטיידיגט די פערטריבענע און גע׳טענה׳ט צו די מיטגליעדער פון דער בעראטונג, וואס איז וועגען דעם צונויפ־גערופען געווארן: „וואס טוט איהר? איהר ווילט ברענגען צרות אויפ׳ן לאנד. ווער האט מיטגעהאלפען צו פערפעסטיגען טערקיי, ווער האט איהר געגעבען טעחניקער אויף צו פאבריצירען אלערליי מין כלי־זין, מיט וועלכע זיי קעמפפען געגען אלע מלוכות, אויב נישט די יודען, וואס זענען פערטריבען געווארן פון שפאניען?" די דאזיגע טענות האבען געווירקט, און דער סענאט האט צוריקגענומען זיין בעשלוס וועגען ארויסטרייבען די יודען. ווען שלמה אשכנזי איז דערנאך אליין אנגעקומען קיין ווענעציען, אום צו פיהרען די אונטערהאנדלונגען וועגען שלום, איז ער אויפגענומען געווארן מיט גרויס כבוד און די געפאהר איז אינגאנ־צען פערשוואונדען געווארן.

נישט שטענדיג אבער האט געהאלפען די יודישע השפעה אין טערקיי. גענוא האט פערטריבען דאס רעשט ביסעל יודען, וואס זענען דארט געבליבען נאך די ערשטע גירושים (1567). אין הערצאגטום פערארא, וואו די יודען און מאראנען האבען פריהער געהאט א בית מקלט, איז די לאגע פערערגערט געווארן צו ענדע פון 16־טען יאהר־הונדערט. די ליבעראלע דינאסטיע פון די הערצאגען ד׳עסטע, וואס האט שטענדיג געשיצט די יודען, איז אונטערגעגאנגען, און אין 1597 איז פערארא איבערגעגאנגען אונטער דער הערשאפט פון פויפסט. די יודען און די מאראנען האבען געוואוסט, וואס פאר א וואלקען עס רוקט זיך אן אויף זייערע קעפ, און האבען אליין אנגעהויבען מאכען הכנות

צו פארלאזן דאס לאנד. נאר דער קארדינאל אלדאבראנדיני, וואס איז געווען דער פערטרעטער פון פויפסט אין דער דאזיגער ניי־ערוואָרבענער פראווינץ, האט פערשטאנען, וואס פאר'א שאדען עס וועט זיין פארן לאנד דאס ארויסטרייבען יודען, און ער האט אבגעלעגט דעם גירוש אויף פינף יאהר. דערווייל האט מען ביסלעכווייז אנגעהויבען איינפיהרען די אלע גזרות פון פויפסט אויף יודען אין אנדערע ערטער, ווי ארויס־לעגען א אבצאהלונג אויף יעדער יודישער שוהל, צווינגען יודען צו הערען די מיסיאנערישע דרשות, טראגען א בעזונדערען צייכען אויף די מלבושים און שפעטער (1624 — 27) זענען די גאסען, וואס זענען געווען בעזעצט פון יודען, פערשלאסען געווארן דורך בעזונדערע טויערן און פערוואנדעלט געווארן אין א געטא. זאגאר פלארענץ, וואו די געבילדע־טע הערשער פון הויז מעדיטשי האבען א לאנגע צייט נישט געוואלט מקיים זיין די בעפעהלען פון פויפסט און איינפיהרען ביי זיך די יודישע בענרענצונגען, האט ענדליך איינגעפיהרט פאר יודען א געטא אין עק שטאדט און נאר די רייכע יודען איז ערלויבט געווארן צו וואוינען אויסער דעם געטא.

פיעל יסורים האבען איבערגעלעבט די יודען פון מילאנער הער־צאגטום. אין דער צווייטער העלפט פון 16־טען יאהרהונדערט האט דאס הערצאגטום זיך געפונען אונטער דער הערשאפט פון טיראנישען שפאנישען קעניג פיליפ II, וועלכער האט נישט איינמאל געפאדערט פון זיין מילאנער וויצע־קעניג, אז ער זאל ארויסטרייבען די יודען פון הערצאגטום, נאר דער וויצע־קעניג האט גע'טענה'ט, אז דאס וועט ברענגען פיעל שאדען פאר'ן לאנד, און האט דעריבער אבגעלעגט דעם גירוש, ערפילענדיג דערביי פינקטליך אלע בעפעהלען פון פויפסט וועגען רודפ'ן דעם תלמוד, וועגען בעזונדערע מלבושים פאר יודען א. א. וו. די קלעריקאלען אין מילאן האבען זיך אבער דערמיט נישט בערוהיגט און געשיקט דעפוטאציעס צום שפאנישען קעניג מיט בקשות ארויסצו־טרייבען די יודען. די יודישע בעפעלקערונג האט אויך געשיקט א דע־פוטאט, שלמה כהן, צום קעניג, אבער ער האט קיין ערפאלג נישט געהאט. יודען האט מען געגעבען א טערמין פון צוויי חדשים זיך צו־צוגרייטען אין וועג אריין, און אין פריהלינג 1597 האבען אנ'ערך 1000 יודען געמוזט פערלאזען דאס לאנד און געהן זוכען זיך א היים ערגעץ אנדערש. די ארויסגעטריבענע האבען זיך בעזעצט אין די געטא'ס פון מאנטוא, פאדוא, מאדענא און ווערא[נ]א, וואס זענען שוין אזוי אויך געווען איבערפולט.

אָבער אויך אין די לעצטע אויבענדערמאָנטע שטעדט האָט מען יודען ניט צו־רוה געלאָזען, און אין איינער פון זיי, מאַנטוא, וואָס איז געווען איינע פון די בעסטע יודישע קולטורעלע קהלות, האָבען יודען געמוזט איבערלעבען אַלע שרעקען פון דעם אַכזריות׳דיגען מיטעלאַלטער.

אין 1602 האָבען יודען איבערגעלעבט אַ גרויסע קאַטאַסטראָפע; אין יענער צייט איז קיין מאַנטוא געקומען דער פאַנאַטישער פראַנציס־קאַנער באַרטאָלאָמעאָ דע־סאַלוטיוואָ, וועלכען מען האָט געהאַלטען פאַר אַ „קדוש", און ער האָט מיט זיינע פאַנאַטישע דרשות אויפגערייצט געגען יודען די קריסטליכע בעפעלקערונג. איינמאָל האָט אַ קריסט דערזעהן עטליכע יודישע קינדער שפּיעלען זיך אין אַ הויף אום שבת און איהם האָט זיך אויסגעוויזען, אַז דאָס לאַכען אָב די קינדער פון פאַנאַטישען פראַנציסקאַנער און זיינע דרשות. ער האָט וועגען דעם געגעבען צו וויסען די איבעריגע קריסטען און באַלד האָט דער צורייצטער המון געחאַפּט עטליכע אונשולדיגע יודען, זיי אַריינגעוואָרפען אין תּפיסה, וואו מען האָט זיי שרעקליך געפּייניגט און דערנאָך דערשטיקט; זייערע טויטע קערפּער׳ס האָט מען צוגעבונדען צו די ווייַדלען פון פערד און געשלעפּט איבער די גאַסען, דערנאָך האָט מען זיי אויפגעהאַנגען אויף סלופּעס פאַר די פּיס. דער ווילדער המון איז געווען גרייט אָנצופאַלען אויף די יודישע הייזער און מאַכען אַ חורבן, נאָר די הערצאָגען האָבען דערצו ניט דערלאָזען. שפּעטער מיט אַכט יאָהר איז פאַר די יודען אין מאַנ־טוא איינגעפיהרט געוואָרן אַ געטאָ. די יודען זענען דאָך געבליבען גוטע בירגער און שפּעטער, בעת דאָס עסטרייכישע מיליטער פון קייזער פערדינאַנד II האָט בעלאַגערט מאַנטוא (1636), האָבען יודען מוטיג געקעמפּפט צווישען די רייהען פון די קריסטען. זיבען חדשים נאָכאַנאַנד האָבען אַלע יודישע מענער אויסגעהאַלטען די בעלאַגערונג; מיט געוועהר אין דער האַנד פערטיידיגט די שטאָדט פון שונא, אָדער געהאָלפען פערפעסטיגען די מויערן פון שטאָדט און דערביי זאָגאַר מחלל שבת געווען. דערפאַר, ווען דער שונא האָט איינגענומען די בעלאַגערטע שטאָדט, האָט זיין מיליטער צוראַבירט די קוואַרטאַלען פון געטאָ און אַרויסגעטריבען אַלע יודען פון שטאָדט, ערלויבענדיג זיי נאָר מיטצו־נעהמען מיט זיך די נויטיגע מלבושים און דריי דוקאַטען געלד. די יודען האָבען אַוועקגעשיקט אַ דעפּוטאַציע צום קייזער פערדינאַנד און געבעטען ביי איהם מיטלייד. פערדינאַנד האָט ערלויבט די פערטריבענע אומצוקעהרען זיך און בעפוילען, מען זאָל זיי אָבגעבען זייער פערמעגען;

אָבער דערווייל איז שוין אַ העלפט פון די פערטריבענע אָדער אויסגעשטאָרבען פון הונגער און נויט, אָדער צוזייהט און צושפרייט געוואָרן איבער אַנדערע לענדער און נאָר איין העלפט האָט זיך צוריקגעקעהרט צו די אַלטע חורבות פון צושטערטען געטאָ.

---

אין יענער עפּאָכע, ווען די יודישע צרות האָבען דערגרייכט די העכסטע שטופע, ווען יודען, אויסגעמאַטערט און דערשלאָגען פון פיעל ליידען און וואַנדערן, האָבען פערלוירען דעם גלויבען אין די אייגענע כּוחות, — אין יענער עפּאָכע האָט געמוזט בעשאַפען ווערן אַ רעאַקציע געגען דער פערצווייפלונג און דערשלאָגענקייט און די רעאַקציע האָט זיך אויסגעדריקט אין אַ אייגענטימליכע משיח־בעוועגונג, וואָס האָט אַרויסגערופען פיעל דראַמאַטישע מאָמענטען, בעשאַפען פיעל טראַגעדיעס און אויפגערודערט דאָס גאַנצע יודענטום. די אַלטע יודישע אמונה, אז עס וועט קומען אַ צייט, ווען יודען וועלן ווידער אויסגעלייזט ווערן און צוריק ווערן אַ פריי פאָלק, האָט זיך אין יענער צייט פון אונמענשליכע יסורים און בעליידיגונגען שטאַרק פונאַנדערגעפלאַקערט און די ברענענדע בענקשאַפט פון פאָלק צו אויסלייזונג האָט געמוזט אָננעהמען אַ פאָרם פון איבערנאַטירליכען גלויבען, פון אַ גלויבען אין דער נאָהענטער אויסלייזונג אויף אַ אונגעוועהנליכען אופן. פיעל פרומע און געבילדעטע יודען האָבען דאַן באמת געגלויבט, אַז די מאָס איז שוין איבערפולט, אז ווייטער אַזוי דויערן קען שוין נישט: עס האָבען זיך שוין אָנגעהויבען די חבלי משיח און די גאולה איז שוין נאָהענט. די דאָזיגע אַלגעמיינע אויפרעגונג האָבען פערשידענע אַוואַנטיוריסטען און טרוימער אויסגענוצט צו זייערע פערזענליכע צוועקען; דערביי מוז מען אָבער מודה זיין, אַז די משיח־בעוועגונג פון יענער צייט האָט אויך געהאַט פיעל שענע, ערהויבענע מאָמענטען און האָט אַרויסגעפיהרט אויף דער סצענע עטליכע אינטערעסאַנטע טראַגישע פערזענליכקייטען.

נאָך ר׳ יצחק אברבנאל, וואָס איז געוועזען אַ ניכטערער קאָפּ און האָט זיך געהאַלטען ווייט פון די קבל׳יסטישע חלומות, האָט אין די לעצטע יאָהרען פון זיין לעבען געפּרובט פערפעסטיגען די אידעע וועגען משיח און מאַכען זי פאַר׳ן צענטר פון דער יודישער אמונה. ער איז מיט צאָרן אַרויסגעטרעטען געגען דער מיינונג פון איניגע יודישע געלעהרטע, (ווי ר׳ יוסף אַלבו און אַנדערע), אַז די אמונה אין משיח

איז נישט איינער פון די יודישע עיקרים, אברבנאל האט וועגען דעם
ספעציעל אנגעשריבען דריי ספרים און אויף'ן גרונד פון פערשידענע
גימטריאות און רמזים אין תלמוד און אין מדרש האט ער זאגאר גע־
פרובט בעשטימען די צייט, ווען משיח וועט קומען. לויט זיין חשבון
איז אויסגעקומען, אז משיח דארף קומען צווישען יאהר 1563 און 1532.
אונטער דער ווירקונג פון אברבנאל'ס משיח־טעאריע, האבען זיך גלייך
בעוויזען אנדערע, מיסטיקער לויט זייער נאטור, וואס האבען פערבריי־
טערט די דאזיגע אמונה, און זי פערוואנדעלט אין א לעבעדיגער בעוועגונג.

אין 1502 האט זיך אין איסטריען, אויף דער גרעניץ פון איטא־
ליען און עסטרייך, בעוויזען א אונבעקאנטער יוד פון דייטשלאנד, מיט'ן
נאמען אשר לעמלין, וועלכער האט זיך ערקלערט אלס נביא פון
דער נאהענטער גאולה. ער האט געהאט אלע פעהיגקייטען פון א פאנא־
טישען פרעדיגער און מ'איז שווער צו בעשטימען, צי דאס איז געווען
א פשוט'ער אוואנטוריסט, אדער א נאאיווער מיסטיקער. יעדענפאלס
האט ער מיט זיינע דרשות צוגעצויגען פיעל מענשען. ער האט געפרע־
דיגט, אז אויב נאר יודען וועלען פאסטען און תשובה טאן, וועט אין 6
חדשים ארום קומען די גאולה; עס וועלען פארקומען נסים, די קריסטליכע
קירכען וועלען איינפאלען און איינגעזונקען ווערען, די יודישע שונאים
וועלען א מפלה האבען און דאס פערפאלגטע יודישע פאלק וועט זיך
בעפרייען פון זיין יאך און קומען אין זיין איינענעם לאנד אריין. די דאזיגע
דרשות האבען צוגעצויגען פיעל מאמינים אין איטאליען און אין עסטרייך;
יודען האבען אנגעהויבען פאסטען און מתפלל זיין גאנצע טעג, פיעל
האבען צוטיילט זייער געלד פאר ארימע לייט; און די אמונה איז געווען
אזוי גרויס, אז איין רב אין ווערטפאליען האט זאגאר געהייסען איינוואר־
פען דעם אויבען, וואס איז געווען געבויט ספעציעל אויף באקען מצות,
וייל ער איז געווען זיכער, אז דעם פסח וועלען יודען שוין זיין אין ארץ
ישראל. אויך פיעל קריסטען, צווישען וועלכע די קבלה איז דעמאלט
געווען זעהר פערשפרייט, האבען געגלויבט, אז עס שטעהען פאר גרויסע
וועלט־געשעהענישען, און דאס האט נאך צוגעגעבען מוט די גלויביגע
יודען. ווען די אנגעוויזענע צייט איז אריבער און משיח איז אלץ נישט
געקומען, האבען אייניגע דאך נישט פערלוירען די אמונה, אז די זינד
האבען פערהאלטען משיח'ן, וועלכער וועט דאך אין גיכען קומען; אנ־
דערע זענען אריינגעפאלען אין א פערצווייפלונג און זיך גאר אבגעזאגט
פון יודענטום.

אין 22 יאָהר אַרום האָט זיך די משיח-בעוועגונג איבעראַנייעם אָנגעהויבען און דאָס מאָל שוין מיט אַ גרעסערער קראַפט און ביי פיעל מעהר טראַגישע אומשטענדען.

אין פעברואַר 1524 האָט זיך אין פּאָרט פון ווענעציען אַרויסגעזעצט אַ געהיימניספולער וואַנדערער. ער האָט זיך אָנגערופען דוד ראובני, איינִיקעל פון שבט ראובן, און האָט דערצעהלט, אַז ער איז אַ געבוירענער פון דער פּראָווינץ ח ב ר אין אַראַביען, וואו עס עקסיסטירט אַ יודישע מלוכה, וואָס איז בעזעצט דורך די אייניקלעך פון די אַלטע יודישע שבטים: ראובן, גד און מנשה; אַז דער קייזער פון די דאָזיגע יודען איז זיין ברודער און ער, דוד, איז געשיקט געוואָרן דורך זיין ברודער קיין אייראָפּאַ מיט אַ וויכטיגע פּאָליטישע שליחות. אין וואָס ס'בעשטעהט די דאָזיגע שליחות איז שווער געווען צו דערגעהן, ווייל דער דאָזיגער אונבעוואוסטער וואַנדערער האָט זיך געהאַלטען זעהר געהיימניספול, ווינציג גערעדט, ווינציג געענטפערט אויף פרעמדע פראַגען; נאָר פון די פערשידענע רמזים, וואָס ער האָט געגעבען, האָט מען געקאָנט זיך אָנשטויסען, אַז ער איז געשיקט געוואָרן צו די אייראָפּעאישע מלכים און פריהער פון אַלץ צום רוימישען פּויפּסט מיט אַ פאָרשלאַג, צוצושטעלען דער יודישער מלוכה אין אַראַביען געוועהר און פּראָוויאַנט, כדי צו מאַכען אַ בעוואָפענטען אויפשטאַנד געגען די טערקען און אָבנעהמען ביי זיי פּאַלעסטינאַ. עס איז לייכט זיך פאָרצושטעלען, וואָס פאַר אַ רושם דער דאָזיגער געהיימניספולער מענש האָט געמאַכט אויף אַלע אַרומיגע יודען. ער איז אָנגעקומען קיין ווענעציען אינקאָגניטאָ; די ערשטע צייט פערבליבען אין צימער פון קאַפּיטאַן פון דער שיף, מיט וועלכער ער איז געקומען, און ערשט דערנאָך איז ער אַוועק אין יודישען געטאָ און דערצעהלט די פאָרשטעהער פון דער יודישער קהלה וועגען זיין גרויסער שליחות. דערביי האָט ער גערעדט אויף אַזאַ אונקלאָרער העבּרעאישער שפּראַך און זיך בענוצט מיט אַזעלכע אונקלאָרע אויסדריקען, אַז דער איינדרוק איז נאָך געווען גרעסער און עס איז שוין קיין ספק נישט געבליבען, אַז דאָ האָט מען פאַר זיך אַ וויכטיגע פּערזאָן, וואָס פון איהם שטעהען פאָר גרויסע ישועות פאַר יודען. מען האָט געפּרובט זיך דערוויסען פון איהם די פּרטים פון זיין מיסיע; אויף דעם האָט אָבער דוד ראובני געענטפערט, אַז ביז זיין אודיענץ ביים פּויפּסט קאָן ער מעהר גאָרנישט דערצעהלען. אויך וועגען דער פּערזענליכקייט איז שווער צו זאָגען עטוואָס בעשטימטעס: צי איז דאָס געווען אַ געניטער שאַרלאַטאַן,

אָדער אַ פֿאַנטאַסטישער מאַניאַק; מיט זײַן סודות׳דיגען האַלטען־זיך האָט ער אָבער בעוויזען אַלעמען צו פֿעראינטערעסירען. און ווען מען דער־מאָנט זיך, אַז אין דער פֿאָלקס־לעגענדע האָט שוין ווירקליך לאַנג עקסיסטירט ערגעץ אַ יודישע מלוכה פֿון אמאָליגע „עשרת השבטים״, קאָן מען לײַכט פֿערשטעהן, ווי גרויס עס האָט געמוזט זײַן די אמונה אין איהם. אַ מענש פֿון קלײַנעם וואוקס, אַ שוואַרצער און מאָגערער, ווי אַ סקעלעט, שטענדיג פֿערזונקען אין תּפלה און אין תעניתים, דער־בײַ נאָך מיט פֿירשטליכע מאַניערען — האָט דוד ראובני געמאַכט אַ גרויּ־סען אײַנדרוק נישט בלויז אויף יודען, נאָר אויך אויף קריסטען און אויפֿגערײַצט די פֿאַנטאַזיע פֿין די מיסטיש־געשטימטע יודען, וואָס האָבען שוין לאַנג אַרויסגעקוקט אויף עפּעס אַ וואונדערבאַרען מלאך־הגואל.

אין ניצען איז ראובני אָנגענומען געוואָרן פֿריהער דורך די קאַרדי־נאַלען און דערנאָך דורכ׳ן פּויפּסט קלעמענט VII אַליין. דער דאָזיגער פּויפּסט האָט דעמאָלט איבערגעלעבט אַ שווערע צײַט; ער איז געשטאַ־נען צווישען צוויי פֿײַערן: צווישען דער לוטעראַנישער רעפֿאָרמאַציע פֿון אײַן זײַט און דער פּאָליטיק פֿון דײַטשען קײַזער קאַרל V פֿון דער צווײַטער זײַט. פּאָליטיש איז ער געווען געדריקט פֿון דײַטשען קײַזער, גײַסטיג איז ער געווען בעלײַדיגט דורך דער רעפֿאָרמאַציע, וועלכע האָט בײַ איהם צוגענומען דעם גאַנצען אויטאָריטעט, אַזוי אַז ער האָט זיך געחאַפּט פֿאַר אַלץ, וואָס האָט געקאָנט חאָטש עטוואָס אָבראַטעווען זײַן פּאָזיציע. דוד ראובני מיט זײַן פֿאַנטאַסטישען פּלאַן, אָבצונעהמען פּאַלעסטינאַ בײַ די טערקען, איז דעריבער געווען פֿאַר׳ן פּויפּסט, ווי געוואונשען. דער פּויפּסט האָט פֿריהער אָבגענומען בײַ ראובני זײַנע דאָקומענטען — ווי עס זעהט אויס, בעשטעטיגונגען פֿון די פּאָרטוגעזישע שיפֿס־קאַפּיטאַנען און פֿון די קאָנסולען אין טערקײַ, אַז אין מזרח עקסיסטירט ווירקליך אַ יודישער שבט. דערנאָך האָט דער פּויפּסט אָבגעשיקט די דאָזיגע דאָקומענטען קײַן ליסאַבאָן אויף צו קאָנטראָלירען זיי. ווען די פּאָרטוגעזישע רעגירונג האָט די דאָזיגע דאָקומענטען בעשטעטיגט, איז ראובני פֿײַערליך אויפֿגענומען געוואָרן פֿונ׳ם פּויפּסט. ער איז אַרײַנגעפֿאָהרען קײַן רוים, ווי אַ שליח פֿון אַ אויסלענדישער מלוכה, אויף אַ ווײַסען פֿערד, אין בעגלײַטונג פֿון אַ איבערזעצער און בעדיענטע. אָנגענומען איז ער געוואָרן מיט גרויס כּבוד, און ווי ס׳שײַנט, איז דעם פּויפּסט געפֿעלען געוואָרן ראובני׳ס פּלאַן און זיי האָבען זיך פֿרײַנדליך אָבגעשײַדעט אײַנער פֿון צווײַטען. די אוידיענץ האָט געמאַכט

א גרויסען איינדרוק אויף די יודען אין רוים, וועלכע האבען געפרובט זיך מתקרב זיין צו ראובני'ן. די פארשטעהערין פון דער יודישער אריסטאקראטיע בענוועני֯דא אברבנאל האט איהם געשיקט א גרויסע סומע געלד און א זיידענע פאהן מיט די אויפשריפטען פון די עשרת הדברות. נאר ראובני האט אויסגעמיטען אפענהערציגע געשפרעכען מיט יודען און דערמיט נאך מעהר אויפגעוועקט די נייגיריגקייט.

אין הערבסט 1525 איז ראובני אנגעקומען קיין פארטוגאליען און זיך פארגעשטעלט פאר'ן קעניג יאהאן III. דער פלאן אבצורייסען פאלעסטינא פון טערקיי איז, ווי ס'ווייזט אויס, געפעלען געווארן אויך דעם פארטוגעזישען קעניג און ער האט צוגעזאגט שיקען קיין אראביען, צו דער געהיימניספולער יודישער מלוכה, די נויטיגע צאהל שיפען מיט מאטראסען און געוועהר. דערווייל איז ראובני געבליבען וואוינען אין פארטוגאליען אלס פארשטעהער פון א אויסלענדישע מלוכה און זיין פערבלייבען דארט האט אויף א קליינער צייט פערלייכטערט דעם גורל פון די פארטוגעזישע מאראנען. גראד צו יענער צייט איז אויף דער טאגעס-ארדנונג געשטאנען די מאראנען-פראגע; די פארטוגעזישע קלעריקאלען האבען זיך נישט בענוגענט מיט דעם גירוש פון די יודען, זיי האבען נאך געוואלט אינגאנצען פערטיליגען די איבערגעבליבענע מאראנען, וואס האבען געהיים ווייטער געהיט די יודישע רעליגיע. די גייסטליכע האבען נישט אויפגעהערט צו העצען דאס פאלק געגען די מאראנען; שפיאנען האבען אומעטום געלויערט און זיי פערפאלגט; און די מאראנען, וואס מען האט געחאפט ביים ערפילען די געבאטען פון דער יודישער רעליגיע, האט מען געברענט אויף די שייטערהויפענס. די קלעריקאלען האבען אבער געוואלט, אז דאס זאל נישט זיין צופעליג, נאר סיסטעמאטיש איינגעארדענט, און געפאדערט פון קעניג, ער זאל איינפיהרען, ווי אין שפאניען, א אינקוויזיציע געגען די מאראנען. דער קעניג איז שוין געווען גרייט צו ערפילען די דאזיגע פאדערונג, נאר דא איז געקומען ראובני און די אונטערהאנדלונגען מיט דעם פארשטעהער פון א יודישער מלוכה האבען געצוואונגען דעם קעניג אבצולעגען אויף א קליינע צייט זיין פלאן. דוד ראובני האט דעריבער ארויסגערופען א בעזונדער גרויסען רעספעקט צו זיך צווישען די מאראנען. אויסגעמאטערט פון די לאנגע רדיפות, האבען אט די מאראנען דאך טיעף אין הארצען נישט אויפגעהערט צו גלויבען אין דער גאולה, און אין דעם געהיימניספולען שליח פון מזרח האבען זיי דעריבער דערזעהן זייער

אויסלייזער. די אוידיענץ פֿון ראובני בײַם פּויפּסט און בײַם קעניג האָט זיי אויפֿגעמונטערט; פֿיעל מאַראַנען אין ליסאַבאָן און אין אַנדערע שטעדט פֿלעגען קומען צו ראובני, איהם קושען די האַנד און אָבגעבען קייזערליכען כבוד. ער איז אָבער געווען אײַנגעהאַלטען, פֿאָרזיכטיג און דאָס האָט, נאַטירליך, נאָך פֿערגרעסערט דעם אינטערעס צו איהם און צו זײַן מיסיע.

דערווײַל איז די משיח=בעוועגונג געוואַקסען און דוד ראובני, וועלכער האָט אַליין נאָך זיך קיין זכר נישט איבערגעלאָזען אין דער יודישער געשיכטע און איז פֿערשוואונדען געוואָרן אַזוי געהיימניספֿול, ווי ער איז געקומען, איז בעשערט געווען אַרויסצושטעלען אויף דער סצענע א בעגײַסטערט=פּאָעטישע פּערזענליכקײַט פֿון א יודישען בחור, וואָס האָט אין זיך פֿעראייניגט די התלהבות פֿון אַ מיסטיקער מיט דער קראַפֿט פֿון אַ נאַציאָנאַלען קעמפּפֿער און האָט איבערגעלאָזען נאָך זיך אַ אָנדענקען פֿון פֿאָלק אַלס מערטירער און קדוש. דאָס איז געווען דער געבילדעטער מאַראַן דיעגאָ פּירעס (געבוירען אין יאָהר 1500).

ער האָט פֿריהער פֿערנומען די שטעל פֿון א סעקרעטאַר אין איינער פֿון די רעגירונגס=אינסטיטוציעס אין ליסאַבאָן און איז געשטאַנען נאָהענט צום הויף. ראובני האָט אָבער אַרויסגערופֿען אין זײַן נשמה אַ איבערקעהרעניש; בטבע אַ פֿײַערדיגער מיסטיקער און טרוימער, און זענענדיג נאָך דערצו געניגט צו מסירת נפש און מערטירערײַ, — האָט פּירעס פּלוצלונג דערשפּירט אין זיך עפּעס אַ געטליכען פֿײַער פֿון אַ נביא, אָנגעהויבען זעהען חלומות אויף דער וואָהר און דערשפּירט אין זיך, אַז ער דאַרף שטעהן אין דער שפּיץ פֿון די גרויסע געשעהנישען, וואָס דאַרפֿען באַלד קומען. ער איז אַוועק צו ראובני, איהם דערצעהלט וועגען זײַנע חלומות און „זעהונגען"; און נישט קוקענדיג אויף דעם, וואָס ער האָט געפּרובט אָבקיהלען די צופֿלאַקערטע פֿאַנטאַזיע פֿון דעם יונגען מיסטיקער, איז דער לעצטער אַלץ מעהר עקזאַלטירט געוואָרען. פֿון גרויס התלהבות האָט ער אַליין זיך מל געווען, אַוועקגעוואָרפֿען זײַן קריסטליכען נאָמען און זיך אָנגעהויבען רופֿען שלמה מולכו. נאָך אויסגעמאַטערט פֿון דער שווערער אָפּעראַציע, אין פֿיבער־האַפֿטער אויפֿרעגונג, איז ער ווידער אַוועק צו ראובני און איהם דערצעהלט וועגען זײַן טאַט. ראובני האָט זיך דערשראָקען, אַז די דאָזיגע מעשה זאָל נישט וואַרפֿען אַ חשד אויף איהם אַליין, אַז ער ציהט אָב מאַראַנען פֿון קריסטענטום, און געראַטען דעם צוהיצטען מיסטיקער, אַז

ער זאָל באַלד אוועק קיין טערקיי. שלמה מולכו האָט דאָס אָנגענומען פאַר אַ בעפעהל „פון אויבען" און האָט געפאָלגט די עצה.

פון 1527 ביז 1528 האָט ער אַרומגערייזט איבער דער אייראָפּעאישער טערקיי. אין סאַלאָניקי איז ער זיך צונויפגעגאַנגען מיט דעם מקובל ר׳ יוסף טייטאַצאַק און איז אַריינגעפיהרט געוואָרן אין די סודות פון דער קבלה. אין אַדריאַנאָפּאָל, ווי איינינע היסטאָריקער מיינען, איז ער זיך צונויפגעגאַנגען מיט דעם קינסטינען מחבר פון „שולחן ערוך" ר׳ יוסף קאַרא; אין גיכען איז ער געקומען אויך קיין צפת, דעם צענטר פון די מקובלים, און דאָ האָט ער פערפאַסט אַ רייהע דרשות וועגען ביאת המשיח, וואָס זענען דערנאָך אָבגעדרוקט געוואָרען דורך זיינע פריינד אין אַ בעזונדער ספר מיט׳ן נאָמען „ספר המפואר". פיעל זענען געוועזען ענטציקט פון זיינע בעגייסטערטע רעדעס וועגען דער נאָהענטער גאולה. מען האָט זיך פערטיעפט אין זיך און מען האָט געפונען, אַז די דעמאָלטיגע געשעהנישען טראָגען די אַלע סמנים פון משיח׳ס קומען, אויף וועלכע דער „זהר" איז מרמז. אין דעם פאַקט, וואָס רוים, די הויפטשטאָדט פון „אדום", איז דעמאָלט איינגענומען געוואָרן דורך די סאָלדאַטען פון דייטש-שפּאַנישען מיליטער פונקט אין שבועות (1527), האָט מען געזעהען אַ קלאָרען בעווייז, אַז דער „קץ" האָט זיך שוין אָנגעהויבען, אַז די וועלט שטעהט ערב גרויסע געשעהנישען.

ענדע 1529 איז מולכו אוועק קיין אַנקאָנאַ, וואו די קאַטוילישע גייסטליכע האָבען בעזונדערס נאָכגעשפּירט די אַנטלאָפענע מאַראַנען. ער איז שיער ניט אַרעסטירט געוואָרן; האָט ער זיך אָבער אויסגעדרעהט און איז אָבגעפאָהרען קיין רוים. דאָרט האָט זיין מיסטישער ברען דערגרייכט די העכסטע מדרגה. ער האָט דערצעהלט, אַז דערזועהענדיג די „פערשאָלטענע שטאָדט", האָבען זיך ביי איהם געעפענט די „שערי דמעות", ער האָט אויסגעגאָסען זיין האַרץ אין אַ הייסער תפילה איבער דער בעפרייאונג פון דעם פיעל-געפּלאָגטען יודישען פאָלק און איבער דער גאולה פון ירושלים. בשעת דער תפלה האָט ער דערהערט אַ בת-קול, וואָס האָט אָנגעזאָגט וועגען דער גיכער גאולה. דער פאַנטאַסטישער מיסטיקער האָט אין רוים פערבראַכט טאָג און נאַכט אין תפלה און אין תעניתים און דערגרייכט די גרעסטע שטופע פון קראַנקהאַפטע האַלוציניאַציעס. איהם האָט זיך אויסגעוויזען, אַז צו איהם קומט עפּעס אַ געהיימניספולער זקן, פיהרט איהם איבער די חורבות פון ירושלים, שטעלט איהם אוועק צווישען די בערג און דאָרט דערצעהלט ער איהם וועגען

דער צוקונפט פון דער וועלט און פון פאָלק ישראל: רוים וועט צושטערט ווערן דורך אַ פערפלייצונג, פּאָרטוגאַל — דורך אַ ערד־ציטערניש און דעמאָלט וועט ערשײַנען דער הייליגער גײַסט און עס וועט קומען משיח. די דאָזיגע אַלע פאַנטאַסטישע זעהונגען און חלומות האָט שלמה מולכו דערצעהלט פאַר די אַרומיגע אין זײַנע דרשות, וואָס ער האָט געהאַלטען עטליכע שבתים אין דער יודישער שוהל אין רוים. נאָר פּלוצלונג האָט ער בעמערקט, אַז איהם שפּירט מען נאָך און מען וויל איהם אויסגעבען דער אינקוויזיציע. ער האָט געמוזט פערלאָזען רוים און איז אויף אַ צײַט אַבגעפאָהרען קײַן ווענעציע.

דאָרט האָט מולכו ווידער זיך בעגעגענט מיט ראובני. צו יענער צײַט האָט ראובני שוין געהאַט פערלוירען דעם צוטרוי בײַם פּאָרטוגעזישען קעניג, ווײַל מען האָט איהם חושד געווען, אַז ער האָט געהײמע בעציהונגען מיט די מאַראַנען און אַז דאָס האָט ער אָבגערעדט שלמה מולכו פון קריסטענטום. ראובני איז אַרויסגעשיקט געוואָרן פון פּאָרטוגאַליען און אויפ׳ן וועג איז ער שיער ניט אַרײַנגעפאַלען אין די הענד פון דער אינקוויזיציע, נאָר ער האָט זיך אַרויסגעראַטעוועט און איז אַנטלאָפען קײַן ווענעציע, וואו ער האָט אָנגעהויבען פיהרען אונטערהאַנדלונגען מיט׳ן סענאַט פון דער רעפּובליק, וועלכע האָט דעמאָלט געפיהרט אַ מלחמה מיט טערקײַ, וועגען זײַן פּלאַן. דאָ אָבער געהט פּלוצלונג איבער די גאַנצע ראָליע פון די פּאָליטישע אונטערהאַנדלונגען צו שלמה מולכו.

ענדע 1530 איז אין רוים ווירקליך פאָרגעקומען אַ שרעקליכע פערפלייצונג. אַהין איז געהײם געקומען צופאָהרען שלמה מולכו און איז אויפגענומען געוואָרן דורכ׳ן פּויפּסט. וואָס צווישען זיי איז פאָרגעקומען, ווייסט מען נישט. צי האָט דער יונגער פּאָעטיש־געשטימטער און הייסער מיסטיקער בעצויבערט מיט זײַנע „זעהונגען” דעם פּויפּסט, וועלכער האָט אַליין דאַן איבערגעלעבט אַ שרעקליכע צײַט, אָדער דער פּויפּסט האָט איהם געוואָלט אויסנוצען אַלס ווערקצײַג פאַר געהײמע צוועקען, — יעדענפאַלס איז בעוואוסט, אַז דער פּויפּסט האָט זיך בעצויגען צו מולכו זעהר גוט און חאָטש די גײַסטליכע האָבען נישט אויפגעהערט צו פאָדערן, אַז מען זאָל מולכ׳ן איבערגעבען אין די הענד פון דער אינקוויזיציע, האָט דער פּויפּסט דאָך איהם אויף אַזוי פיעל מקרב געווען, אַז ער האָט איהם אַרויסגעגעבען אַ פּאַפּיר אַלס שוץ פון דער אינקוויזיציע.

דערווײַל האָבן די אַגענטן פֿון דער אינקוויזיציע נישט אויפֿגעשפּירט פֿונדעסטוועגן נאָכצושפּיאָנירן מולכו'ן און דערצו האָט נאָך מיטגעהאָלפֿן אײנער אַ געבילדעטער יוד, דער דאָקטאָר יעקב מאַנטין. צי ער איז געווען אַ פּערזענליכער שונא פֿון מולכו, אָדער ער האָט מורא געהאַט, אַז זײַן אַגיטאַציע זאָל נישט האָבן קיין שלעכטע רעזולטאַטן פֿאַר'ן יודענטום, נאָר אַ פֿאַקט איז, אַז מאַנטין האָט זיך בעשלאָסן אויף אַ מיאוסער מסירה. ער איז געקומען צו דעם פּאָרטוגעזישן פֿאָרשטעהער אין רוים און געזאָגט: „וואָס זשע שווײַגט איהר, ווען מען בעליידיגט דעם כּבוד פֿון אײַער קעניג? דער דאָזיגער מענש, וואָס איז איצט אַ אַרײַנגעהער אין הויף פֿון פּויפּסט (מולכו), איז דאָך אַ געוועזענער דיענער פֿון אײַער קעניג, וואָס האָט אָנגענומען די יודישע אמונה!" דער פּאָרטוגעזישער פֿאָרשטעהער האָט דערויף געענטפֿערט, אַז שפּיאָנאַזש געהט נישט אַרײַן אין זײַנע פֿליכטן. דאַן איז מאַנטין אַוועק צו די ריכטער פֿון דער אינקוויזיציע און דורך עדות אויפֿגעוויזן, אַז מולכו איז אָבגעפֿאַלן פֿון דער קאַטוילישער רעליגיע. די ריכטער האָבן אָבער קיין זאַך נישט געקאָנט טאָן מולכו'ן, ווײַל ער האָט בעוויזן דעם שוץ-פּאַפּיר פֿון פּויפּסט. די ריכטער האָבן זיך געווענדעט צום פּויפּסט מיט אַ אָנקלאַגע, פֿאַרוואָס ער איז אַזוי גנעדיג צום „אונגלויביגען" מאַראַן, נאָר דער פּויפּסט האָט זיי אײַנגעבעטן, זיי זאָלען ביז אַ געוויסער צײַט אָבוואַרטען און לאָזען מולכו'ן צורוה. דער מסור מאַנטין האָט אָבער נישט גערוהט און ער האָט פֿאָרגעשטעלט די ריכטער פֿון דער אינקוויזיציע אַ פּאַפּיר פֿון שלמה מולכו, וואו יענער רעדט פֿײַנדליך וועגען דער קאַטוילישער רעליגיע און זאָגט נביאות אויף דעם גיכען אונטערגאַנג פֿון „אדום". דאָ האָט שוין קיין חסד נישט געקאָנט העלפֿען: מולכו איז פֿער'משפּט געוואָרן צום פֿערברענען און אין אַ פּאָר טעג אַרום איז מולכו ערקלערט געוואָרן אַלס פֿערברענטער פֿון דער אינקוויזיציע. ווי גרויס איז אָבער געווען די פֿערוואונדערונג פֿון דער לעצטער, ווען מ'האָט זיך דערוואוסט, אַז מולכו לעבט און געפֿינט זיך זאָגאַר אין הויף פֿון פּויפּסט. עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז וועלענדיג אָבראַטעווען שלמה'ן, האָט דער פּויפּסט געשיקט אויפֿ'ן פֿײַער אַן אַנדער פּערזאָן. ווײַטער בלײַבען אין רוים האָט מולכו שוין מעהר דאָך נישט געקענט און ער איז אָבגעפֿאָהרען קיין דײַטשלאַנד.

אין גיכען האָבן ראובני און מולכו זיך בעשלאָסען אויף אַ נײַעם דרייסטען שריט. זיי זענען ביידע אַוועק קיין רעגענסבורג, וואו עס האָט

דעמאָלט אָבגעהאַלטען זיינע זיצונגען דער דייטשער סיים אין אַנוועזענהייט פון קייזער. ווי עס דערצעהלט דער בעוואוסטער דעמאָלטיגער יודישער „שתדלן" יאָסעלמאַן ראָזהיים, האָט מולכו געוואָלט איבערצייגען דעם קייזער און דעם סיים, אַז ער וויל רופען אַלע יודען אויף אַ מלחמה געגען טערקיי. דער פאַרזיכטיגער יאָסעלמאַן האָט געפּרובט אָבריידען מולכו פון זיין וואַהנזיניגען פּלאַן, נאָר מולכו האָט ניט געוואָלט אפילו איהם אויסהערען און דער סוף פון דער דראַמע איז געווען זעהר טרויעריג. קאַרל V האָט געהייסען אַרעסטירען ביידע יודישע טרוימער און זיי אָבפיהרען קיין איטאַליען, וואוהין ער איז דאַן אַליין געפאָהרען. ראובני האָט מען אוועקגעפיהרט קיין שפּאַניען, איינגעזעצט אין טורמע, וואו ער איז אין עטליכע יאָהר אַרום געשטאָרבען. מולכו האָט מען אין מאַנטוּאַ פער=משפט צום טויט, אַלס אָבגעפאַלענעם פון דער קריסטליכער רעליגיע. ווען מען האָט איהם געפיהרט צום פייער, האָט מען איהם אין נאָמען פון קייזער פאָרגעלעגט צו בעגנעדיגען, אויב נאָר ער וועט תשובה טאָן. נאָר מולכו האָט מיט שטאָלץ אָבגעענטפערט: „איך בעדויער, וואָס איך בין אין די יונגע יאָהרען געווען אַ קריסט. איצט טוט מיט מיר, וואָס איהר ווילט". דאַן האָט מען איהם פערברענט אין דער אַנוועזענהייט פון אַ גרויסען עולם (אין יאָהר 1532).

אזוי טראַגיש האָט זיך געענדיגט די משיח=בעוועגונג פון 16=טען יאָהרהונדערט, וואָס האָט אַרויסגערופען אַזאַ גרויסע אויפרעגונג און בעשאַפען אַזוי פיעל האָפנונגען. נאָך די נישט=ערפילטע האָפנונגען איז געקומען דער לאַנגער יאוש; דאָס צובראָכענע געמיט און די ליידען פון גלות האָט מען נאָכדעם געשפירט נאָך טיעפער און ברענענדער. שלמה מולכו האָט אָבער נאָך לאַנג געלעבט אין זכרון פון פאָלק אַלס העלד און מערטירער און אויך נאָך זיין טויט האָבען פיעל געגלויבט, אַז ער איז אַרויס גאַנץ פון פייער און לעבט ערגעץ בסוד.

# דריטעס קאפיטעל.

## די ליטעראטור.

---

נישט קוקענדיג אויף די צרות און רדיפות פון אויסען, האט דאך דאס יודענטום צו יענער עפאכע ארויסגעוויזען א אינערליכע גרויסע ענערגיע און אין דער שפיץ פון דער קולטורעלער ארבייט צווישען יודען אין יענער צייט איז געשטאנען איטאליען. אין ערגעץ האט אזוי האסטיג נישט געקלאפט דער פולס, אין קיין יודישען צענטר איז דאס גייסטיגע יודישע לעבען פון יענער עפאכע ניט געווען אזוי פער־שידענפארביג און רייך, ווי צווישען די איטאליענישע יודען. די עפאכע פון רענעסאנס און הומאניזם, פון איין זייט און די גרויסע ערפינדונג פון ביכער־דרוק, פון דער צווייטער זייט, האבען געמוזט אויך צווישען יודען ארויסרופען א אויפלעבונג און בעוועגונג. מיסטישע אידעען און חלומות, טרויער־שטימונגען און א שטרעבונג צו מערטירעריי, א נייגונג צו רעפארמען און בענייאונג אין יודענטום, רבנישער פלפול אין הלכה — דאס אלץ צוזאמען, די אלע פערשידענע געגענגעזעצטע שטרעמונגען האבען זיך צונויפגעמישט אין איין כאאס, אבער דאך רייכער געמאכט דאס אינערליכע גייסטיגע לעבען און בעשאפען א גרויסע ליטעראטור.

אין דער ערשטער העלפט פון 16־טען יאהרהונדערט האט דער „רבניזם”, די טרוקענע הלכה נאך געהאט די אויבערהאנד. אין פיעל איטאליענישע צענטערן האבען דאן עקזיסטירט גרויסע ישיבות, דער רבניזם האט געהאט אנגעזעהענע פערזענליכקייטען אויף זיין זייט און די תלמודיסטישע ליטעראטור האט געהאלטען אין איין בליהען. אין דער שפיץ פון די יודישע קהלות זענען געשטאנען די רבנים ר' אברהם בן

יהודה מינץ און זיין איידים ר׳ מאיר קאצענעלבויגען, וועלכער איז געוועזן בעוואוסט אלס גרויסער יודישער אויטאריטעט אויך אויסער איטאליען. אין יאהר 1520 האט אין איטאליען דאס ערשטע מאל זיך בעוויזען אין דרוק גאנץ ש״ס און איז פערשפרייט געווארען אין א געוואלדיגער צאהל עקזעמפליארען; באלד האבען זיך אבער אנגעהויבען די רדיפות אויפ׳ן תלמוד און דער זקן ר׳ מאיר קאצענעלבויגען האט דערלעבט צו אזא צייט, ווען ער האט נישט געהאט צו דער האנד קיין איין איינציגען עקזעמפליאר פון ש״ס, וואוהין אריינצוקוקען. די ישיבות זענען דעמאלט איינגאנצען געפאלען און די יודישע בחורים, וואס האבען געוואלט זיך פערנעהמען מיט תורה, האבען געמוזט לערנען תלמוד געהיים, אדער ספּעציעל צוליעב דעם פאהרען קיין פוילען אין דייטשלאנד שפּעטער האט מען ווידער ערלויבט צו דרוקען דעם תלמוד מיט א צענזור, און די ישיבות האבען ווידער אויפגעלעבט. עס איז שוין אבער מעהר נישט געוועזן דער פריהעריגער ברען און די פריהעריגע ענערגישע טעטיגקייט.

די טרוקענע הלוה, דער תלמודישער פלפול פאלט, און זיין ארט פערנעהמט די אגדה און דער מדרש אין דער פארם פון מאראלישע מגידות. צוזאמען מיט דעם רב דעם הלכה-מענש טרעט ארויס אויף דער סצענע דער רב אלס גאסטיגער פאסטוך פון זיין סטאדע, אלס מאראלישער ערציהער פון זיין עדה, וועלכער ער לערנט שוין ניט קיין דינים און הלכות, נאר מוסר און גאט׳ס ווארט, דער בעריהמטער און בעגאבטסטער דרשן פון יענער צייט איז געוועזן ר׳ יהודה מושקאטו, דער רב פון מאנטוא (געשטארבען אין 1580), דער מחבר פון „קול יהודה״, א פירוש צו דעם רעליגיעזען סיסטעם פון ר׳ יהודה הלוי. דער יונגערער דרשן פון זיין צייט, ר׳ עזריה פיגא (1647) אין ווענעדיג, האט איבער-געלאזט נאך זיין טויט א גרויסע זאמלונג פון שוהל-דרשות מיט׳ן נאמען „בינה לעתים״, וואס האט לויט זיין סטיל און רייכקייט פון געדאנקען געדינט אלס וועג-וואזער פאר די שפּעטערדיגע מגידים.

די קבלה מיט אלע איהרע מיסטישע סודות און די משיח-פראפּא-גאנדא פון שלמה מאלכו האבען אין איטאליען געפונען א פארטיגען באדען פון אויסען האט די קבלה אין איטאליען ניט געפונען פאר זיך קיין שום שטערונגען, ווייל אין יענער צייט זענען אויך פיעל אנגעזעהענע קריסטען געווען פערליבט אין די סודות פון דער קבלה און די זעלבע צענזור, וואס האט אזוי גערודפ׳ט דעם תלמוד, האט געלאזען פריי אבדרוקען און פערשפּרייטען דעם „זהר״. אינערליך איז די קבליסטישע לעהרע

געווען זעהר צוגעפאסט צו דער דעמאלטיגער געדריקטער שטימונג פון די איטאליענישע יודען. 1558—59 איז אין מאנטוא, מיט דער הסכמה פון דריי רבנים, אפגעדרוקט געווארען דער „זהר", וועלכער איז באלד פערשפרייט געווארען אין פיעל עקזעמפליארען. אין א קליינער צייט ארום איז ערשינען אנ׳אנדער אויסגאבע פון „זהר" מיט א פאררעדע פון געשמד׳טען יודען וויקטאריא עליאנא. דאס האט זעהר אויפגעבראכט איינינע אנגעזעהענע רבנים, וואס האבען אין דער קבלה געזעהען א סכנה פאר׳ן יודענטום; זיי זענען אבער גארניט אימשטאנד געווען צו טאן. געגען דער ענדע פון 16—טען יאהרהונדערט איז קיין איטאליען אנגעקומען פון פאלעסטינא ר׳ ישראל סרוק, א תלמיד פון אר״י און א חבר ר׳ חיים וויטאל׳ס. דעמאלט האט די פראקטישע קבלה אין איטאליען אנגעהויבען אויפבליהען און ענטוויקלען זיך מיט א גרויסער שנעלקייט. ר׳ ישראל סרוק האט זיך אנדערצעהלט וואונדער פון אר״י און פון ר׳ חיים וויטאל, אליין זיך אנגעגעבען פאר א קדוש און אנגעהויבען פערשפרייטען די לעהרע פון דער פראקטישער קבלה; און באלד זענען צווישען די איטאליענישע יודען איינגעפיהרט געווארען די אלע אסקעטישע מנהגים פון די קבלי׳סטען אין צפת, ווי פייניגען זיך, פערברענגען גאנצע שעה׳ן אין תפלה, וואך זיין די נאכט א. אז. וו.

אין דער זעלבער צייט האט אבער אויך אויפגעבליהט די ליטעראטור. די ערינערונגען וועגען די טויזענדיעהריגע ליידען פון יודישען פאלק, צוזאמען מיט די נייע צרות, האבען ארויסגערופען אין יענער צייט די היסטארישע חראניק, מיט וועלכער עס האבען זיך פערנומען פיעל געלעהרטע יודען. צווישען די דאזיגע היסטארישע ווערק דארף א בעזונדער ארט אבגעגעבען ווערן דעם בוך פון ר׳ שמואל אושקי, א געוועזענער מאראן אין פארטוגאל, „די טרייסט פון ישראל און זיינע ליידען". דאס דאזיגע ווערק איז געשריבען געווארען אויף פארטוגאליש און איז מעהר א לירישע פאעמא, ווי א געשיכטע, נאר אין דער פארם פון א דיאלאג צווישען די יודישע פאסטוכער ווערט אגב אויך דערצעהלט די געשיכטע פון יודישען פאלק. דער פאסטוך יעקב קלאגט זיך פאר די צוויי איבעריגע פאסטוכער אויף דער לאגע פון יודישען פאלק, וועלכעס איז געגליכען צו א סטאדע שעפסלעך, וואס זענען אריינגעפאלען צווישען וועלף. אנהויבענדיג פון די אלטע בבלים און רוימער, ביז די שפאניער און דייטשען פון מיטעלאלטער, האבען אלע פעלקער נאר געדריקט און גערודפ׳ט דאס שוואכע יודישע פאלק. א׳ איראפא

אייראָפּאַ, אין גיהנום אויף דער וועלט! — קלאָגט זיך דער פּאַסטוך יעקב. — וואָס זאָל איך זאָגען וועגען דיר, וואָס האָט בעפּוצט דיינע נצחונות מיט די טויטע קערפּער פון מיין פאָלק? ווי זאָל איך דיך לויבען, דו קריגערישע אונגעהויערע איטאַליען? דו האָסט דאָך, ווי אַ הונגעריגער לייב געפרעסען דאָס פליישׁ פון מיינע שעפּעלעך? פערדאָרבענע פּאַשע־פעלדער פון פראַנקרייך, מיינע שעפּעלעך האָבען זיך געשפּייזט מיט אייער גיפט! שטאָלץ ווילד דייטשלאַנד, דו האָסט אָראָבגעשליידערט מיינע קינדער פון די גרויזאַם־הויכע אַלפּען־בערג! צבועדיג, אכזריות׳דיג און בלוטדורשטיג שפּאַניען, די אָרימע וועלף דיינע האָבען געפרעסען און פרעסען נאָך איצט מיינע פרעכטיגע סטאַדעס!" אויף די דאָזיגע קלאָג־ווערטער ענטפערן אָב מיט טרייסט די איבעריגע פּאַסטוכער, וועלכע דערמאָנען, אַז פיעל צרות זענען יודען שוין איבערגעשטאַנען און דאָך געבליבען אַ פאָלק, וויל פערטיליגען יודען אינגאַנצען פון דער וועלט איז אונמעגליך און די טרייסט פון יודען בעשטעהט דערין, וואָס די צרות לייטערן זייער גייסט און פון דעם גיהנם, וואָס זיי זענען אויסגע־שטאַנען, זענען זיי אַרויס ריינער, שענער און מאָראַלישער, איידער אַנדערע פעלקער.

דער צווייטער היסטאָריקער פון יענער צייט, ר׳ יוסף הכהן (1496—1575), האָט שוין אָבגעגעבען פיעל מעהר אָרט פאַקטען אַנשטאָט ליריק און פערדינט מעהר דעם טיטול „היסטאָריקער". אַ מיטגליעד פון אַ פאַמיליע, וואָס איז אַרויסגעטריבען געוואָרען פון שפּאַניען, האָט ר׳ יוסף הכהן די ערשטע יאָהרען זיינע פערבראַכט אין אַוויניאָן, אין דער פּויפּסטליכער פּראָווינץ פון דרום־פראַנקרייך; פון דאָרטען איז ער אַריבערגעפאָהרען קיין איטאַליען און זיך בעזעצט אין גענוא. די צוויי יודישע גירושים פון גענוא (אין 1516 און אין 1550) האָבען געצוואונגען די פאַמיליע זיך אַריבערצוציהען אין דעם נאָהענטען שטעדטעל וואָלטאַדזשאָ. דאָרט האָט ר׳ יוסף כהן זיך פערנומען מיט דאָקטאָריי און איז געוועזען זעהר בעליעבט ביי דער גאַנצער בעפעלקערונג, אויך ביי קריסטען. אין 1567 האָט מען אויך פון דאָרטען אַרויסגעטריבען די יודען; פאַר ר׳ יוסף הכהן האָט מען געוואָלט מאַכען אַ אויסנאַהם און איהם ערלויבט ווייטער צו וואוינען אין דער שטאָדט, אָבער ער האָט נישט געוואָלט זיך בענוצען מיט דעם חסד און אויסגעוואַנדערט צוזאַמען מיט זיינע ברידער. ער האָט פער־אייביגט זיין נאָמען דורך צוויי וויכטיגע היסטאָרישע ווערק. אין זיין „דברי הימים" האָט ער בעשריבען די געשיכטע פון פראַנקרייך און

טערקיי, דעם לאנגיעהריגען קאמפף צווישען קריסטענטום און איסלאם, צווישען אייראפא און אזיען אין צוזאמענהאנג מיט דער יודישער געשיכטע. אין צווייטען ווערק „עמק הבכא" האט ער בעשריבען די געשיכטע פון די יודישע רדיפות אין אייראפא, אנהויבענדיג פון די קרייץ-צוגען ביז 1575. איןביידע ווערק, געשריבען אין א שענעם העברעאישען סטיל, האט דער אויטאר זיך געהאלטען עהרליך אן די היסטארישע פאקטען, ניט מגזם געווען, ניט איבערגעדרעהט די געשעהנישען, ערנסט אריינגעטראכט זיך אין דער פאליטיש-עקאנאמישער ענטוויקלונג פון די פעלקער, אבער צוזאמען דערמיט הערט זיך אין די ווערק דער אויפגערעגטער טאן פון א בעליידיגטען און דאס געפיהל פון פעראכטונג און צארן געגען די בעדריקער. „דער גירוש פון יודען פון פראנקרייך און שפאניען—זאגט דער מחבר פון „עמק הבכא"— האבען מיך בעוועגט אנצושרייבען דאס ווערק. זאלען יודען וויסען, וואס האבען אונז געטאן אונזערע שונאים אין זייערע מדינות און פאלאצען. ווייל אט וועט קומען א צייט"... אין דער דאזיגער אבגעהאקטער פראזע שפירט זיך, ווי דער מחבר האט געגלויבט אין דער נקמה פון דער געשיכטע, אז עס וועט קומען א צייט, ווען די יודישע בעדריקער וועלען חרטה האבען אויף די צרות, וואס זיי האבען פערשאפט דעם יודישען פאלק.

גאר אנ'אנדער האראקטער טראגט די געשיכטע פון א יונגערען היסטאריקער, ר' גדליה אבן יחייא, אונטערן נאמען „שלשלת הקבלה". דער אויטאר פון דעם ווערק איז געווען א קבליסט און אנשטאט קלארע פאקטען און א ריינעם סטיל, ווי ביי ר' יוסף הכהן, געפינען מיר דא שוין א מיש-מאש פון אלעמען בעקאנטע היסטארישע פאקטען צוזאמען מיט נישט געשטויגענע, נישט געפלויגענע בבא מעשיות, לעגענדען, אנהויבענדיג פון די אלטע צייטען ביז דער העלפט פון 16-טען יאהרהונדערט. א בעזונדער ארט ווערט אין דעם ווערק אבגעגעבען פאר די שרעקליכע געשיכטען וועגען שדים, מכשפים און רוחות. פון יעדער שורה הערט זיך דא די אמונה אין סודות, די מיסטישע קראפט פון דער קבלה.

די ענטדעקונגען פון קאלומבוס האבען אין יענער צייט ארויסגערופען אויך ביי יודען א אינטערעס צו געאגראפיע. דער קאמענטאטאר פון תנ"ך ר' אברהם פאריצאל, וואס האט געלעבט אין פערארא, האט אין 1524 אנגעשריבען א ווערק „ארחות עולם", וואו עס געפינט זיך א קורצע בעשרייבונג פון דער ערד. דער מחבר פון דעם ווערק איז

געווען אַ מענש מיט וויסענשאַפטליכע קענטעניש, נאָר דאָך געפינען זיך אין דעם בוך ניט ווינציג אַבערגלויבען, ווי למשל וועגען טייך סמבטיון, וועגען די עשרת השבטים און כּדומה.

די יודישע פּאָעזיע, וואָס איז פון דער צייט פון עמנואל הרומי אָבגעשטאָרבען, האָט אין אָנהויב פון 17-טען יאָהרהונדערט ווידער אויפ-געלעבט אין איטאַליען. די פאָרשטעהער פון דער יודישער פּאָעזיע זענען דאַן געווען צוויי פרויען: דבורה אַסקאַרעל. און שרה סולאַם. די ערשטע, אַ פרוי פון אַ רייכען יודען אין רוים, האָט איבערגעזעצט די יודישע רעליגיעזע פּאָעזיע אין אַ שענער איטאַליענישער שפּראַך און אויך גע-שריבען אָריגינעלע לידער. די צווייטע, אַ טאָכטער פון אַ ווענעדיגער סוחר, איז געווען איינע פון די געבילדעטסטע איטאַליענישע פרויען פון יענער עפּאָכע. דער קאַטוילישער גלח אַנסאַלדאָ טשעבאַ האָט אַ לאַנגע צייט שטאַרק אַגיטירט די יודישע בעגאַבטע פּאָעטעסע, זי זאָל אָננעהמען דעם קריסטליכען גלויבען. נאָר ער האָט גאָרנישט געקאָנט מאַכען. דאַן האָט ער ביי איהר געבעטען אַ ערלויבניש לפּחות מתפּלל צו זיין פאַר איהר נשמה און גאָט בעטען, אַז ער זאָל זי ארויספיהרען אויפ'ן ריכטיגען וועג. שרה האָט מסכּים געווען, אָבער מיט דעם תּנאי, אַז אויך זי זאָל גאָט בעטען, דאָס דער גלח זאָל אַרויף אויפ'ן ריכטיגען וועג און אָננעהמען די יודישע אמונה. שרה איז געשטאָרבען אין 1641.

אַ גרויסע השפּעה אויף דער יודישער ליטעראַטור פון יענער צייט האָט געהאַט דער איטאַליענישער הומאַניזם, דער אַלגעמיינער אינטערעס צו דער אַלטער קלאַסישער וועלט און צו פּלאַטאָנ'ס פילאָזאָפיע. דער זוהן פון בעריהמטען ר' יצחק אברבנאל, יהודה-לעאָ אברבנאל, האָט צו יענער צייט אָנגעשריבען אויף אַ שענער איטאַליענישער שפּראַך זיינע „דיאַלאָגען וועגען ליעבע", וואָס זענען עטליכע מאָל איבערגעזעצט געוואָרען אויף אַנדערע שפּראַכען און געמאַכט אַ איינדרוק. די דאָזיגע „דיאַלאָגען" זענען דורכגעדרונגען מיט דעם גייסט פון דער לאַטיינישער פילאָזאָפיע וועגען ליעבע און שענהייט און דאָס יודענטום איז דאָרט אוועקגעשטעלט אויפ'ן צווייטען פּלאַן, אַזוי אַז עס האָבען זיך געפונען איינִיגע, וואָס האָבען דערויף שוין געבויט אַ השערה, אַז אברבנאל האָט זיך געשמדט; דאָס איז אָבער נישט מעהר ווי אַ השערה.

פיעל שטאַרקער איז דעמאָלט געווען דער אינטערעס צו דער העברעאישער שפּראַך און העברעאישער גראַמאַטיק; אויף דעם געביט זענען זיך צונויפגעגאַנגען די יודישע געלעהרטע מיט די קריסטליכע. די ליעבע

פון די הומאניסטען צו דער קלאסישער רוימיש-גריכישער וועלט האבען ארויסגערופען אויך א אינטערעס צו דער אלטער יודישער וועלט, און אזוי ווי אהן העברעאיש איז אונמעגליך צו בעקאנען זיך מיט דעם גייסט פון דער אלטער יודישער קולטור, האבען פיעל הומאניסטען און געבילדעטע קריסטען זיך געמוזט גענומען לערנען העברעאיש. אלס לעהרער האבען, נאטירליך, געדיענט די יודען, און אזוי ארום איז בעשאפען געווארען א רייכע ליטעראטור וועגען דער העברעאישער שפראך און העברעאישער גראמאטיק, ווי „ספר הבחור“ פון ר׳ אליהו לעוויטא, אדער אליהו בחור, „מתורגמן“ פון דעם זעלבען און גאנץ אנדערע.

דער פאטער פון דער יודישער היסטארישער קריטיק איז געוועזען ר׳ עזריה מן האדומים, אדער דע-ראסי (געבוירען אין מאנטוא אנ׳ערך אין יאהר 1514 און געשטארבען אין פערראַרא אין 1578). ער איז געוועזען א פיעלזייטיג געבילדעטער מאן, וואס האט גרינדליך געקענט ניט בלויז די העברעאישע ליטעראטור, נאר אויך אלע קלאסישע ווערק, די רעליגיעזע ליטעראטור און די נייע ווערק פון די איטאליענישע הומאניסטען; צו דער דאזיגער ברייטער בילדונג האט ער בעזעסען אויך א שטארקען טאלאנט, און דאס האט ער אויסגענוצט אויף קריטיש-היסטארישע פארשונגען. נאך דער גרויסער ערד-ציטערניש אין פערראַרא אין 1570 האט ער אנגעשריבען זיין גרויס ווערק אין דריי חלקים „מאור עינים“. דער ערשטער טייל פון דעם ווערק איז געווידמעט דער בעשרייבונג פון דער ערד-ציטערניש, דער צווייטער טייל דערצעהלט, ווי אזוי די ביבעל איז איבערזעצט געווארען אויף גריכיש, דער בעדייטענדסטער טייל איז אבער דער דריטער, אין וועלכען עס געפינען זיך א רייהע גלענצענדע פארשונגען וועגען פילון האלכסנדרוני, וועגען די יודישע פארטייען אין דער צייט פון צווייטען בית המקדש, וועגען יוסף פלאוויוס און וועגען דער חראנאלאגיע פון דער אלטער יודישער געשיכטע. דאס דאזיגע ווערק האט ארויסגערופען א גרויסע אונצופרידענהייט צווישען די רבנים, הגם ר׳ עזריה מן האדומים איז געוועזען זעהר פארזיכטיג אין זיין ווערק און אין ערגעץ זיך ניט ערלויבט קיין שום פרייע געדאנקען. נאר שוין דאס אליין, וואס ער האט דער ערשטער זיך קריטיש בעצויגען צו דער ביבעל, אויסגעפארשט די הייליגע טראדיציעס און פערגלייכט די תלמודישע ערצעהלונגען מיט די גריכישע און לאטיינישע קוועלען — שוין דאס אליין האט ארויסגערופען א גרויסע איפערגונג צווישען די ארטא-

דאָקסישע רבנים. ר׳ עזריה האָט דאַן אָנגעשריבען אַ צווייט ווערק „מצרף לכסף“, וואו ער פֿערענטפֿערט זיך, אָבער אויך דאָס האָט ניט געהאָלפֿען. די רבנים האָבען פֿערבאָטען אַלע יודען יונגער פֿון 25 יאָהר, צו לייענען דעם „מאור ענים“ און מען דערצעהלט, אַז דער מחבר פֿון „שולחן ערוך“ ר׳ יוסף קארו האָט זאָגאַר געוואָלט אַריינלעגען דעם מחבר פֿון „מאור עינים“ אין חרם, נאָר דער טויט זיינער האָט איהם געשטערט דאָס צו טאָן.

דער גייסט פֿון קריטיציזמוס האָט אָבער פֿון דעמאָלט אָן שוין זיך ניט אָבגעשטעלט, און איינצעלנע יודישע געלעהרטע, וואָס האָבען זיך קריטיש בעצויגען צו דער יודישער מסורה און צו די אַלטע יודישע טראַדיציעס האָבען ווייטער פֿאָרטגעזעצט זייער אַרבייט. כדי ניט איינצו= רייסען מיט דער אַרומיגער סביבה און אַרויפֿציהען אויף זיך דעם חשד פֿון אַפּיקורסות, האָבען די דאָזיגע געלעהרטע געמוזט טאָן זייער אַרבייט געהיים; דאָס האָט אָבער נאָך מעהר פֿערשאַרפֿט די בעציהונג צו זיי פֿון דער אַרומיגער יודישער וועלט, און די סתירה צווישען דעם וויסענ= שאַפֿטליכען קריטישען גייסט און דער טראַדיציאָנעלער בלינדער אמונה איז דורך דעם נאָך בולט׳ער געוואָרען. די דאָזיגע אינערליכע צובראָ= כענהייט האָט זיך אַממעהרסטען אָבגעשפּיגעלט אויף דער טעטיגקייט פֿון בעגאַבטען שריפֿטשטעלער און אָנגעזעהענעם יודישען קענער ר׳ יהודה= ל ... ען דע=מאָדענאַ (1571 – 1648). אַ מענש מיט פֿיעלזייטיגער בילדונג, תלמוד׳יסט און, צוזאַמען דערמיט הומאַניסט, אַ רב און אַ פֿריידענקער, אַ מגיד אין שוהל און אַ וועלטליכער שריפֿטשטעלער, איז דע=מאָדענאַ אין זיין לעבען געוועזען פֿול מיט סתירות. אין זיינע יונגע יאָהרען האָט ער אָנגעשריבען אַ ווערק געגען שפּיעלען אין קאָרטען און אַליין האָט ער געשפּיעלט אין קאָרטען מיט אַזאַ האַזארד, אַז ער האָט פֿערגעסען, ווער ער איז און וואָס פֿאַר אַלאַגע ער פֿערנעהמט. אין שוהל האָט ער געהאַלטען דרשות און גערופֿען צו שטרענגען מוסר אין רעליגיעזע דינים, און ביי זיך אין צימער האָט ער געשריבען געהיים אַזעלכע פֿרייע געדאַנקען, פֿאַר וועלכע ער וואָלט געקענט פֿיעל ליידען, ווען זיי וואָלטען פֿערעפֿענטליכט ווערען. די ליטעראַרישע טעטיגקייט פֿון דע= מאָדענאַ איז געוועזען זעהר רייך און פֿערשידענאַרטיג. ער האָט געשריבען אַמאָל פֿאַר די יודען, אַמאָל פֿאַר קריסטען, תלמודישע חקירות, דרשות אויף פֿערשידענע טעמען, אַ שטודיום וועגען די יודישע רעליגיעזע מנהגים, אַ זאַמלונג פֿון רעצעפּטען און עצות, אַ מיטעל צו פֿערפֿעסטיגען דעם

זכרון, שירים, ביבלישע פירושים א. אז. וו. נאר זיינע טיפסטע איבער-צייגונגען האט ער אפען ארויסגעזאגט אין צוויי אויסגעצייכענטע ווערק, וועלכע ער האט מורא געהאט צו פערעפענטליכען פאר זיין לעבען און וועלכע זענען אבגעדרוקט געווארען ערשט אין 200 יאהר ארום נאך זיין טויט. אין איינעם פון די ווערק, „אבי נועם", צושטערט ער דעם גאנצען בנין פון דער קבלה און בעווייזט, אז די כלומרשטע הייליגע ספרים פון דער קבלה, ווי דער „זהר", זענען פאלש, נאכגעמאכט און אז די לעהרע פון דער קבלה איז סותר דער ריינער לעהרע פון יודענטום. אין זיין צווייטען ווערק „קול סכל ושאגת ארי" מאכט דע-מאדענא נאך א טריט ווייטער און טרעט שוין ארויס ניט בלויז געגען דער הייליגקייט פון דער קבלה, נאר אויך געגען דעם אויטאריטעט פון תלמוד. נאכדעם ווי די יודישע מלוכה איז געפאלען — זאגט ער אין דעם ווערק, — האבען די פיהרער פון פאלק געדארפט איינפיהרען א נייע ארדנונג אויפ'ן גרונד פון תורת משה, וואס זאל זיין צוגעפאסט צו די לעבענס-בעדינגונגען פון יודען אין גלות. אבער וואס זשע האבען זיי געטאן? אנשטאט צו בעזייטיגען די קלייניגקייטען פון געזעץ און פערפעסטיגען נאר זיינע יסודות, האבען די דאזיגע לעהרער פון געזעץ נאר איבערגענומען בייַ די צדוקים חומרות און דינים אהן א שיעור, וואס מאכען שווער דאס לעבען פון יודען אין גלות, און דאס האבען זיי אנגערופען „תורה שבעל פה"! דא איז דע-מאדענא דערגאנגען צו דעם פונקט, צו וועלכען עס זענען צוגעקומען אלע פריידענקענדע יודען פון 19-ען יאהרהונדערט און עס איז לייכט זיך פארצושטעלען, וואס פאר'א רדיפות און צרות דע-מאדענא וואלט זיך אנגעליטען, ווען ער וואלט ארויסזאגען די דאזיגע געדאנקען אפען. ער האט דאס אבער גוט פערשטאנען, און איז דעריבער געבליבען איינזאם און אליין מיט זיין פרייזין, וועלכען ער האט געמוזט בעהאלטען בחדרי חדרים.

א צווייטער אנגעזעהענער וועלטליכער קענער און „פרייזיניגער" מענש פון יענער צייט איז געווען ר' יוסף שלמה דעלמעדיגא (1591 — 1655); בייַ איהם האבען אבער די פרייזיניגע געדאנקען און דער וויסענ-שאפטליכער עלעמענט זיך אזוי פערפלאנטערט און צונויפגעמישט מיט דער קבלה און דעם מיסטיציזם, אז ער האט אויף יעדען שריט נאר סותר געווען זיך אליין, און איז סוף כל סוף אריין אין א גרויסען פלאנטער, פון וועלכען ער האט אליין ניט געקאנט ארויסקריכען און געענדיגט האט ער דערמיט, וואס ער איז געווארן א פערברענטער אנהענגער פון די

קבליסטען. אַ אייניקעל פֿון פֿילאָזאָף ר׳ אליהו דעלמעדיגאָ, האָט יוסף שלמה בעקומען זיין בילדונג אין איטאַליען. אין דער יוגענד האָט ער בעזוכט דעם אוניווערזיטעט אין פּאַדואַ, וואו ער האָט געהערט לעקציעס וועגען מאַטעמאַטיק און אַסטראָנאָמיע פֿון דעם גרויסען גאַלילייִ אַליין. אַחוץ דעם האָט דעלמעדיגאָ זיך פֿערטיעפֿט און אַנדערע וויסענשאַפֿטען, צו וועלכע ער האָט געהאַט אַ גרויסע נייגונג. אין דער זעלבער צייט האָט ער אויך געהאַט אַ גרויסע ליידענשאַפֿט צו רייזען און אין 1616 האָט ער געמאַכט אַ רייזע קיין עגיפּטען, וואו ער האָט געהאַט אַ גלענצענדען מאַטעמאַטישען דיספּוט מיט אַ מוסולמענישען געלעהרטען. פֿון דאָרטען איז ער אָבגעפֿאָהרען קיין קאָנסטאַנטינאָפּאָל, וואו ער איז זיך צונויפֿגעגאַנגען מיט די קאַראַאימען, און פֿון דאָרטען קיין פּוילען און ליטאָ. דאָרט האָט ער זיך בעזעצט געבען ווילנאָ און איז געוואָרן הויז-דאָקטאָר ביים פֿירשט ראַדזיוויל; אָבער אויך דאָ האָט ער זיך לאַנג ניט געהאַלטען. אין גיכען בעגעגענען מיר איהם שוין אין דייטשלאַנד, פֿריהער אין האַמבורג, דערנאָך אין אַמשטערדאַם און אין פֿראַנקפֿורט, וואו ער האָט אָנגענומען די שטעלע פֿון אַ דאָקטאָר אין דער יודישער קהלה. זיין וואַנדער-לעבען האָט ער פֿערענדיגט אין פּראָג אין 1655. ניט קוקענדיג אויף זיין גרויסע ענציקלאָפּעדישע בילדונג, האָט זיך איהם דאָך ניט איינגעגעבען אויסצואַרבייטען אַ וועלכע עס איז קלאָרע וועלט-אַנשויאונג, און מיר זעהען, ווי דעלמעדיגאָ דרעהט זיך צווישען פֿינסטערניש און ליכטיגקייט, צווישען וויסענשאַפֿטליכען גייסט און בלינדע אמונה, צווישען פֿרייע געדאַנקען און מיסטישע חלומות. דעלמעדיגאָ איז כאַראַקטעריסטיש פֿאַר דער גאַנצער עפּאָכע: פּונקט ווי ער, אַזוי האָט די גאַנצע עפּאָכע זיינע זיך געוואָרפֿען צווישען פֿינסטערניש און ליכטיגקייט און איז געווען פֿול מיט סתירות. די גרויסע השפּעה פֿון דער הומאַניסטישער וועלט-אַנשויאונג, די סימנים פֿון דער נאָהענטער גרויסער רעפֿאָרמאַציע זעהען מיר שוין אויך אין יודענטום, וואו עס שאַפֿט זיך עפּעס, וואו עס וועקט זיך אַ נייער געדאַנק און עס הויבט זיך אָן אַ קריטישע בעציהונג צום יודישען עבר. אָבער דאָס אַלץ ווערט דערשטיקט אינוועניג, געפֿינט ניט קיין פֿרייען פּלאַץ פֿאַר זיך און עס מוזען פֿריהער פֿאַלען די טויערן פֿון ענגען געטאָ, עס מוז פֿריהער אַראָב דער אויסערליכער דרוק, אום די ברויזענדע אינערליכע קרעפֿטען אין יודענטום זאָלען געפֿינען אַ פֿרייען אַרויסגאַנג און פֿערוואַנדעלט ווערען אין אַ ברייטער פֿרייער בעוועגונג.

# פיערטעס קאַפּיטעל.

## יודען אין דער עפּאָכע פון דער רעפאָרמאַציע.

---

מיט דער שטורמדיגער רעפאָרמאַציאָנס־בעוועגונג, וואָס האָט אויפ־געריהרט גאַנץ אייראָפּאַ און געמאַכט אַ איבערקעהרעניש אין גאַנצען פּאָליטישען און גייסטיגען לעבען פון די אייראָפּעאישע פעלקער, ענדיגט זיך דאָס פינסטערע מיטעלאַלטער און עס הויבט זיך אָן די „נייע צייט" אין דער געשיכטע פון דער מענשהייט. די דאָזיגע גרויסע בעוועגונג שטאַמט אָב פון דייטשלאַנד. דוקא אין'ם מיושב'דיגען דייטשען פאָלק, דוקא אין לאַנד פון די ריטער, וואָס האָבען פערבראַכט די יאָהרען אין שטענדיגען קאַמפּף צווישען זיך איבער נאַרישקייטען, — דוקא פון דאָרטען האָט געקאָנט אַרויסוואַקסען די גרויסע רעליגיעזע בעוועגונג, וואָס האָט גערופען צוריק צו דער ביבעל און צו דעם ריינעם רעליגיעזען תוך פון קריסטענטום. די ראָמאַנישע פעלקער זענען שוין געווען דעמאָלט אַזוי ווייט פערדאָרבען, אַזוי ווייט פון יעדער רעליגיעזער בעציהונג צום לעבען, אַז ביי זיי איז שוין זאָגאַר ניט מעגליך געווען קיין „אפּיקורסות", קיין פּראָטעסט געגען דעם פאַלשען קאַטויליציזום. אין די פויפּסטליכע ספערען, צווישען די געבילדעטע מענשען, אין די פּאַלאַצען פון די הויכע גייסט־ליכע אין איטאַליען, פראַנקרייך און שפּאַניען האָט מען אין יענער צייט געלעבט אַ גוטען טאָג, זיך אַריינגעלאָזט אין תענוגים און בסוד אָב־געלאַכט פון דער גאַנצער קריסטליכער רעליגיע, וועלכע איז זיי ווינציג וואָס אָנגעגאַנגען, און נאָר אין דייטשלאַנד, וואו דאָס פאָלק איז נאָך געווען פּרימיטיוו און נאַאיוו, וואו מען האָט נאָך באמת געגאַרט צו אַ ריינער אמת'ער רעליגיע, איז געווען דער ריכטיגער באָדען פאַר דער

רעפאָרמאַציע מיט איהר גאַנצען צאָרן געגען דער פאַלשקייט פון די פּויפּסטען און מיט איהר שטורמדיגען דראַנג צום פיינעם רעליגיעזען געפיהל. טיעף אין דייטשען פאָלק זענען שוין פון לאַנג געלעגען בע־האַלטען גרויסע קרעפטען און עס האָבען נאָר געדאַרפט קומען די נויטיגע סיבות, אום אויפצוועקען די דאָזיגע קרעפטען. מיט אַ געוויסען שטאָלץ קאָנען מיר זאָגען, אַז איינע פון די נאָהענטסטע סיבות, וואָס האָבען אַרויסגערופען און פאָרבערייטעט די גרויסע רעפאָרמאַציע, איז געוועזען דער דיספוט צווישען די הומאַניסטען און די „פינסטערע לייט" וועגען תלמוד.

ערב דער לוטעראַנישער רעפאָרמאַציע האָבען די פערביסענע קלעריקאַלען, די פינסטערע כוחות אָנגעהויבען פיהרען אַ בייזען קאַמפּף געגען יודענטום. זיי איז ווינציג געוועזען די געדריקטע יודישע לאַגע, — זיי האָבען נאָך געוואָלט עוקר מן השרש זיין די גאַנצע יודישע רעליגיע. פאַר זייערע אויגען האָט זיך געטראָגען דאָס אידעאַל פון דער פינסטערער שפּאַנישער אינקוויזיציע מיט איהרע שייטער־הויפענס, ענוים און שפּיאָנאַזש. די יודען־שנאה איז געוועזען דער צענטר פון דער פּאָליטיק פון די דייטשע קלעריקאַלען און ניט ווילענדיג איז דער קאַמפּף געגען יודענטום גע־וואָרען אויך דער קאַמפּף געגען דער גייסטיגער בענייאונג בכלל, געגען אַלע נייע אידעען פון די הומאַניסטען, נעגען דער אפּיקורסות פון די פּרייזיניגע. אין דער לופטען האָט זיך שוין געטראָגען דער גייסט פון דער נאָהענטער רעפאָרמאַציע און עס איז בעשערט געווען, אַז דאָס יודענטום זאָל אַוועקגעשטעלט און צונויפגעבונדען ווערען מיט דער גרויסער רעפאָרמאַציאָנס־בעוועגונג אין דעם פערביטערטען קאַמפּף געגען איהר.

דער סיגנאַל צו אַ קאַמפּף געגען יודענטום איז געגעבען געוואָרען אין קעלן, אין דער דאָזיגען הויפּט־שטאָב פון די קלעריקאַלען, וואו עס האָבען געהערשט די דאָמיניקאַנער, דער אינקוויזיטאָר האָכשטראַטען, דער פינסטערער פּראָפעסאָר פון טעאָלאָגיע אַרנאָלד פון טאָנגערן און אַנדערע בעריהמטע „שוואַרצע" לייט. דער סיגנאַל איז געוועזען פון איין זייט צו אַטאַקירען די יודישע ליטעראַטור, מיט וועלכער די הומאַניסטען האָבען זיך אָנגעהויבען אינטערעסירען, און פון דער צווייטער זייט — צוצוגרייטען אַ באָדען פאַר געצוואונגענעם שמד צווישען יודען, ווי אין שפּאַניען. אַלס ווערקצייג פאַר דעם טייוולאָנישען פּלאַן איז אויסגעקליבען געוואָרען דער משומד פּפעפערקאָרן.

יוסף פפעפערקארן פון מעהרען איז געוועזען א פשוטער קצב, כמעט אנ'עם הארץ און דערצו א מענש מיט א אונגעהויערער חוצפה. איינמאל האט מען איהם געכאפט ביי א גנבה מיט א שלאס־בראך און ער איז ארעסטירט געווארען. ווי עס שיינט, איז איהם נאך דער מעשה ניט געוועזען איבעריג אנגענעהם צו פערבלייבען צווישען יודען און ער האט בעשלאסען אבצושמד'ען זיך און זיין גאנצע פאמיליע. אט דעם דאזיגען מענשען מיט א פינסטערער פערגאנגענהייט האבען די דאמיניקאנער אויסגעקליבען פאר זייער רעכטער האנד אין קאמפף מיט די יודען און יודענטום. די פערברעכערישע טעטיגקייט געגען זיין פאלק האט פפעפערקארן אנגעהויבען מיט דער בראשור „שפיגעל דער ערמאהנונג”, וואס איז ערשינען אין 1507 אויף דער רוימישער שפראך. אין דער דאזיגער בראשור פרובט נאך דער יודישער משומד זיך אונטער'חנפנען צו יודען, איינרעדען זיי מיט גוטע רעד זיך צו שמד'ען, ווייל נאר אין קריסטענטום איז דער ריינער אמת און די ישועה פאר אלע פעלקער. דארט פרובט אויך פפעפערקארן אבוועגדען אלע בלבולים אויף יודען, אז זיי בענוצען קריסטליך בלוט, און ווענדעט זיך צו די קריסטען מיט א אויפרוף, אז זיי זאלען ניט צו פיעל דריקען די יודען, וועלכע „זענען אויך מענשען” גלייך ווי אלע. אין א יאהר ארום האבען די דאמיניקאנער ארויסגעגעבען א צווייטע בראשור אונטער פפעפערקארן'ס נאמען „יודענבייכטע” און דא איז שוין דער טאן גאר א אנדערער. דא ווערט אבגעלאכט פון די יודישע מנהגים, די יודען ווערען שוין אנגערופען „הינט, וואס לעקען דאס קריסטליכע בלוט” און פון די קיסרים ווערט געפאדערט, צו פערבאטען יודען האנדלען מיט פראצענט און זיי צווינגען צו הערן די מיסיאנערישע דרשות אין די שוהלען. און וואס ווייטער איז געווארן אלץ ערגער: אין 1509 איז ערשינען פפעפערקארן'ס א דריטע בראשור, וואס איז בכיון ארויסגעגעבען געווארען ערב פסח, כדי אויפצורייצען דעם המון געגען יודען. דארט ווערט דאס דייטשע פאלק שוין גערופען ארויסצוטרייבען אלע יודען פון לאנד, צונעהמען ביי זיי זייערע קינדער און זיי ערציהען אין קריסטליכען גלויבען און בכלל צו רודפ'ען זיי ביז לעצט, ווייל יודען בעראבעווען די קריסטען און זויגען פון זיי אויס דאס בלוט. ביים פאלק האט די דאזיגע העצע קיין ערפאלג ניט געהאט, אבער דערפאר האבען די דאמיניקאנער געפרובט פעראינטערעסירען אין דער אגיטאציע געגען יודען הויכגעשטעלטע פערזאנען, און דאס האט זיך זיי איינגעגעבען.

די דאָמיניקאַנער האָט זיך איינגעגעבען אַריבערצוציהען אויף זייער זייט דער פֿרומער קוניגונדא, די שוועסטער פֿון קייזער מאַקסימיליאַן. וועלכע האָט געגעבען פּפעפּערקאָרנ׳ען אַ בריעף צום קייזער מיט אַ ביטע צו קאָנפֿיסקירען אַלע יודישע ספרים, אויסער דער ביבעל, וועלכע זענען פֿול מיט האַס צום קריסטענטום און וואַרפֿען אַ שאַנדע אויף דער הייליגער רעליגיע. מיט דער דאָזיגער רעקאָמענדאַציע איז פּפעפּערקאָרן אַוועקגעפֿאָהרען קיין איטאַליען צום קייזער מאַקסימיליאַן, וועלכער האָט דאַן געפֿיהרט מלחמה מיט דער ווענעציאַנישער רעפּובליק, און פּפעפּערקאָרן איז צוריקגעקומען מיט אַ נצחון: דער קייזער, וועלכער איז געווען פֿאַרנומען מיט דער מלחמה און ניט געהאַט קיין צייט אַריינצוטראַכטען אין אַזעלכע ענינים, האָט ניט לאַנג געקלערט און ערלויבט פּפעפּערקאָרנ׳ען צו רעווידירען אַלע יודישע ספרים און פֿערברענען די, אין וועלכע עס געפֿינען זיך שלעכטע רעד וועגען קריסטענטום.

מיט טריאומף האָט פּפעפּערקאָרן זיך גענומען צו דער אַרבייט, וועלכע ער האָט אָנגעהויבען אין פֿראַנקפֿורט אַם מיין, וואו עס האָבען זיך געפֿונען פֿיעל יודען פֿון תּורה און געלד און גאַנצע בערג יודישע ספרים. לויט׳ן פֿערלאַנג פֿון פּפעפּערקאָרן האָט דער מאַגיסטראַט צונויפֿגערופֿען אַלע יודען אין שוהל אַריין, וואו מען האָט נאָר זיי איבערגעלייענט דעם בעפֿעהל פֿון קייזער, אַרויסצוגעבען אַלע ספרים פּפעפּערקאָרנ׳ען. מען האָט צוערשט צונויפֿגעזאַמעלט אַלע סדורים און זיי קאָנפֿיסקירט. דאָס איז געווען די ערשטע נאַכט פֿון סוכּות, ער האָט נאָך געוואָלט פֿערבאָטען די יודען צו דאַווענען אין די שוהלען, ווייל פּונקט אום יום טוב האָט ער געוואָלט מאַכען די רעוויזיע אין די יודישע הייזער, אָבער די גייסטליכע האָבען זיך אַרויסגעוויזען פֿאַר מעהר מענשליך, ווי פּפעפּערקאָרן, און ניט געוואָלט איינשטימען צו פֿערשטערען יודען זייער יום טוב. די רעוויזיע איז אָבגעלעגט געוואָרען אויף מוצאי סוכּות. אָבער דאָ האָבען יודען פּלוצלונג געשטעלט אַ ווידערשטאַנד און ערקלערט, אַז זיי וועלען ניט אַרויסגעבען די ספרים, כּל זמן זיי וועלען זיך ניט פֿאָרשטעלען פֿאַר׳ן קייזער, כּדי ער זאָל אויסהערען אויך דעם צווייטען צד. אין דער זעלבער צייט האָבען די יודען געשיקט אַ דעפּוטאַציע צום הומאַנישען אַרציביסקופּ אוריעל, וועלכער האָט זיך געווענדעט צום קייזער מיט אַ אָנווייזונג, אַז אַזאַ וויכטיגע פֿראַגע קען ניט געלעזט ווערען אין איילעניש מיט איינמאָל און מוז ערנסט בעטראַכט ווערען. אויך דער מאַגיסטראַט האָט זיך געשטעלט אויף דער זייט פֿון יודען און פֿון דעם

וועלכען ארציביסקופ איז אנגעקומען א בעפעהל צו די גייסטליכע, אז זיי זאלען ניט שטיצען פפעפערקארנ׳ען. אזוי ווי דער קייזער האט ערלויבט פפעפערקארנ׳ען רעוויזירען די יודישע ספרים ניט אנדערש, ווי אין דער אנוועזענהייט פון צוויי גייסטליכע און א פארשטעהער פון מאגיסטראט, האט ער שוין ממילא זיין פלאן ניט געקאנט אויספיהרען און די יודען האבען אויף א ווייל פריי אבגעעטעמט.

נאכדעם האבען די יודען ארויסגעשיקט זייערע שתדלנים צום קייזער און איהם בעוויזען זייערע אלטע קייזערליכע פריווילעגיעס. מאקסימיליאן איז איינגעגאנגען דערויף, אז מען זאל גרינדען א קאמיסיע פון געלעהרטע, וועלכע זאלען בעטראכטען די פראגע. די דאמיניקאנער זענען ניט געווען איבעריג צופרידען דערמיט און פפעפערקארן איז ווידער אמאל געפאהרען קיין איטאליען, בעזארגט מיט פיעל רעקאמענדאציעס צום קייזער און צו די הויכגעשטעלטע לייט. דאס מאל האט פפעפערקארן נאר געפועל׳ט, אז אין דער קאמיסיע זאל צווישען אנדערע אויך בעשטימט ווערען דער בעריהמטער געלעהרטער יאהן רייכלין, דער גרעסטער דייטשער אויטאריטעט. די כונה דערפון איז געווען קלאר: אדער רייכלין וועט האלטען מיט די דאמיניקאנער און דאן איז א סוף צום יודענטום, ווייל ווער וועט האבען די העזה ארויסצוטרעטען געגען דעם מענשען, מיט וועלכען עס שטאלצירט גאנץ דייטשלאנד; אדער רייכלין וועט פערטיידיגען די יודישע ספרים, און דאן וועלען די דאמיניקאנער שוין אנהויבען א ענערגישען קאמפף געגען רייכלינ׳ען אליין און געגען דער גאנצער חברה הומאניסטען, וועלכע זיי וועלען בעשולדיגען אין אפיקורסות און פאדערען זיי צום געריכט פאר אפיקורסות. די האפנונג פון די דאמיניקאנער איז אבער צערשטערט געווארען און מיט דער בעשטימונג פון רייכלין אלס מיטגליד פון דער קאמיסיע האט זיך אנגעהויבען זייער גרויסע מפלה.

יאהן רייכלין איז געווען ניט בלויז א בעריהמטער געלעהרטער און דער גרעסטער קענער פון די אלטע שפראכען אין זיין צייט, נאר אויך א גוטהערציגער מענש, וואס האט שטענדיג ליעב געהאט דעם אמת. ווי פיעל פון די גרויסע הומאניסטען, האט אויך רייכלין געהאט א פערלאנג צו ערלערנען גרינדליך די העבראישע שפראך. דער ערשטער לעהרער זיינער, וועזעל אין באזעל, האט אליין געקאנט ווינציג העבראיש און איז נאר אימשטאנד געווען אויסצולערנען רייכלינ׳ען די ערשטע כללים פון דער העבראישער שפראך. זענענדיג אין רוים, האט רייכלין זיך דערוואוסט וועגען די וואונדערבארע סודות פון דער קבלה. מיט

וועלכער עס האבען זיך דאן אינטערעסירט פיעל קריסטען, און די ליעבע צו העברעאיש איז נאך ביי איהם דאן שטארקער געווארען. צו־ריקקומענדיג קיין דייטשלאנד, האט רייכלין זיך געווענדעט מיט א בריעף צום רב פון רעגענסבורג ר׳ יעקב מרגליות, וועלכען ער האט געבעטען צושטעלען איהם געוויסע קבלה־ספרים. דער רב האט איהם אבגעענט־פערט, אז אין די קבלה־ספרים איז בכלל ניט כדאי ארייצוקוקען זיך און אז די ספרים, וועלכע ער בעט, קאן ער, דער רב, ניט בעקומען. ערשט אין א צייט ארום האט רייכלין זיך בעקאנט מיט דעם ארצט פון קייזער פריעדריך III, ר׳ יעקב לואנץ, און דער דאזיגער געלעהרטער ייד איז פון דאן אן געווארען רייכלינ׳ס לעהרער אין העברעאיש. מיט גרויס התמדה האט זיך רייכלין גענומען צו דעם שטודיום און אין א צייט ארום איז ער שוין אימשטאנד געווען צו לייענען העברעאישע ספרים אהן דער הילף פון א לעהרער. פון דעמאלט אן האט רייכלין ניט אויפ־געהערט וויטער צו ערלערנען די העברעאישע שפראך און ליטעראטור, הגם ער איז נאך אלעמען דאך ווייט געווען פון גרינדליכע קענטעניש.

רייכלין איז דאן געווען דער איינציגער קריסט אין איירא[פ]א, וואס האט גוט געקאנט די העברעאישע שפראך, און אזוי ווי דער פערלאנג צו בעקאנען זיך מיט דער העברעאישער שפראך איז דאן איבעראל געווען גרויס, האבען פיעל פון רייכלינס פריינד זיך געווענדעט צו איהם מיט א בקשה, אז ער זאל פערפאסען א העברעאישע גראמאטיק און לעהר־בוך. רייכלין האט ערפילט די בקשה און פערפאסט א העברעאישע גראמאטיק, וואס איז נאך געווען פול מיט פעהלערען, אבער האט דאך געגעבען פאר פיעל קריסטען א שליסעל צו ערלערנען די העברעאישע שפראך און רייכלין האט ערצויגען פיעל תלמידים, וואס האבען מיט עהרפורכט זיך בעצויגען צו העברעאיש און איהר געווידמעט צייט.

אבער צוזאמען מיט דער גרויסער אכטונג צו העברעאיש, איז רייכלין דאך אין יענער צייט געווען ווייט פון יודענפריינדליכקייט; ער האט זיך ניט געקאנט בעפרייען פון די אלטע אבערגלויבענס וועגען יודען און יודענטום און האט געהאלטען די יודען פאר א נידעריגען סארט מענשען, וואס גאט האט זיי שטרענג בעשטראפט דערפאר, וואס זיי געהען ניט אין ריכטיגען וועג. ווי אנדערע קלעריקאלען, האט רייכלין אין יענער צייט געהאלטען, אז יודען לעסטערען די קריסטליכע הייליג־טימער און אלע קריסטען בכלל, און געבראכט א ראיה פון דער ברכה „ולמלשינים״ אין שמונה עשרה. שפעטער האט רייכלין זעהר בעדויע־ט,

וואָס עֶר האָט גֶעשריִבֶּען שלעֶכטס אויף יודעֶן, וועֶלכֶע עֶר האָט אִין הַארצעֶן קײנמאָל נִיט גֶעהַאסט. אָבּעֶר אִין יעֶנעֶר צײַט אִיז רײַכלִין נאָך נִיט גֶעוועֶן פרײַ פוּן די אַלטעֶ אַבּעֶרגלויבּעֶנס און אויסעֶרלִיך האָט עֶר אִין זײַן בּעֶציִהוּנג צוּ יודעֶן זִיך נִיט אונטעֶרשײדעֶט פוּן די אִיבּעֶריִגעֶ קריִסטעֶן. אִין דעֶר צײַט, ווען רײַכלִין אִיז בּעֶשטיִמט געֶוואָרעֶן, צוּ־זאַמעֶן מִיט האָכשטראַטעֶן און אַנדעֶרעֶ יודעֶן־פײַנד, אַלס עֶקספּעֶרט אִין דעֶר קאָמיִסיעֶ וועֶגעֶן די יודישעֶ ספרים, אִיז עֶר שוין געֶוועֶן זעֶהר פּאָפּולעֶר אִין גאַנץ דײַטשלאַנד, געֶשעֶצט און געֶעֶהרט אומעֶטום אַלס גרויסעֶר געֶלעֶהרטעֶר און אָנגעֶזעֶהעֶנעֶ פּעֶרזעֶנליִכקײַט. די דאָמיִניִקאַנעֶר האָבּעֶן אִין אִיהם נִיט געֶקאָנט געֶפיִנעֶן קײן חטא, אָבּעֶר געֶשפּיִרט האָבּעֶן זײ, אַז רײַכלִין וועט מִיט זײ נִיט געֶהן, אַז זײַן האַרץ אִיז נִיט געֶנויגט צוּ קײן פאַלשקײַטעֶן און מעֶנשעֶן־האַס. ווען פעֶפעֶרקאָרן אִיז געֶפאָהרעֶן קײן אִיטאַליעֶן צוּם קײזעֶר, אִיז עֶר אויפ'ן וועֶג אָבּגעֶטרעֶטעֶן צוּ רײַכלִינ'עֶן און געֶפּרוּבּט אִיהם אִיבּעֶררעֶדעֶן, אַז עֶר זאָל געֶהן האַנד בּײַ האַנד מִיט די דאָמיִניִקאַנעֶר געֶגעֶן יודעֶן. רײַכלִין האָט מסכים געֶוועֶן צוּ די אַלעֶ בּעֶשולדיִגונגעֶן געֶגעֶן יודעֶן, אָבּעֶר פעֶראײניִגעֶן זִיך מִיט די דאָמיִניִקאַנעֶר האָט עֶר נִיט געֶוואָלט, ווײַל זײַן האַרץ אִיז בּכלל נִיט געֶוועֶן געֶנויגט צוּ קײן שלעֶכטס. עֶר האָט זִיך רוּהיִג און עֶרנסט געֶנוּמעֶן צוּ זײַן אַרבּײַט, אויסצוּפאָרשעֶן די יודיִשעֶ ספרים, און די אַרבּײַט האָט בּײַ אִיהם געֶדויעֶרט אַנ'עֶרך דרײַ חדשים.

דעֶרווײַל האָט פעֶפעֶרקאָרן נִיט אויפגעֶהעֶרט פלײַסיִג פאָרטצוּזעֶצעֶן זײַן טעֶטיִגקײַט און קאָנפיִסקיִרט אומעֶטוּם די יודיִשעֶ ספרים. צוּ דעֶר שמחה פוּן די קלעֶריִקאַלעֶן אִיז אִין יעֶנעֶר צײַט אונטעֶרגעֶקוּמעֶן אַ ריִטוּאַלעֶר פּראָצעֶס געֶגעֶן יודעֶן. אִין בּראַנדעֶנבּוּרגעֶר מדינה האָט אײנעֶר אַ קריִסט אַוועֶקגעֶגנבֿ'ט פוּן קיִרכעֶ דאָס הײליִגעֶ בּרויט — די האָסטיעֶ און אײניִגעֶ כּלים. ווען מעֶן האָט אִיהם געֶכאַפּט, האָט עֶר דעֶרצעֶהלט, אַז עֶר האָט פעֶרקויפט די געֶגנבֿ'עֶטעֶ זאַכעֶן יודעֶן. דעֶר בּראַנדעֶנבּוּרגעֶר בּיִסקופ צוזאַמעֶן מִיט דעֶם דעֶספּאָטיִשעֶן קוּרפיִרשט יאָאַחיִם I האָבּעֶן פעֶראָרדעֶנט, בּאַלד אָבּצוּזוּכעֶן די „שולדיִגעֶ". די „שולדיִגעֶ" האָט מעֶן געֶפוּנעֶן, זײ אַרײַנגעֶזעֶצט אִין טוּרמעֶ, שרעֶקליִך געֶפײַניִגט און דעֶרנאָך געֶטויט דוּרך פעֶרבּרעֶנעֶן. זעֶקס און דרײַסיִג פוּן די פעֶרמשפּט'עֶ זעֶנעֶן לעֶבּעֶדיִגעֶרהײט פעֶרבּרעֶנט געֶוואָרן און בּיִז דעֶר לעֶצטעֶר מיִנוּט נִיט אויפגעֶהעֶרט זאָגעֶן שטיִקלעֶך פוּן תהלים און תפילות, נאָר צווײ פוּן זײ האָבּעֶן נִיט אויסגעֶהאַלטעֶן די יסורים און פאַר'ן טויט זִיך געֶשמד'ט.

דערפאר האט מען זיי געטאן א חסד און אנשטאט לעבעדיגערהייט פערברענען האט מען זיי ארונגענומען די קעפ. שפעטער מיט 25 יאהר האט זיך ארויסגעוויזען, אז דאס געריכט, וואס האט פערמשפט די יודען, האט „א טעות" געהאט. דער קריסט, וואס האט געגנב'עט די האסטיע, האט זיך מודה געווען בעת א ודוי פאר א גלח, אז ער האט אומזיסט אומגעבראכט אכט און דרייסיג יודען, אויף וועלכע ער האט א בלבול געמאכט. דער גלח האט געבעטען ביים ביסקופ א ערלויבניש דאס מאל עובר צו זיין אויף דעם סוד פון ודוי און פערעפענטליכען די מעשה, נאר דער ביסקופ איז דערויף ניט איינגעגאנגען, כדי ניט צו „קאמפראמעטירען" דאס געריכט. ערשט אין א צייט ארום, ווען דער גלח, וועלכען דאס געוויסען האט ניט געלאזען רוהען, איז איבערגעגאנגען אין לוטעראנישען גלויבען, האט ער אפען ענטדעקט דעם אמת. דערוויל האט פפעפערקארן אין זיין חברה זיך בענוצט מיט דער מעשה, און ארויסגעלאזט א בראשור „איינע וואהרע בעגעבענהייט" (א אמת׳ע מעשה), וואו עס איז בעשריבען געווארען די מעשה מיט דער אוועקגעגנבעטער האסטיע. די בראשור האט געמאכט א גרויסען איינדרוק אין גאנץ דייטשלאנד און די געזעלשאפטליכע מיינונג איז אזויערנאך פארבערייטעט געווארן געגען יודען. יודען האבען געלעבט אין פחד און אין שרעק, נאר די האפנונגען פון די קלעריקאלען זענען דאך ניט ערפילט געווארען און פון דער גאנצער העצע געגען יודען איז נאר ארויסגעקומען א אומגליק פאר די פינסטערע קלעריקאלען. מיט רעכט האט איינער פון די הומאניסטען דאן געזאגט, אז „דער דאזיגער פארשוין" (פפעפערקארן) האט געטאן דעם קלעריקאליזם פיעל מעהר רעה, איידער עס האבען איהם געקאנט טאן אלע פריינדע צוזאמען.

אויף דער פראגע פון קייזער: „צי וועט זיין עהרליך פאר גאט און צי וועט די קריסטליכע לעהרע נוצען האבען דערפון, וואס מיר וועלן פערברענגען די יודישע ספרים?" האט רייכלין געענטפערט זעהר אויספיהרליך, אין א שווערן סטיל, מיט דער גרעסטער פינקטליכקייט, און דער אלגעמיינער ענטפער איז געווען לטובת יודען. רייכלין טיילט ערשטענס איין די יודישע ספרים אין זעקס בעזונדערע קאטעגאריעס און ווייזט אן, אז עס איז ניט ריכטיג, ווען מען איז כולל די גאנצע יודישע ליטעראטור אונטער איין נאמען. איין קאטעגאריע זענען די קאמענטאריעס צו דעם תנ"ך, ווי די ספרים פון רש"י, אבן עזרא, רד"ק און אנדערע. אין די ספרים איז קיין שאדען פאר'ן קריסטענטום ניטא, פערקעהרט, זיי

זענען אויך זעהר נוצליך פאר די קריסטען, וואס ווילען ערלערנען די ביבעל. צו דער צווייטער קאטעגאריע געהערען די פאעטישע און סאטירישע ספרים און צווישען זיי געפינען זיך נאר צוויי סאטירען אויף דער קריסטליכער רעליגיע: „ספר הנצחון“ פון ר׳ ליפמאן און „מעשה הלדה“, אבער ווי די יודען זאגען, איז זיי פערבאטען צו לייענען די ספרים, וועלכע זענען מעהר ניטא במציאות. די דריטע קאטעגאריע זענען די יודישע פילאזאפישע און וויסענשאפטליכע ביכער, וועלכע אונטערשיידען זיי מיט קיין זאך ניט פון די קריסטליכע ספרים פון דעם סארט. די פירטע קאטעגאריע ספרים זענען די יודישע שוהל-תפילות און פיוטים, אבער זיי געהערען צום יודישען רעליגיעזען לעבען און לויט די פריווי-לעגיעס, וואס יודען האבען בעקומען פון די קיסרים, טאר מען זיך אין זייער רעליגיעזען לעבען ניט אריינמישען. די 5-טע קאטעגאריע זענען די קבלה-ספרים, אין וועלכע עס ליגען טיפע סודות און וועלכע האבען פיראינטערעסירט אויך פיעל קריסטען, וואס אנבעלאנגט די ספרים פון דער 6-טער קאטעגאריע, דער תלמוד, אין וועלכען די יודישע שונאים געפינען אלדאס בעז, איז רייכלין זיך אפענהערציג מודה, אז ער האט א קנאפע ידיעה אין זיי, אבער נאך ווינציגער קענען דעם תלמוד אנדערע קריסטען, וואס קענען קיין העברעאיש ניט און אויב זיי מאכען בלבולים אויף דעם תלמוד, איז דאס בלויז שקר און נארעריי, ווייל באמת ווייסען זיי ניט, וועגען וואס דארט רעדט זיך אפילו. אין אלגעמיין זאגט זיך רייכלין ארויס געגען פערברענען די יודישע ספרים און געגען רדיפות אויף יודען בכלל. אויב, ערקלערט ער, עס איז זאגאר אמת, אז די יודישע ספרים לייקענען אין קריסטוס און אין זיין לעהרע, מיט וואס זענען דאן די ספרים ערגער פון די יודען אליין, וועלכע גלויבען נישט אין דער קריסטליכער לעהרע? די יודען אליין דארף מען ווידער לאזען צו רוה, ווייל, ערשטענס, שטעהען זיי אויסערהאלב דער קריסטליכער קירכע און עס איז נאריש, ווען מען האלט זיי פאר „אונגלויביגע“, פאר קריסטען, וואס לייקענען אין זייער לעהרע. זיי האבען גארניט צו טאן מיט דער קירכע, מיט׳ן קריסטענטום און דאס קריסטענטום האט דעריבער איבער זיי קיין שליטה ניט. צווייטענס, זענען אויך יודען בירגער צוגלייך מיט אלע אנדערע און זיי האבען דאס רעכט צו פאדערן פון דער מלוכה, אז זי זאל בעשיצען זייער לעבען און אייגענטום; דא איז צום ערשטען מאל ארויסגעזאגט געווארען דער געדאנק וועגען רעכט, וועגען דעם, אז יודען זענען בירגער און

ניט קנעכט פון קײזער, און רײכלין איז דעריבער געװען דער ערשטער, װאָס האָט נאָך צוריק מיט פיערהונדערט יאָהר אַרויסגעזאָגט די אידעע װעגען בירגערליכער גלײכהײט.

רײכלין האָט אָבגעשיקט זײן ענטפער דעם קײזער פערחת׳מעט מיט אַ שטעמפעל דורך אַ ספּעציעלען שליח. ער האָט מיט רעכט געמײנט, אַז אַזאַ אָפיציעלען דאָקומענט װעט נאָר דער קײזער אַלײן קענען אויפ־עפענען. אָבער פפעפערקאָרן האָט געעפענט דעם פּאַפּיער נאָך אײדער עס איז אָנגעקומען צום קײזער. װי אַזוי דאָס האָט זיך איהם אײנגעגעבען, װײסט מען ניט. רײכלין האָט בעשולדיגט די קעלנער מאָנאַכען, אַז דאָס איז געװען זײער אַרבײט. דער קײזער, װאָס איז געװען פערנומען מיט זײנע אינטערעסען, האָט רײכלינס ענטפער צוזאַמען מיט די איבעריגע תשובות פון האָכשטראַטען און אַנדערע, איבערגעגעבען אַ ספּעציעלע קאָמיסיע פון דרײ געלעהרטע. דער בעשלוס פון דער קאָמיסיע איז געװען גינסטיג פאַר יודען און דער קײזער האָט דאַן בעפוילען צו רוה לאָזען די יודען און אויך אומקעהרען זײ די ספרים, װאָס מען האָט בײ זײ פערנומען.

דער בעשלוס פון קײזער האָט נאַטירליך ניט געקאָנט געפעלען די דאָמיניקאַנער, װעלכע האָבען נאָך דעם אַרויסגעלאָזען אַ נײע בראָשור „דער האַנדשפּיגעל״, שוין ניט אויף לאַטײן, פאַר געצעהלטע מענשען, נאָר אויף דײטש, פאַר׳ן גאַנצען פאָלק, און פפעפערקאָרן מיט זײן פרוי האָבען אַלײן פערשפּרײט די בראָשור צווישען המון. דאָרט װערט דער־צעהלט די גאַנצע געשיכטע מיט׳ן דיספּוט װעגען יודען און רײכלין װערט אַרויסגעשטעלט אַלס געדונגענער פון יודען, װעלכע האָבען איהם בעצאָהלט פיעל געלד פאַר זײן פערטײדיגונג. די דאָזיגע בראָשור, װאָס איז פערשפּרײט געװאָרען מאַסענװײז צווישען המון, האָט געמאַכט אַ גרויסען אײנדרוק. דער פאַקט, אַז די דאָמיניקאַנער זאָלען אַרויסטרעטען עפענטליך געגען אַזאַ אָנגעזעהענעם מענש, װי רײכלין, און אַרויפלעגען אויף איהם אַזאַ שװערע בעשולדיגונג, האָט שרעקליך אויפגערעגט רײכלינס פיעל פרײנד און אויך אין הויף פון קײזער האָט די דאָזיגע מיאוסע העצע פון יודישען משומד שוין בעגעגענט אַ גרויסען פּראָטעסט. רײכלין האָט זיך דאַן פאָרגעשטעלט פאַר׳ן קײזער און זיך בעקלאָגט פאַר איהם אויף די מיאוסע מעשים פון פפעפערקאָרן. דער קײזער האָט צוגעזאָגט אויסצופאָרשען די זאַך; ער האָט דאָס אָבער ניט געטאָן, און דאַן איז רײכלין אַרויס מיט אַ װערק, װאָס האָט געמאַכט אין יענער צײט

א געוואַלדיגען רושם און צוגעגרייט א באָדען פֿאַר דער שפּעטערדיגער רעפֿאָרמאַציע. דאָס איז געווען רייכלינס „אויגענשפּיגעל”. דאָרט האָט רייכלין אויפֿגעדעקט די אַלע מיאוסע מעשים פֿון דעם מנוול פּפֿעפֿערקאָרן, וואָס האָט פֿלוצלונג אָנגעהויבען שפּיעלען אַזאַ ראָליע, און אַגב שוין אויך ענטדעקט די מעשים פֿון פּפֿעפֿערקאָרנס גאַנצער קאָמפּאַניע, די דאָמיניקאַנער. די בראָשור איז געווען אין יענער צייט א וויכטיגע געשעהניש. צום ערשטען מאָל איז אין דייטשלאַנד אַרויסגערופֿען געוואָרען א געזעלשאַפֿטליכע מיינונג, ווייל ניט ווילענדיג איז פֿון דער היימישער מחלוקת וועגען יודען, וואָס האָט זיך פֿריהער געפֿיהרט אין דער שטיל, צווישען געצעהלטע געלעהרטע, יעצט געוואָרען א עפֿענטליכע דיספּוט. ביידע צדדים האָבען זיך געווענדעט צום פֿאָלק און צו איהם גערעדט אויף זיין שפּראַך, אַזוי אַז די פּאָלעמיק וועגען יודען האָט במילא אַרויסגערופֿען א פּאָלעמיק וועגען דער קירכע און די קירכען־לייט בכלל. רייכלינס פֿריינד, די הומאַניסטישע געלעהרטע און רוהיגע מענשען, וואָס די יודישע צרות זענען זיי ווינציג אָנגעגאַנגען, זענען ניט געווען צופֿרידען דערמיט, וואָס רייכלין האָט געמאַכט אַזאַ רעש צוליעב דעם תּלמוד און די יודישע ספרים, אָבער ווילענדיג צי ניט ווילענדיג האָט דער קאַמפּף אַלץ מעהר זיך פֿונאַנדערגעפֿלאַקערט און אין דעם קאַמפּף זענען אַריינגעצויגען געוואָרען רייכלין אַליין און זיינע פֿריינד, די הומאַניסטען.

דער קאַמפּף צווישען די דאָמיניקאַנער און רייכלינ׳ען איז געוואָרען אַלץ שטאַרקער. די דאָמיניקאַנער, וועלכע זענען אין יענער צייט געווען שטאַרקער זאָגאַר פֿון קייזער און דעם פּויפּסט, האָבען אַלץ געסטראַשעט רייכלינ׳ען, אַז אויב ער וועט עפֿענטליך ניט תּשובה טאָן און צוריקנעהמען זיינע „אפּיקורסישע” ווערטער, וועט ער שטרענג בעשטראָפֿט ווערען דורכ׳ן קירכליכען געריכט; רייכלין האָט זיך ווירקליך די ערשטע צייט דערשראָקען און געפּרובט זיך פֿערענטפֿערען, נאָר צוריקנעהמען זיינע גרונד־מיינונגען וועגען די יודען און די יודישע ספרים האָט ער, אַלס עהרליכער און אמת׳ער מאַן, ניט געקאָנט, און ווען ער האָט איינגעזעהען, אַז קיין פּשרה צווישען איהם און די דאָמיניקאַנער איז ניט מעגליך, איז ער געוואָרען פֿעסט, ווי שטאָל און אייזען, און אַנשטאָט שרעק און וויכקייט, האָט ער אָנגעהויבען אַרויסטרעטען מיט אַלץ מעהר מוט און ענערגיע. דער קאַמפּף איז געוואָרען א אָפֿענער און ביידע צדדים זענען געווען זעהר קריגעריש געשטימט. פּפֿעפֿערקאָרן האָט דאַן

אַרויסגעלאָזט אַ נײַע בראָשור „דער בראַנדשפּיגעל״, וואו ער שיט ווײַטער פּעך און שוועבעל אויף רײַכלינ׳ען און בעזונדערס אויף יודען. רײַכלין האָט ניט אָבגעשוויגען און איז אַרויסגעטרעטען מיט נאָך אַ ווערק, וואו ער ווידערהאָלט זײַנע פריהערינע מיינונגען איבער׳ן יודענטום און יודען, נאָר דאָס מאָל מיט מעהר מוט און אָפענהערציגקײַט. ער דערמאָנט די אַלע גײַסטליכע פון פּפעפערקאָרנס קאָמפּאַניע, אַז אונטער דער מאַסקע פון יראת שמים ליגט אין זיי בעהאַלטען אַ דעספּאָטיש האַרץ, און אָנרופענדיג זיי ביי די נעמען, זאָגט רײַכלין: „דו מײַן האַר, דער קייזער, ערלויב זיי צו נעהמען געלד ביי יודען, וויפיעל זיי וועט זיך וועלן, און דאַן וועלן זיי מיך תיכף צו רוה לאָזען״. וועגען יודען חור׳ט רײַכלין נאָך אַמאָל איבער, אַז זיי זענען בירגער אין לאַנד און אַז מיט שטאָלץ נעהמט ער אָן די בעשולדיגונג פון זײַנע שונאים, דאָס ער איז געוואָרן דער יודישער פערטיידיגער. איך ווייס, אַז מײַנע שונאים וועלען אויף מיר אָנפאַלען דערפאַר, וואָס איך זאָג, אַז אויך יודען זענען בירגער אין אונזער לאַנד. איך וועל לאָזען די דאָזיגע פיינד מײַנע קריצען מיט די צייהן, אַרײַנפאַלען אין גרימצאָרן, נאָר איך וועל ווײַטער זאָגען: „די יודען זענען ניט בלויז בירגער פון לאַנד, זיי זענען אויך אונזערע ברידער״.

דאָס דאָזיגע מוטיגע ווערק רײַכלינ׳ס האָט געמאַכט אַ גרויסען רעש און פיעל גײַסטליכע, וואָס זענען געווען אין דער שטיל אויפגערעגט געגען די דעספּאָטישע פינסטערע דאָמיניקאַנער, האָבען זיך זעהר דערפרעהט, וואָס עס האָט זיך ענדליך געפונען אַזאַ מוטיגער מענש, וועלכער זאָגט אַרויס אָפען דעם אמת וועגען דער באַנדע. פיעל פון די אָנגעזעהענסטע און רײַכסטע הומאַניסטען האָבען צוגעגעבען רײַכלינען מוט אין זײַן קאַמפּף און איהם פערזיכערט, אַז ער האָט ניט וואָס מורא צו האָבען און קאָן שטענדיג האָפען אויף זייער שטיצע. דער קייזער, צו וועלכען ביידע צדדים האָבען זיך געווענדעט, איז געווען אין פערלעגענהייט און ניט געוואוסט, וועמען רעכט צו געבען. ענדליך האָט ער אַרויסגעגעבען אַ בעפעהל, אַז מען זאָל מאַכען אַ סוף צו דער פּאָלעמיק און ביידע צדדים זאָלען אַנטשוויגען ווערען. עס איז שוין אָבער פערגאַנגען צו ווײַט און דער קאַמפּף האָט זיך ווײַטער געפיהרט מיט נאָך מעהר ברען.

דעם 15-טען סעפּטעמבער 1513 האָט רײַכלין בעקומען פון אינקוויזיטאָר האָכשטראַטען אַ מעלדונג, ער זאָל קומען צום אינקוויזיציאָנס-געריכט. רײַכלין אַליין איז ניט געקומען און געשיקט אַ בעפאָלמעכטיגטען,

אָבער דאָס געריכט, וועלכעס האָט אײַנגעפונען, אַז רײַכלינס ווערק דאַרפען פערניכטעט ווערן, האָט ניט געקאָנט געפינען קיין אַפּיקורסות געגען דער קירכע אין רײַכלינס ספרים וועגען יודען און ער אַליין איז אַרויס פרײַ. רײַכלינס בעפּאָלמעכטיגטער האָט אָנגעגעבען אַן׳אַפּעלאַציע אויף דעם פסק דין, לויט וועלכען רײַכלינס ווערק האָבען געדאַרפט פערברענט ווערען, און דער פּויפּסט האָט פעראָרדענט, אַז אַ געריכט פון בישקופען זאָל ווידער בעטראַכטען דעם גאַנצען ענין. בײדע צדדים האָבען דערווײַל אָנגעהויבען אַ ענערגישע אַגיטאַציע, נאָר דער סוף איז געווען, אַז דער פסק דין פון די בישקופען איז געווען לטובת רײַכלינען. דאָ האָט ווידער האָכשטראַטען אַפּעלירט צום פּויפּסט און די זאַך איז איבערגעטראָגען געוואָרען קיין רוים.

בײדע פּאַרטײען, די רײַכליניסטען און די דאָמיניקאַנער, האָבען אומעטום: אין דײַטשלאַנד, רוים און זאָגאַר פראַנקרײַך, אַגיטירט אײנע געגען די צווייטע. האָכשטראַטען און זײַנע פרײַנד האָט זיך אײַנגעגעבען אַרויסצובעקומען פון פּאַריזער טעאָלאָגישען פאַקולטעט אַ רעזאָלוציע געגען רײַכלינס „אויגענשפּיגעל". זיי האָבען זיך אויך דערשלאָגען דערצו, אַז דער פראַנצויזישער קעניג זאָל אָנשרײַבען אַ בריעף צום פּויפּסט געגען רײַכלינ׳ען. פון דער צווייטער זײַט האָבען אויך די רײַכליניסטען ניט געשוויגען און שטאַרק אַגיטירט לטובת איהם פאַר׳ן פּויפּסט. אַ גרויסע ראָליע האָבען אויך דאָ געשפּיעלט פיעל אָנגעזעהענע יודען, וואָס האָבען געהאַט אַ גרויסע השפעה אין פּויפּסטליכען הויף און וואָס זענען נאַטירליך, געשטאַנען אויף רײַכלינס צד. דער פּויפּסט לעאָן דער 10־ער, אַ ליבעראַלער מענש, נאָר קנאַפּער למדן, איז געווען אין פערלעגענהײַט און אַליין ניט געוואוסט, וואָס צו טאָן, ווען צו געבען רעכט. די הכנות צום געריכט האָבען זיך דערווײַל פערצויגען און דאָ זענען אונטערגעקומען די „בריעף פון פינסטערע מענשען". אין דעם דאָזיגען ווערק, וואָס איז אָנגעשריבען געוואָרען דורך אײנעם אַ אונבעוואוסטען הומאַניסט, איז מיט אַ זעלטען־בײַסענדער איראָניע אויסגעלאַכט געוואָרען דער פלוידערזאַק פּפּעפּערקאָרן, זײַנע פרײַנד, די פּאַריזער טעאָלאָגען און דער קאַטאָליציזמוס אין אַלגעמײן. די „בריעף פון פינסטערע מענשען" האָבען אַרויסגערופען אַ אונגעהײערליכען געלעכטער אין גאַנץ מערב־אייראָפּאָ. די פרײַנד פון רײַכלינען זענען ווידער געוואָרען בײַ זיך געהייבען. דער פּויפּסט, וואָס איז געשטאַנען צווישען צוויי פײַערן און געוואָלט זיך אויסדרעהען פון דער פערלעגענהײַט, האָט איבערגעגעבען די פראַגע

דעם קירכען־קאָנגרעס, וואָס האָט זיך גראָד דאַמאָלס פערזאַמעלט אין רוים. דאָס רוב מיטגלידער פון קאָנגרעס האָבען זיך אַרויסגעזאָגט לטובת רײַכלינ׳ען און די דאָמיניקאַנער זענען אָבגעפאָהרען פון רוים אין זעהר אַ געדריקטער שטימונג.

דערמיט האָט זיך נאָך דער קאַמפף נישט געענדיגט. רײַכלינס פרײַנד האָבען געמאַכט אַן אַפעל אויף האָלשטראַטען, ווען ער האָט זיך אומגעקעהרט פון רוים און איהם געוואָלט הרג׳נען. נאָר רײַכלין האָט זיי אָבגעהאַלטען דערפון. פון דער צווייטער זײַט האָבען די דאָמיניקאַנער נישט אויפגעהערט צו פרעדיגען אין די קירכען געגען די רײַכליניסטען; בעזונדערס האָבען זיי זעהר געוואָלט אָברוימען פון וועג די „בריעף פון פינסטערע פערזאָנען“, און זיי האָט זיך אײַנגעגעבען צו בעקומען אַ ערלויבניש בײַם פויפסט צו קאָנפיסקירען דאָס ווערק, אָבער עס איז שוין געווען צו שפּעט, ווײַל אין משך פון דער קלײנער צײַט האָט דאָס ווערק דערווײַל זיך שטאַרק פערשפרײט און איז געוואָרן אַ הויז־בוך כמעט בײַ אַלע גײַסטליכע, וועלכע האָבען עס בשתיקה געלײענט מיט דעם גרעסטען פערגניגען און ניט ווינציג געלאַכט.

דעם ספּעציעלען וכוח צווישען רײַכלינען און די דאָמיניקאַנער וועגען יודען איז אָבער בעשערט געווען צו בלײַבען אונפערענדיגט, ווײַל אין אַ יאָהר שפּעטער האָבען זיך אָנגערוקט ווילטיגערע געשעהנישען — עס איז געקומען דער שטורם פון דער רעפאָרמאַציאָנס־בעוועגונג און אויף דער סצענע איז אַרויסגעטראָטען דער גרויסער לוטער.

האָט די רעפאָרמאַציע פערבעסערט די יודישע לאַגע? האָט לוטער, וועלכער האָט גערופען צוריק צו דער ביבעל און צו רײנער אמונה, מיטגעפיהלט די צרות פון יודישען פאָלק? אין ערשטען מאָמענט פון איהר בעוועגונג, ווען די קעמפפער פון דער רעפאָרמאַציע זענען נאָך געווען גערודפ׳ט, און האָבען געטראָגען די קרוין פון מערטירער אויף די קעפ, האָבען זיי אַרויסגעוויזען צום גערודפ׳טען יודישען פאָלק גענוג מיטגעפיהל. אין אײנעם פון זײַנע ערשטע פאָלעמישע ווערק האָט לוטער געשריבען וועגען יודען: „אונזערע טפשים, די פאַפּיסטען, בישאָפען, סאָפיסטען און מאָנאַכען פלעגען זיך ביז איצט מיט יודען בעגעהן אַזוי, אַז יעדער אמת עהרליכער קריסט האָט געדאַרפט ווערען אַ יוד. ווען איך וואָלט זײַן אַ יוד און זעהען, ווי אַזעלכע טעמפּע קעפ הערשען איבער דער קירך און פרעדיגען די אמונה, וואָלט איך גיכער אײנגעשטימט צו זײַן אַ שווײַן, אײדער אַ קאַטוילויק. דען די לעצטע פלעגע

בעהאנדלען יודען אזוי, גלייך ווי זיי וואלטען זיין הינט, ניט קיין מענשען, און זיי האבען נאר געקאנט פערשילטען זיי, וועהרענד יודען זענען אונזער בלוט און פלייש און ברידער פון אונזער גאט. לויט'ן בלוט און פלייש זענען זיי נעהענטער צו קריסטוס'ען, איידער מיר. און איך וואלט געבעטען אונזערע ליעבע פאפיסטען, אז ווען זיי וועלן מיעד ווערן צו זידלען מיך מיט'ן נאמען „אפיקורס", זאלען זיי מיך אנהויבען זידלען מיט'ן נאמען „יוד"... ווען איך וואלט זיין א יוד, וואלט דער פויפסט מיך קיינמאל ניט איבערגערעדט אנצונעהמען זיין געצענדינערייא". לוטער ווידערהאלט דא דעם אנעקדאט פון באקאטשיא וועגען א געוויסען יוד, וואס האט אמאל געזעהן דעם פויפסט אין רוים, און צוריקקומענדיג צו זיך אהיים האט ער געבעטען דעם גלח, ער זאל איהם אבשמד'ען. ווען מען האט געפרעגט דעם יוד, פארוואס ער וויל זיך פלוצלונג שמד'ען, האט ער געענטפערט: „דער קריסטליכער גאט מוז זיין זעהר א גוטער, ווען ער קוקט זיך צו די אלע מיאוסע מעשים, וואס ווערען אבגעטאן אין רוי און שווייגען". „מיין עצה איז — זאגט לוטער ווייטער — צו בעגעהן זיך מיט יודען קליגער. ווי קענען מיר ערווארטען, אז זיי זאלען קומען צו אונז, ווען מיר אליין פערטרייבען זיי פון זיך, ווען מיר מאכען אויף זיי בלבולים, בעשולדיגענדיג זיי אין געברויכען קריסטליך בלוט און אין נאך אזעלכע נארישקייטען? ווי קענען זיי זיך צונויפגעהן מיט אונז, ווען מיר פערבאטען זיי צו ארבייטען צווישען אונז, צו פערנעהמען זיך מיט מלאכה, ווען מיר שליסען זיי אוים פון דער ארומיגער וועלט און טרייבען זיי צו פערנעהמען זיך מיט פראצענט? אויב מען וויל העלפען יודען, דארף מען צו זיי אנווענדען ניט דעם פויפסטליכען, נאר דעם קריסטליכען געזעץ פון ליעבע, אויפנעהמען זיי פריינדליך, געבען זיי א מעגליכקייט צו ארבייטען און האנדלען צוזאמען מיט אונז, כדי זיי זאלען קענען זעהען, ווי עס לעבען און גלויבען די קריסטען".

די דאזיגע מיינונגען וועגען יודען האט לוטער אין גיכען ראדיקאל געביטען. לויט זיינע פערזענליכע געפיהלען און נייגונגען איז לוטער קיינמאל נישט געוועזען קיין יודע־פריינד; אין איהם איז געלעגען טיעף בעהאלטען דער געוועזענער פאנאטישער מאנאך מיט זיין געבוירענעם יודענהאס, און אויב ער איז אין אנהויב פון דער רעפארמאציע ארויסגעטרעטען אלס פערטיידיגער פון יודען, האט ער דאס געטאן נישט צוליעב דער יודישער טובה, נישט צוליעב יושר און גערעכטיגקייט, נאר צוליעב

דעם, וואס ער האט געהאפט אריבערצוציהען די יודען אין לאגער פון די רעפארמאטארען. צי איז ער די ערשטע צייט געווען באמת פערגלויבט אין זיינע גוטע רעד וועגען יודען, אדער ער האט בעוואוסטזיניג ארויפגענומען אויף זיך א מאסקע — דאס איז שווער צו בעשטימען. יעדענפאלס איז קלאר, אז אויך דאן, ווען לוטער האט פערטיידיגט יודען, איז דאס נישט געווען קיין טיפע איבערצייגונג און ווען עס איז געקומען דער ענטשפרעכענדער מאמענט דערצו, האט דאס געבוירענע אנטיסעמיטישע געפיהל גובר געווען דעם שכל און דעם פראקטישען חשבון. אין אנהויב פון זיין קאריערע האט לוטער געהאפט, אז איהם וועט זיך איינגעבען צו געפינען צווישען יודען פיעל הייסע אנהענגער פאר זיין לעהרע, וואס האט געזאלט זיין א סינטעז פון אלטען און נייעם טעסטאמענט, נאר ווען די דאזיגע נייאיווע האפנונגען זיינע זענען ניט ערפילט געווארען, ווען דאס אלטע פאלק, וואס האט געשאפען די ביבעל און ארויסגעגעבען פון זיך קריסטוס'ען, איז ווייטער געבליבען א בעזונדער פאלק און נישט געוואלט אננעהמען קיין נייע תורה — דעמאלט האט לוטער זיך בעליידיגט און בעשלאסען, אז יודען זענען ווערט דעם שטעקען, אז צוליעב זייער איבעריגער עקשנות האבען זיי פערדיענט די רדיפות און צרות, וואס זענען אויף זיי געקומען.

אין גיכען איז דער גרויסער רעפארמאטאר געווארען א פאלקאמער יודענפיינד, און די פראטעסטאנטען האבען אין זייער שנאה צו יודען זאגאר איבערגעשטיגען די פאנאטישע קאטוליקען. די רעזולטאטען פון דער דאזיגער ענדערונג האבען פאר יודען זיך באלד געלאזען פיהלען; גראד צו יענער צייט האט זיך געשמועסט, אז דער זאקסישער קורפירשט יאהאן=פרידריך, וואס איז אינגאנצען געשטאנען אונטער דער השפעה פון לוטער'ען, האט בעשלאסען ארויסצוטרייבען יודען פון זיין מלוכה. דער דעמאלדיגער אפיציעלער יודישער שתדלן יאסעלמאן פון ראזהיים האט אנגעהויבען אבשלאגען די טהירען פון אלע „גרויסע" און ווען דאס האט נישט געהאלפען, איז ער אוועק צו לוטער'ען, וועלכען מען האט נאך דעמאלט געהאלטען פאר א יודענפריינד. נאר לוטער האט זיך זאגאר אבגעזאגט אויפצונעהמען דעם יודישען שתדלן און איהם אבגעענטפערט מיט א בריעף, אין וועלכען ער האט אויסגעגאסען זיין גאנצען גרימצארן אויף יודען. יודען, האט לוטער אין זיין בריעף געשריבען זענען א פערשאלטען פאלק. ער איז פריהער ארויסגעטרעטען מיט א פערטיידיגונג פאר אידען, ווייל ער האט געהאפט

ארויפצופיהרען זיי אויפ'ן וועג פון אמת; יודען זענען אבער פער'עקשנט, ווילען נישט אנערקענען דעם אמת פון עוואנגעליום, און דעריבער גרייט ער, לוטער, יעצט צו א טראקטאט געגען יודען און נישט בלויז, וואס ער וועט זיי מעהר נישט פערטיידיגען, נאר ער וועט זיך נאך סטארען זיי שלעכטס צו טאן.

זיין ווארט האט לוטער געהאלטען. ארום 1544 האט ער פערעפענטליכט צוויי עכט-אנטיסעמיטישע ווערק: „וועגען יודען און זייער פאלשקייט" און „שם המפורש". דארט לויבט לוטער די שפאנישע קעניגען, וואס האבען פערטריבען יודען פון זייער לאנד און עצה'ט „צום רוהם פון אונזער גאט און קריסטענטום", צו מאכען אשפה פון די יודישע שוהלען, חרוב צו מאכען די יודישע הייזער, צוצונעהמען ביי יודען די סידורים און די גמרות, צו פערבאטען די רבנים לערנען תורה מיט'ן פאלק און נאך מעהר בעגרענצען יודען אין האנדעל. „ווען איך וואלט האבען א שליטה איבער יודען, האט לוטער געשריבען, וואלט איך צונויפגעזאמעלט אלע זייערע גרעסטע מענשען און וואלט פון זיי געפאדערט צו בעווייזען די מיינונג זייערע, אז מיר, קריסטען, דינען בלומרשט נישט איין און איינציגען גאט, דען אנדערש דארף מען זיי אויסשניידען די צינגער". נאך נישט לאנג פאר זיין טויט האט לוטער אויפגעהעצט זיינע אנהענגער געגען יודען און זיי געבעטען צו רודפ'ן זיי חרמה און צו צווינגען זיי מיט געוואלט, זיי זאלען זיך שמד'ען. אויף אזא אופן איז אויך די רעפארמאציע נישט געווען קיין ישועה פאר יודען, וועלכע זענען געשטאנען צווישען צוויי פייערען, און גערעכט איז געווען דער אלטער הומאניסט עראזמוס, ווען ער האט געזאגט: אויב זיין א גוטער קריסט הייסט פיינד האבען יודען, דאן זענען מיר אלע גוטע קריסטען.

עס וואלט פון דעסטוועגען זיין זעהר נישט ריכטיג, ווען מען זאל זאגען, אז די רעפארמאציע איז אריבער פאר יודען אהן א שום שנוי צום גוטען. א דאנק דער רעפארמאציע האט אייראפא אנגעהויבען זיך בעקאנען מיט דער יודישער תורה און זי צו שעצען. די מלכים און די פראפעסארען פון די אוניווערזיטעטען האבען אנגעהויבען לערנען די העברעאישע שפראך. די גרעסטע אייראפעאישע מענער האבען גענומען לעקציעס ביי יודישע געלעהרטע, די התקרבות צווישען די קריסטען און יודען איז דאדורך פערגרעסערט געווארען און א דאנק דעם זענען אבגעשאפט געווארען פיעל פאראורטיילען און

שלעכטע מיינונגען וועגען יודען. און דאָך איז די יודישע לאַגע פּאַקטיש געבליבען שלעכט, ווי פריהער. וואָס איז די סיבה דערפון?

דאָס אומגליק פון די דייטשע יודען איז בעשטאַנען דערין, וואָס זיי זענען געווען אָבהענגיג ניט פון רצון פון איין מענשען, ניט פון איין הערשער, נאָר פון פיעל. דייטשלאַנד איז נאָך דעמאָלט געווען אַ צוריסען לאַנד און די מאַכט איז געווען צוטיילט צווישען קייזער, קורפירשטען, פעאָדאַלע פירשטען און אויטאָנאָמישע שטעדט. עס פלעגט זיך אָפט מאַכען, אַז די מאַכט פון אַ געוויסער שטאָדט האָט פּלוצלינג, צוליעב דער אָדער יענער סבה, בעשלאָסען אַרויסצוטרייבען יודען פון שטאָדט. די יודען האָבען דאַן נאָר געקענט אַפּעלירען צו זייער העכסטען מושל, דעם קייזער, ביי וועלכען די יודען זענען פערערעכענט געווען פאַר „קאַמער־קנעכט", פאַר זיין פּערזענליך אייגענטום; דער קייזער פלעגט אָפט ניט וועלען איינרייסען צוליעב יודען מיט די אויטאָנאָמישע שטעדט, און אַמאָל, ביי'ם בעסטען ווילען, איז ער ניט אימשטאַנד געווען עפּעס אויפצוטאָן. דעריבער זעהען מיר, אַז פון ענדע 15־טען יאָהרהונדערט ווערן יודען אַרויסגעטריבען פון אַ ריי־הע שטעדט אין דייטשלאַנד און אין עסטרייך, און דער קייזער קען ניט אָדער וויל ניט שטערען אין דעם. פון דער צווייטער זייט לוינט דעם קייזער זעהר ניט צו פערלירען אַזאַ שמאַלץ־גרוב, ווי יודען, און ער גיעט דעריבער די אַרויסגעטריבענע יודען אַ בית־מקלט אין איינער פון די אַנדערע פּראָווינצען זיינע, אַזוי אַז יודען וואַנדערען פון איין שטאָדט אין דער צווייטער.

דער קייזער מאַקסימיליאַן I (1493—1519) האָט בעקומען, ווי עס דערצעהלט די לעגענדע, אַ צוואה פון זיין פאָטער פרידריך III, אַז ער זאָל בעשיצען יודען פון זייערע פיינד, און עס קען זיין, אַז מאַקסימיליאַן איז געווען גרייט צו ערפילען די דאָזיגע צוואה. ער איז אָבער געווען צו שוואַך, אום צו פיהרען אַ סיסטעמאַטישען קאַמפּף מיט די יודישע שונאים און דעריבער זעהען מיר, ווי דער קייזער וואַקלעט זיך כסדר אין זיין בעציהונג צו יודען; אַמאָל פערטיידיגט ער זיי ווירקליך, אָדער פערזיכערט זיי, אַז ער וועט זיי פערטיידיגען, און אַמאָל לאָזט ער די יודישע פיינד אַרויסטרייבען זיי פון שטאָדט און זיי אונמענשליך בעליידיגען. אין זיין צייט זענען יודישע גירושים, ענויים, בעליידיגונגען און מערטירער־טויטען — געווען אַ געוועהנליכע ערשיינונג, אַזוי אַז יודען האָבען אין יענער צייט זאָגאַר

פערפאסט א ספעציעלען נוסח פון ודוי פאר די קדושים, וואס וועלען שטארבען אויף קדוש־השם. נאך אין אנהויב פון זיין קעניגען האט זיך אין פערשידענע שטעדט פון דייטשלאנד אנגעהויבען א שרעקליכע העצע געגען יודען, ווי עס שיינט, אין צוזאמענהאנג מיט די קלאגנגען, אז מען האט יודען ארויסגעטריבען פון שפאניען. אין 1494 האט דער שטאדט־ראט פון נירנבערג אנגעהויבען זיך משתדל זיין פאר׳ן קייזער וועגען ארויסטרייבען יודען. אין 1498 האט מאקסימיליאן געגעבען זיין הסכמה אויף דער בקשה און די יודען האבען בעקומען א בעשטימטען טערמין צו פערלאזען די שטאדט: פיער מאנאטען, נאר זיי האבען אויסגעבעטען א פערלענגערונג אויף נאך דריי מאנאטען. צום בעשטימטען טערמין האבען אלע יודען פון דער אלטער יודישער קהלה אין נירנבערג פערלאזען די שטאדט און זייער גאנץ פערמעגען — די הייזער, שוהלען און בית־עלמין זענען איבערגעגאנגען אין רשות פון דער שטאדט, וועלכע האט דערפאר בעצאהלט דעם קייזער 8350 גולדען. דערביי האט די שטאדט נאך בעקומען פון קייזער א „פריווילעגיע״ אויך אויף ווייטער נישט אנצונעהמען ביי זיך קיין יודען, און ווירקליך זענען פון דעמאלט אן קיין יודען אין נירנבערג נישט אריינגעלאזען געווארען און די דארטיגע יודישע קהלה איז ווידער אויפגעבויט געווארען ערשט אין דער צווייטער העלפט פון 19־ען יאהר־הונדערט.

בעת׳ן הערשען פון קייזער מאקסימיליאן זענען יודען ארויסגעטריבען געווארען אויך פון א רייהע אנדערע שטעדט: נערדלינגען, מאגדעבורג און קאלמאר, נאר בעזונדערס האט זיך אנגעליטען די עלטסטע יודישע געמיינדע אין רעגענסבורג. דא האבען זיך פעראייניגט דער רעליגיעזער פאנאטיזם מיט דער האנדעלס־קאנקורענץ און די קריסטליכע סוחרים און האנדווערקער האבען שוין לאנג זיך בעמיהט, אז מען זאל ארויסטרייבען יודען פון שטאדט, נאר מאקסימיליאן, פונקט ווי זיין פאטער, האט זיך נישט געאיילט געבען זיין הסכמה דערויף. דאן האבען די גייסטליכע און דער מאגיסטראט געפרובט אויסרופען א בויקאט געגען יודען, מ׳זאל ביי זיי קיין זאך נישט קויפען און אויך זיי נישט פערקויפען קיין מעהל און אנדער עסענוואארג; דאס האט אבער אויך נישט אנגעהאלטען. די יודען זענען פערבליבען אין רעגענסבורג, הגם זייער לאגע איז געווען זעהר א שלעכטע און ערשט נאכ׳ן טויט פון מאקסימיליאן האט דער יודענפיינדליכער פארטיי זיך איינגעגעבען דורכצופיהרען איהר פלאן. נאך ערגער איז געווען די לאגע פון די יודען אין עסטרייך. די

איינוואוינער פון שטיריען און קארינטיען האבען געבעטען דעם קייזער מאקסימיליאן, ער זאל ערלויבען ארויסצוטרייבען די יודען און איהם מבטיח געווען אומצוקעהרען די היזקות, וואס ער וועט ליידען פון דעם גירוש. מאקסימיליאן, וועלכער האט אין איינינע פעלען מיט עקשנות פערטיידיגט די יודען, האט דא נאכגעגעבען דעם וואונש פון די יודענ-פיינד און אין 1496 זענען יודען ארויסגעטריבען געווארען פון די אויבענ-דערמאהנטע פראווינצען, נאר בעקומען דאס רעכט צו בעזעצען זיך אין איינינע אונגארישע שטעדט. דער דאזיגער אינצידענט האט צוגעגעבען מוט די קריסטען פון וויען און אנדערע עסטרייכישע שטעדט, וועלכע האבען אנגעהויבען זיך ווענדען צום קייזער מיט בקשות וועגען ארויס-טרייבען יודען. די אלע בקשות האט מאקסימיליאן ערפילט, נאר דאך האט ער זיך אבגעהאלטען ארויסצוגעבען א דעקרעט וועגען ארויסטרייבען די יודען, ווייל איהם זענען א שאד געווען די גרויסע שטייערען, וואס ער האט פון יודען בעקומען. דאן האבען די קריסטליכע פארשטעהער אנגעהויבען זיך בעקלאגען פאר'ן קייזער, פארוואס ער פערטיידיגט די יודען, „וואס ווערען פון אומעטום ארויסגעטריבען" און פארוואס ער ער-לויבט די ארויסגעטריבענע יודען פון איין שטאדט זיך בעזעצען אין א צווייטער. אויף די אנקלאגען און בקשות האט מאקסימיליאן ענדליך געמוזט געבען א ענטפער. אין 1518 האט ער ערקלערט, אז ארויס-טרייבען יודען מיט איינמאל אין לאזען זיי עמיגרירען אין א צווייט לאנד, קען ער נישט, און דעריבער ערלויבט ער זיי צו וואוינען אין איינינע עסטרייכישע שטעדט ביי דער גרענעץ, נאר פון וויען און וויענער ראיאן דארפען ארויסגעטריבען ווערען אלע יודען, אויסער איי-נעם, הירשעל, א גרויסער יודישער באנקיר. דער גירוש פון יודען איז טאקי פארגעקומען נאך אין דעם זעלבען יאהר.

ביי אזא אונזיכערער לאגע, ווען די יודען זענען שטענדיג געווען אבהענגיג פון די פאליטישע אדער פינאנציעלע חשבונות פון קייזער, און יעדער קלענסטער ווינט האט זיי געקענט אומברענגען, איז ענטשטא-נען א ספעציעלער טיפ פון יודישע פערטרעטער: שתדלנים, וועלכע זענען געווען ווי בעפאלמעכטיגטע פון כלל ישראל און פלעגען זיך מיט אלע מיטלען סטארען, אבצושאפען די גזירות געגען יודען. די שתדלנים אין יענער צייט זענען געווען זעהר נוצליך און האבען געשפילט א גרויסע ראליע אין לעבען פון די דייטשע יודען. דער אנגעזעהענסטער פון זיי איז געווען יאזעלמאן פון ראזהיים (1478–1554). א געבוירענער אין

עלזאס, האט יאזעלמאן נאך אין די קינדער־יאהרען זיך אנגעהערט וועגען פערשידענע רדיפות און מערטירער־טויטען פון יודען אין יענער פראווינץ, וואו דער יודענהאס איז פון שטענדיג געוועזן זעהר שטארק. ער האט געהאט סמיכות אויף רבנות און מאקסימיליאן האט איהם בעשטימט אלס הויפט־רב און מנהיג פון אלע יודישע געמיינדעס. אין די אפיציעלע דאקומענטען האט יאזעלמאן געהייסען „רעגירער דער יודען“, און אויף איהם איז אויך געלעגען דער חוב אויפצומאהנען פון די יודען אלע שטייערען פאר'ן קייזער; דערפאר האבען יודען אויף איהם געקוקט, ווי אויף א רעגירונגס־בעאמטען און איהם נישט געוואלט אנערקענען אלס זייער הויפט־רב. נאר אין גיכען האבען יודען זיך איבערצייגט, אז יאזעלמאן איז מיט לייב און לעבען טריי די יודישע אינטערעסען און דער צוטרוי צו איהם איז געווארען זעהר גרויס. מען האט זיך איבערצייגט, אז ער ארבייט פאר יודען מיט מסירת־נפש און האט נישט קיין פערזענליכע פניות און ער איז געווארען בעליעבט און געאכטעט פון אלע, וואס האבען איהם געקאנט. ער האט זיין גאנץ לעבען און פערמעגען אבגעגעבען לטובת יודען, און וואו ערגעץ א צרה, דארט איז באלד געוועזן יאזעלמאן, וועלכער האט מיט אלע קרעפטען, אמאל דורך תחנונים און אמאל דורך געלד, זיך געסטארעט צו העלפען די געפלאגטע. נאך פאר מאקסימיליאנ'ען האט זיך איהם איינגעגעבען אבצושאפען איינינע גזירות געגען יודען, נאר בעזונדערס גרויס און נוצליך איז געוועזן זיין טעטיגקייט ביי'ם קעניגען פון קארל V, אין דער עפאכע פון דער רעפארמאציע.

מאקסימיליאן איז געשטארבען, און נאך א פויזע פון זעקס חדשים, ווען פערשידענע פרעטענדענטען האבען געקעמפפט פאר'ן טראן, איז קייזער פון דייטשלאנד געווארען קארל V, דער קעניג פון שפאניען. מען האט געקאנט ערווארטען, אז דער דאזיגער קעניג פון לאנד פון דער אינקוויזיציע וועט אויך דא איינפיהרען די אלע שרעקען, וואס אין שפאניען, נאר צום גליק האט זיך ארויסגעוויזען, אז די שרעק איז א אומזיסטע. אין יאהר, ווען קארל איז ארויפגעטרעטען אויפ'ן טראן, איז צו איהם געקומען — נישט מיט לעדיגע הענד — דער יודישער שתדלן יאזעלמאן און זיך אויסגעסטייערט, אז די אלטע „רעכטען און פריווילעגיעס“ פון די דייטשע יודען זאלען בעשטעטיגט ווערען. אין פערלויף פון דער צייט, וואס קארל האט געקעניגט, איז אבער דעם יודישען שתדלן אויסגעקומען צו פיהרען א שטענדיגען קאמפף געגען

דעם פערלאנג פון די יודישע שונאים אבצונעהמען ביי זיי אויך דאס ביסעל רעכט, וואס זיי בעזיצען. נישט איינמאל האט זיך איהם טאקי איינגעגעבען אבצוראטעווען די יודען פון גרויסער געפאהר. בעת דער פויערן־רעוואלוציע אין דער צייט פון דער רעפארמאציע, האבען די יודען פון עלזאס, דרום־דייטשלאנד און טהירינגען זיך געפונען אין א ערנסטער געפאהר. די פערקנעכטעטע פויערן זענען געווען גרייט אנצופאלען אויף יודען, אויף וועלכע זיי האבען געקוקט, ווי אויף שולדיגע אין זייער שקלאפעריי און ערנידערונג. יאזעלמאן איז דאן אוועק צו די אנפיהרער פון די אויפגעשטאנענע פויערן און דורך גוטע רייד, דורך תחנונים און געלד האט ער ביי זיי געפועל'ט, אז מען זאל די יודען נישט אנריהרען. איהם האט זיך אויך איינגעגעבען אבצוראטעווען זיין אייגענע שטאדט ראזהיים. דערוויסענדיג זיך, אז א באנדע פויערן האבען ארומגערינגעלט ראזהיים, איז יאזעלמאן אהין אוועק ביינאכט, אויפגעוועקט ביידע דארטיגע בורגמיסטערען און מיט איינעם פון זיי אוועק אין לאגער פון די בונטאוושטשיקעס, ביי וועלכע ער האט פאר א געוויסער סומע געלד געפועלט, זיי זאלען אבטרעטען פון שטאדט. אויף אזא אופן האט ער אבגעראטעוועט פון טויט נים בלויז יודען, נאר אויך די קריסטליכע בעפעלקערונג.

אין 1530 האבען די דייטשע פירשטען, וואס האבען זיך פערזאמעלט אויף דעם בעריהמטען סיים אין אויגסבורג, צוגעגרייט א רייהע גזירות און בעגרענצונגען פאר יודען, ווייל די יודענפיינדליכע פארטיי האט פונאנדערגעלאזען קלאנגען, אז יודען שטיצען מיט געלד און העלפען אין שפיאנאזש דער טערקישער ארמעע, וואס איז דעמאלט אריינגעדרונגען אין אונגארן און געדראהעט דער דייטשער מלוכה. מען האט געוואלט ארויסטרייבען יודען פון איינגיגע פראווינצען און צונעהמען ביי זיי דאס רעכט צו פערנעהמען זיך מיט פראצענט און מיט קרעדיט־אפעראציעס. דעמאלט איז יאזעלמאן אוועק קיין אויגסבורג, צוגעשטעלט דעם קייזער א ערקלערונג און דערשלאגען זיך, אז עס זאל בעשטעטיגט ווערן די אלטע חארטיע, לויט וועלכער יודען האבען געהאט דאס רעכט פריי צו וואוינען אומעטום, פערנעהמען זיך מיט פראצענט אויף געוויסע בעדינגונגען און זיין פערזיכערט מיט'ן לעבען און פערמעגען. כדי אויף וויטער איינצופיהרען גוטע בעציהונגען צווישען יודען און קריסטען און ארדבצעוואשען פון יודען די בעשולדיגונג, אז זיי עקספלאאטירען צופיעל די קריסטען דורך פראצענט,

האט יאָזעלמאַן דערמאָלט צונויפגערופען א פערזאמלונג פון די רבנים און פרנסים און אויסגעארבייט צעהן תקנות וועגען האנדעל און פראָצענט. עס איז פערבאָטען געוואָרן צו נעהמען פערמאַסקירטע פראָצענטען, ד. ה. נעהמען העכערע פרייזען פאר די סחורות, וואס ווערן געגעבען אויף קרעדיט; נעהמען גרויסע פראָצענטען אויף קורצטערמיניגע הלואות; נעהמען אויף משכנות געראבירטע אָדער גענב'טע זאכען; קויפען אָהן דער ידיעה פון די עלטערן זאכען ביי קינדער; אנגעבען אין געריכט א תביעה צו די יורשים פון געשטארבענעם לוה קען מען נישט אנדערש, סיידען די יודישע געמיינדע האט פריהער בעטראכט די ריכטיגקייט פון דער תביעה; יודען, וואס בארגען געלד אָדער סחורה ביי קריסטען און ציהען זיך בכיון איבער אין א צווייטע שטאָדט, כדי צו בעפרייען זיך פון צאָהלען דעם חוב, ווערן אריינגעלעגט אין „גרויסען חרם"; אויב קריסטען מאָהנען עפּעס ביי יודען, זענען די רבנים און די פאר-שטעהער פון די יודישע געמיינדעס מחויב צו בעטראכטען די תביעות און ארויסגעבען א שטרענגען און גערעכטיגען פסק-דין; אלע יודען זענען מחויב צו געבען וויסען די פארשטעהער פון די געמיינדעס, אויב זיי ווייסען עפּעס וועגען איינעם, וואס איז זיך בעגאנגען נישט עהרליך מיט א קריסט. אט די צעהן תקנות האט יאָזעלמאַן אריינגעטראָגען אין די אָפיציעלע אקטען אין אויגסבורג בעת דעם סיים און דערביי צוגעגעבען א ערקלערונג, אז יודען זענען זיך מתחייב הייליג צו היטען די דאָזיגע תקנות, אויב נאָר די דייטשע פירשטען וועלן אויך פון זייער זייט היטען די יודישע רעכטען, זיי לאָזען צו-רוה אין די ערטער, וואו זיי וואוינען, און נישט אויסטראכטען אויף זיי קיין אומזיסטע בלבולים.

דערמיט זענען אָבער נאָך כלל נישט איינגעשטעלט געוואָרן קיין גוטע בעציהונגען צווישען יודען און קריסטען. יודען האָבען נאָך קיין רוה נישט בעקומען און מיר זעהען נאָך אין די שפּעטערדיגע יאָהרען, ווי דער יודישער שתדלן יאָסעלמאַן לויפט און וואנדערט פון איין אָרט אין צווייטען מיט פערשידענע השתדלות'ן: דאָ וועגען אבשאפען נייע בע-גרענצונגען געגען יודען, דאָרט וועגען בעפרייען יודישע ארעסטאַנ-טען, וואס זענען בעשולדיגט אין קריסטליך בלוט, און אין אַנ'אַנדער אָרט וועגען בעשטעטיגען די אַלטע יודישע פריווילעגיעס. אין 1541 איז אין בייערן נישט לאנג פאר פסח פערשוואונדען געוואָרן א קריסטליך יונגעל, וועלכען מען האט דערנאָך געפונען טויט אין וואלד. די קריסטען האָ-בען בעשולדיגט יודען אין דער ערמאָרדונג פון יונגעל און דער אייפשטעטער

בישאָף האָט, שטיצענדיג די דאָזיגע בעשולדיגונג, געהייסען אַרעסטי־רען עטליכע יודען און געפאָדערט פון דאָרטיגען הערצאָג, אַז ער זאָל אָננעמען רעפּרעסיעס זעגען יודען בכלל, יאָזעלמאַנ׳ען האָט זיך צום גליק איינגעגעבען צו דערווייזען, אַז די בעשולדיגונג איז אַ פאַל־שע, און די אַרעסטירטע זענען בעפרייט געוואָרען. אין יענער צייט האָט זיך געפונען אַ געלעהרטער אַ פּראָטעסטאַנט, וואָס האָט געהאָט די דרייסטקייט צו פערעפענטליכען אַנאָנים אַ ביכעל („יודענביכליין”) געגען עלילת-דם. אין דעם ביכעל בעווייזט דער אויטאָר, אַז פערגיסען בלוט איז געגען דער יודישער רעליגיע און אַז די אַלע בלבולים זע־נען נישט מעהר, ווי אַ פּרעכער ליגען. וואָס איז אויסגעטראַכט גע־וואָרען דורך די מאָנאַכען. דאָס דאָזיגע ביכעל האָט נאַטירליך אַרויס־גערופען אַ טומעל, און דער בעוואוסטער ד״ר עקק, דער געגנער פון לומער און פיהרער פון די קלעריקאַלען. איז אַרויסגעטרעטען מיט אַ ענטפער, אין וועלכען ער חזר׳ט איבער אַלע אַלטע בעשולדיגונגען פון די יודענפיינד און בעקלאָגט זיך, וואָס יודען לעבט זיך אַזוי „פריי” אין דייטשלאַנד.

ביסלעכוויין זענען יודען פערטריבען געוואָרען פון פערשידענע שטעדט און אין גאַנץ דייטשלאַנד זענען נאָך פערבליבען צוויי גרויסע יודישע געמיינדעס: פראַנקפורט אַם מיין און וואָרטס, אָבער אויך דאָרט איז די יודישע לאַגע געוואָרען אַלץ ערגער. אין פראַנקפורט האָבען יודען געלעבט אין אַ בעזונדער קוואַרטאַל (געטאָ) און געמוזט ליידען פערשידענע בעליידיגונגס-בעגרענצונגען. יודען האָבען נאָך אַלץ געמוזט טראָגען אַ בעזונדער צייכען אויף די מלבשים; יודען איז פער־באָטען געוואָרן צו האַלטען ביי זיך קריסטליכע דינערשאַפט; די יודי־שע הייזער האָבען לויט דער פעראָרדנונג פון מאַגיסטראַט געמוזט בע־צייכענט ווערן דורך ספּעציעלע שילדען — ווייסע, גרינע אָדער רויטע פאַרב רויט-שילד, דערפון שטאַמט די פאַמיליע פון די בע־וואוסטע גרינדער פון גרויסען באַנק-הויז ראָטשילד, מיט ספּעציעלע, אַ מאָל זעהר, בעליידיגענדע אויפשריפטען, ווי „צום עזעל” און ד. גל. גאָר אויך דאָס ביסעל רעכט, וואָס יודען האָבען געהאַט, איז שטענדיג געשטאַנען אין סכנה ווייל די קריסטליכע צעהען און נידעריגערע קלאַסען האָבען נישט אויפגעהערט צו אַגיטירען געגען יודען, פאָדערן מען זאָל זיי אַרויסטרייבען פון שטאָדט און בעשולדיגען דעם מאַגיסטראַט.

וואס איז בעשטאנען פון אריסטאקראטען, אז פאר געלד פערטיידיגט ער די יודישע אינטערעסען.

קוים איז אנגענומען געווארן, אז דער מאגיסטראט האט דאס רעכט ארויסצוטרייבען יעדען יודען בעזונדער, איז דאס דאזיגע רעכט ביסלעכווייז פערשפרייט געווארן אויף אלע יודען צוזאמען. אזוי האבען טאקע אין ניכען געטאן די צעהען, וועלכע האבען צו יענער צייט בכלל געפיהרט א הארטען קאמפף מיט דער אריסטאקראטיע. די אנפיהרער פון שטעדטישען המון האבען אויסגעקליבען א גינסטיגע פאזיציע און דעם גאנצען קאמפף געגען דעם מאגיסטראט קאנצענטרירט ארום דער יודען-פראגע. די דעמאקראטישע אנפיהרער האבען מיט אלע קרעפטען זיך געשטארעט, אז מען זאל מיט איין מאל ארויסטרייבען אלע יודען פון שטאדט. די פיהרער פון מאגיסטראט זענען צייטענווייז זיך בעגאנגען מיט יודען „רחמנות'דיג" און נישט שטענדיג אנגעווענדעט געגען זיי דעם הארבען דין אין זיין בוכשטעבליכען זין. זיי האבען אלזא פערטיידיגט די יודען פון די אנפאלען פון המון און כל זמן זיי זענען געשטאנען אויף דער זייט פון יודען, איז די שרעק פאר'ן המון געווען נישט געפעהרליך. אבער אין ניכען האט אין שפיץ פון המון זיך געשטעלט א ענערגישער יודענפרעסער, וועלכער האט אנגעווארפען א פחד זאגאר אויף דעם מאגיסטראט, און דאן איז די דעמאקראטישע בעוועגונג געווארן אויסערסט געפעהרליך. דער דאזיגער ענערגישער מאן איז געווען ווינצענץ פעטמילך, א איינפאכער בעקער, וועלכער האט זיך אליין א נאמען געגעבען „דער נייער המן", און האט דעם נאמען כשר פערדיענט. א דאנק זיין ענערגיע און נעבויערענער פעהיגקייט צו זיין א אנפיהרער פון המון, האט דאס פראסטע פאלק איהם כמעט פערגעטערט און אין איהם שטארק געגלויבט. ער איז געווארן דער אנפיהרער פון דער דעמאקראטיע און אויפ'ן ערשטען פלאן געשטעלט דעם קאמפף געגען יודען. ער האט אבגעדרוקט א בראשור, אין וועלכער עס זענען אויסגערעכענט געווארן אלע געזעצען און דינים וועגען דער „יודענשטעטיגקייט" און זיך געשטארעט בעווייזען, אז די אלע געזעצען וועגען יודען ווערען נישט אבגעהיט. די בראשור איז אין פיעל עקזעמפלארען פונאנדערגעטיילט געווארן צווישען די קריסטליכע קרעמער און האנדווערקער און געהאט א גרויסע ווירקונג. מען האט עפענטליך אנגעהויבען רעדען, אז מען דארף מאכען א פאגראם אויף יודען און זיי ארויסטרייבען פון שטאדט, און מען האט שוין זאגאר עטליכע מאל

בעשטימט דעם טאג פון דעם פאגראם. וואס ווייטער איז די לאגע
געווארן אלץ ערגער. פעטמילך און זיין חבריא האבען אלץ העכער
אויפגעהויבען דעם קאפ און אנגעהויבען ביסלעכווייז פערחאפען אין
זייערע הענד די ממשלה איבער די שטאדט-אנגעלעגענהייטען. קיין
פראנקפורט זענען געקומען די קאמיסארען פון קייזער און דעלעגאטען
פון דעם פירשט לודוויג פון העססען-דארמשטאדט, וועלכע האבען זיך
געסטארעט מאכען שלום צווישען די שטאדט-ראטען און די בירגער און
דערמיט פערהיטען פון אנפאלען אויף יודען, אבער עס האט ניט גע-
האלפען. דעם ערשטען טאג שבועות האבען פעטמילך'ס חברים זיך
אריינגעריסען אין דעם יודישען געטא. די יודען האבען שוין פריהער
געוואוסט, אז זיי שטעהט פאר א סכנה, און דערוויל ארויסגעשיקט
זייערע פרויען און קינדער. די לאגע איז נאך ערגער געווארן דער-
מיט, וואס די קאמיסארען, וועלכע האבען געוואלט איינשטילען די
אונרוהען, האבען געסטראשעט דעם המון, אז מען וועט איהם שטרענג
בעשטראפען. פעטמילך און זיין חבריא זענען געווארען נאך מעהר
אויפגערעגט און בעשטימט א טאג, ווען עס וועט זיך אנהויבען דער
אמת'ער פאגראם. יודען איז מעהר ניט געבליבען, ווי פאסטען, גאט
בעטען און ווארטען שטיל אויף דעם נאהענטען שטורם, וואס דארף
קומען. דער טאג פון פאלקס-צארן און נקמה איז ענדליך געקומען.

כ"ז אלול שע"ד (11 סעפטעמבער 1614), ווען די יודען האבען
זיך געפונען אין שוהל, האט דער ווילדער המון אנגעהויבען בעלאגערן
די טויערען פון געטא. עס איז געווארען א שרעקליכע מהומה. א טייל
יודען האבען זיך בעוואפענט און ארויסגעטרעטען געגען המון מיט גע-
וועהר אין די הענד. עס האט זיך אנגעהויבען א שלאכט און פון ביידע
צדדים זענען געפאלען עטליכע פערוואונדעטע און הרוגים, אבער סוף
כל סוף האט פעטמילך'ס קאמפאניע גובר געווען און דאן האט דער
המון אנגעהויבען אויסגיסען זיין שרעקליכען צארן: מען האט געראבע-
וועט און געהרג'עט, געשענדעט די ספרי-תורות, געבראכען די יודישע
הייזער און אז. וו.. דער פאגראם האט געדויערט א טאג מיט א נאכט.
א טייל יודען האבען זיך אויסבעהאלטען אין די הייזער פון זייערע בע-
קאנטע קריסטען, אבער דאס רוב איז ענטלאפען אויפ'ן יודישען בית-
הקברות און דארט זיך אויסגעלעגט אויף דער ערד, צוגעדריקט איינער
צום צווייטען און געווארט אויף זייער סוף. א טייל יודען האבען זיך
אנגעטהון תכריכים און געווארט אויפ'ן טויט; און אלס א גוטע בשורת

האָבען יודען אויפגענומען די ידיעה, אַז מען וועט זיי ניט אויס'הרג'נען און אַז זיי האָבען דאָס רעכט צו פערלאָזען די שטאָדט. אַנ'ערך 14 הונדערט יודען, נאַקעט און הויל, האָבען פערלאָזען די שטאָדט און געגאַנגען זוכען אַ היים.

דער מאַגיסטראַט איז געווען ברוגז אויף דעם פאָגראָם און אויך דער קייזער האָט געשיקט איין בעפעהל נאָכ'ן צווייטען צו בעשטראָפען שטרענג די פאָגראָמשטשיקעס, אָבער דאָס אַלץ איז ניט געווען אַרויסגעזאָגט אין אַ פעסטען טאָן. די דייטשע פירשטען, צו וועלכע דער קייזער האָט געשיקט זיינע פעראָרדנונגען, זענען ווינציג ענערגיש געווען אין זייערע מעשים און דעריבער האָט פעטמילך זיך ניט דערשראָקען און ווייטער אָפען געטהון זייניגעס. די פראַנקפורטער יודען זענען אומגעקעהרט געוואָרען צו זייערע הייזער ערשט דאַן, ווען דערזעלבער פאָגראָם האָט זיך איבערגע'חזר'ט אויך אין וואָרמס און די מעשים פון די יודענפיינד האָבען שוין איבערגעשטיגען יעדע מאָס און גרעניץ.

אין וואָרמס איז די לאַגע געווען עטוואָס אַנדערש, ווי אין פראַנקפורט. דאָרט זענען געגען יודען געווען שוין ניט די האַנדווערקער-צעכען, נאָר אויך די מיטגליעדער פון מאַגיסטראַט. און דער אָנפיהרער פון די יודענפיינד איז שוין געווען נישט אַזאַ מגושם'דיגער מענש, ווי פעטמילך, נאָר דער געבילדעטער דאָקטאָר חעמניץ. די סבה פון דיזע יודען-העצע איז געווען דיזעלבע, וואָס אין פראַנקפורט: די האַנדווערקער זענען צו יענער צייט פעראָרימט געוואָרען און געמיינט האָבען זיי, אַז שולדיג זענען בלויז די יודען און אויב מען וועט זיי אַרויסטרייבען פון שטאָדט, וועלען זיי, די קריסטליכע [illegible]ווערקער, מיט אַמאָל רייך ווערען. 17 האַנדווערקער-צעכען האָבען דאַן אויסגעקליבען פון זיך אַ קאָמיטעט, וואו דער אָנפיהרער איז געווען דער יוריסט חעמניץ. די ערשטע צייט האָט דער קאָמיטעט געקעמפפט מיט יודען בלויז דורך „איידעלע" מיטלען: מען האָט יודען ניט געשלאָגען, ניט געטריבען, נאָר אויף יעדען שריט און טריט זיי בעליידיגט, אויסגעקלערט אויף זיי בלבולים און געמיינט, אַז זיי וועלען די יודען אַזוי לאַנג פערביטערן דאָס לעבען, ביז זיי אַליין וועט נמאס ווערען און זיי וועלען מיט'ן גוטען ווילען פערלאָזען די שטאָדט. יודען האָט מען ניט ערלויבט קויפען אויפ'ן מאַרק עסענוואַרג, ניט געלאָזט פאַשען זייערע בהמות אויף די לאָנקעס און זאָגאַר ניט ערלויבט אַריינפיהרען אין דער יודישער געטאָ מילך פאַר די קליינע קינדער. ווען יודען

האָבען געזעהן, אז זיי זענען אין סכנה, און געוואָלט ארויספיהרען זייער גוטס פון שטאָדט, האט מען ביי די טויערען פון געטאָ אוועקגעשטעלט א וואך, וועלכע האט אלטונג געגעבען, אז מען זאל קיין זאך פון דאָרט נישט ארויספיהרען. יודען האבען ארויסגעשיקט אין קייזערליכען הויף זייער שתדלן ר' ליב אָפּענהיים, וועלכער האט געפיהרט מיט זיך רע־קאָמענדאציעס פון הויכע לייט און אויך א גרויסע סומע געלד, אָבער דער קייזער האט מעהר נישט געקאָנט טהון, ווי שיקען בעפעהלען, אז מען זאל יודען קיין שלעכטס ניט טהון און זיי ניט רודפ'ן. פון די דאָזיגע בריעף האט דער המון אָבער אָפּען זיך אויסגעלאכט.

אויף דער זייט פון די געררופ'טע יודען האט זיך ענערגיש גע־שטעלט דער יונגער קורפירשט פרידריך פאָן פפאלץ. דער קורפירשט, וועלכער האט געהאט אין זיינע הענד די ממשלה איבער וואָרמס, האט פריהער געשיקט שלוחים אויסצוגלייכען צווישען חעמניצ'עס קאָמ־פּאניע און די יודען, נאָר ווען דאס האט ניט געהאָלפען, האט ער געהייסען ברענגען קיין היידעלבערג חעמניץ'ען און איהם ארעסטירט אויף דריי מאָנאטען. די צייט פון זיין ארעסט איז אין וואָרמס שטיל געוועזען, אָבער ווי נאָר חעמניץ איז בעפרייט געוואָרען, האבען זיך ווידער אָנגעהויבען די אונרוהען. חעמניץ האט צוגעזאָגט, אז ער וועט מעהר ניט פיהרען קיין אניטאציע געגען יודען, און זאָגאר אויף זיך גענומען צו בעצאָהלען 1000 גילדען קנס, אויב ער וועט זיין וואָרט נישט האלטען. נאָר אויף דעם תנאי האט מען איהם ארויסגעלאָזט פון טורמע. אָבער ער האט נאָך שטארקער יעצט געפיהרט זיין העצע. לויט זיין עצה האבען די קריסטליכע האנדווערקער זיך פערזאמעלט אויפ'ן מארק אָהן געוועהר אין די הענד, כדי מען זאל ניט זאגען, אז זיי זענען מורדים און פאָגראָם־מאכער, און געשיקט א דעלעגאציע צו די יודען מיט א אזהרה, אז אין פערלויף פון איין שעה טוען זיי פערלאָזען די שטאָדט און מיטנעהמען מיט זיך אלץ, וואס זיי האָבען. אויף אזא אופן האבען יודען אין איין טאָג אלע מיט אמאל געמוזט פערלאָזען וואָרמס, די עלטסטע יודישע קהלה אין דייטשלאנד. חעמניץ האט בעפוילען זיין קאָמפּאניע זיך האלטען „איידעל" און ניט ראבירען די יודען, כדי מען זאל נישט קאָנען זאגען אויף זיי, די יודענפיינד, אז זיי זענען רויבער און פאָגראָמטשיקעס. יודען האבען מיטגענומען מיט זיך אלץ, וואס זיי האָבען געקאָנט, און מען האט זיי דערין נישט גע־שטערט, אָבער דער המון האט דערפאר אויסגעגאָסען זיין צאָרן אויף די

יודישע הײליגטימער. די אלטע יודישע שוהל, װאס האט עקזיסטירט כמעט 1000 יאהר, איז חרוב געװארען. אױך האט מען געשענדעט דעם יודישען בית־הקברות און חרוב געמאכט פיעל טײערע מצבות, אײניגע גוטע מענשען פון די הױכע גײסטליכע האבען די פערטריבענע געלאזט זיך פארלױפיג אײנארדנען אין די דערפער און אין די שטעדטלעך ארום װארמס און דארט האבען די װאנדערער זיך צוזאמענגעטראפען מיט זײערע פערטריבענע ברידער פון פראנקפורט.

דאס מאל האט דער נצחון פון די יודענפײנד לאנג ניט געדױערט. אין 10 טעג ארום נאכ׳ן פאגראם האט דער קורפירשט פרידריך ארײנגעשיקט קײן װארמס סאלדאטען מיט הארמאטען, װעלכע האבען געמאכט א סוף צו די אונרוהען. חעמניץ און די איבעריגע אנפיהרער זענען ארעסטירט געװארען. דאך האט געדױערט גאנצע 9 חדשים ביז די יודען זענען אומגעקעהרט געװארען קײן װארמס (19 יאנואר 1616). אין 2 חדשים ארום (כ׳ אדר שע״ו) זענען אומגעקעהרט געװארען אױך די פראנקפורטער יודען, װעלכע זענען ארײנגעפיהרט געװארען אין שטאדט מיט פאראד און מוזיק. אין פראנקפורט האט מען די אנפיהרער פון די אונרוהען בעשטראפט שטרענגער, אײדער אין װארמס, װײל דא האבען זײ געראבעװעט און גע׳הרג׳עט מענשען. דער „המן״ פעטמילך איז צושניטען געװארען אױף שטיקער און דערנאך געהאנגען געװארען. אױף דער שטאדט האט מען ארױפגעלעגט א שטראף פון 175,919 פלארין פאר די שאדענס, װאס יודען האבען געהאט פון די פאגראמען. דער טאג פון כ׳ אדר איז אין פראנקפורט געװארען א יום־טוב אונטער׳ן נאמען פורים־װיניצענץ און דער טאג פון י״ט אדר איז בעשטימט געװארען פאר א תענית אלס אנדענקען פון די צרות, װאס די פראנקפורטער יודען האבען איבערגעלעבט, אײדער עס איז פאר זײ געקומען די ישועה.

---

געהען מיר איבער פון דער דײטשלאנד צו דער לאגע פון יודען אין עסטרײך צו יענער צײט, זעהען מיר גאר אנ׳אנדער בילד. אין דער געשיכטע פון 16־טען יאהר־הונדערט און װײטער װערען אלץ מעהר ארױסגערוקט אױפ׳ן ערשטען פלאן די יודען פון די עסטרײך־בעהמישע פראװינצען. דארט איז די צאהל יודען געװען פיעל גרעסער, אײדער די צאהל פון דער יודישער בעפעלקערונג אין די צענטראלע געגענדען

פֿון דײַטשלאַנד, און אויב אין ווין און ניִדער־עסטרײַך איז דער וואוקס פֿון דער יודישער בעפֿעלקערונג פֿערהאַלטען געוואָרן צוליעב די אָפֿטע רדיפֿות, איז דערפֿאַר בעהמען געווען איבערפֿולט מיט יודען און דאָס לאַנד האָט ממלא געווען דעם חסרון אין אַנדערע ערטער.
די אַלטע פּראָגער קהלה איז געווען איינע פֿון די גרעסטע יודישע קהלות אין דעמאָלדיגען אייראָפּאַ, און צוזאַמען דערמיט אויך איינער פֿון די הויפּט־צענטרען פֿון דער נאַציאָנאַלער קולטור. די פּראָגער רבנים, מגידים, שריפֿטשטעלער און דרוקער האָבען געהאַט אַ שם אין אַלע לענדער פֿון גלות. בעת צרה, ווען עס זענען פֿאָרגעקומען רדיפֿות אָדער עקאָנאָמישע קריזיסען, האָבען די בעהמישע יודען געהאַט אַ גוטען בית־מקלט — דאָס שכנות'דיגע פּוילין; פֿון פּראָג איז אָהן אויפֿהער געגאַנגען אַ עמיגראַציע קײַן קראַקוי, וואו עס האָט אין אָנהויב פֿון 16־טען יאָהר־הונדערט זאָגאַר עקזיסטירט אַ ספּעציעלע „בעהמישע שוהל". שפּעטער, ווען בעהמען איז נאָך אַ הונדערט־יעהריגע אויטאָנאָמיע פֿעראייניגט געוואָרען צו עסטרײַך אונטער דער הערשאַפֿט פֿון פֿערדינאַנד דעם ערשטען (1526), איז דער גורל פֿון די יודען אין די דאָזיגע לענדער ווידער פֿעראייניגט און פֿערבונדען געוואָרען.

פֿערדינאַנד דער ערשטער, וועלכער איז פֿריהער געווען עסטרײַכישער הערצאָג און נאָכדעם, ווי זײַן ברודער קאַרל דער 5־טער האָט זיך ענטזאַגט פֿון טראָן, געוואָרען דײַטשער קייזער (1556), האָט בנוגע צו יודען נישט געהאַט קײַן בעשטימטע שיטה. ער האָט זיך געוואַקעלט צווישען דין און רחמים. די ערשטע יאָהרען פֿון זײַן קעניגען האָט ער זיך בעצויגען צו יודען, ווי אַ בעשיצער פֿון זייערע אינטערעסען, און ווען די פֿאָרשטעהער פֿון די פּריצישע שטאַנדען האָבען אין 1525 זיך בעקלאָגט, וואָס מען לאָזט וואוינען יודען אין די פּראָווינצען, וואו זיי איז לויט'ן געזעץ פֿערבאָטען צו וואוינען, האָט פֿערדינאַנד קאַטעגאָריש זיי ערקלערט, אַז די יודען מוזען בלייבען וואוינען דאָרט, וואו זיי האָבען זיך שוין בעזעצט. שפּעטער, אין דער צײַט פֿון דער הייסער רעפֿאָרמאַציאָנס־בעוועגונג, ווען פֿערדינאַנד איז געוואָרן אַ גרויסער פֿערטיידיגער פֿון קאַטוֹליציזם, האָט ער אויך געביטען זײַן בעציהונג צו יודען. ווען די טערקען האָבען זיך אַרײַנגעריסען קײַן אונגאַרן און דאָס עסטרײַכישע מיליטער האָט געהאַט אַ מפּלה בײַ אָפֿען (1541), האָבען זיך צווישען המון פֿערשפּרייט קלאַנגען, אַז די יודען האָבען איבערגעגעבען זייערע „פֿרײַנד" די טערקען מיליטערישע סודות, וואָס

האָבען מיטגעהאָלפען צום נצחון פון די טערקען. יודען האָט מען אויך בעשולדיגט אין די אונגעוועהנליכע שרפות, וואָס האָבען זיך דעמאָלט פערשפרייט איבער בעהמען. אָט די אַלע בלבולים אויף יודען האָבען געהאַט אַ ווירקונג אויך אויף פערדינאַנד'ען און די יודישע שונאים האָבען זיך בענוצט מיט דער שטימונג און געפועל'ט ביי דעם קייזער, אַז ער זאָל אַרויסטרייבען אַלע יודען פון לאַנד. אין פריהלינג 1542 האָבען גרויסע מענגעם יודען פון פראָג און אַנדערע שטעדט שוין גענומען דעם וואַנדער־שטעקען אין דער האַנד און זיך געלאָזט צו די גרעניצען פון פוילין און טערקיי, נאָר צום גליק האָט מען שפּעטער זיך דערוואוסט, אַז די אַלע בלבולים אויף יודען האָבען קיין גרונד נישט; דער ענערגישער שתדלן יאָזעלמאַן האָט אויך נישט געשוויגען און איז געקומען צום קייזער מיט אַ בקשה וועגען יודען און מיט גוטע רעקאָמענדאַציעס פון איינינגע הויכגעשטעלטע קריסטען. פערדינאַנד האָט דאַן אָבגעשאַפט די גזירה וועגען אַרויסטרייבען יודען און די מעהרהייט פון די עמיגראַנטען האָבען זיך אומגעקעהרט אַהיים.

אין וויען און אין די איבעריגע צענטראַל־שטעדט פון עסטרייך איז די יודישע לאַגע ווי פריהער געווען זעהר נישט פעסט. אין וויען האָבען די יודען אייגענטליך נישט געהאַט קיין וואוינרעכט, און מען פלעגט ערלויבען די יודען וואוינען דאָרט נאָר אַלס בעזונדער חסד. ווען אַ יוד האָט געוואָלט קומען קיין וויען צוליעב געשעפט, האָט ער געמוזט מעלדען דער פאָליציי, צוליעב וואָס און אויף וויפיעל צייט ער איז געקומען, און דאַן בעקומען אַ בעזונדער „יודענצעטעל", אַלס ערלויבניש צו וואוינען אין וויען; פאַר אַזעלכע דערוויילינגע געסט זענען געווען בעשטימט אין שטאָדט נאָר צוויי האָטעלען, וואוהין זיי האָבען געמוזט פ..רפאָהרען, און דערביי האָט יעדער יוד געמוזט טראָגען אַ בעזונדער צייכען אויף די קליידער, כדי די פאָליציי זאָל קאָנען בעסער השגחה געבען אויף איהם. די דאָזיגע אַלע דינים וועגען יודישען וואוינרעכט האָבען דוקא עקסיסטירט נאָר אין לעבען און נישט אויפ'ן פאַפיער, ווייל פערדינאַנד האָט מורא געהאַט, אַז דאָס זאָל נישט ווירקען אויף דעם פינסטערן המון, וועלכער קאָן מיינען, אַז יודען לאָזט מען נישט אַריין קיין וויען „פאַר וועלכע עס איז גרויסע פערברעכענס און חטאים". דעריבער האָט ער בעפוילען, אַז מען זאָל די גזירות אויף יודען האַלטען בשתיקה און נאָר זיי היטען אין לעבען, אָבער נישט אַרויסגעבען קיין עפענטליכע דעקרעטען וועגען דעם.

די עפּאָכע פֿון דער קאַטוילישער רעאַקציע האָט אויך דאָ אין בעהמען אויפֿגעטאָן איהריגעס: די ידיעות וועגען די אינקוויזיטאָרישע מעשים פֿון פּויפּסט פּאַאול IV׳ בנוגע צו יודען האָבען געמוזט האָבען אַ גרויסען איינפֿלוס אויף אַזאַ היציגען קעמפּפֿער פֿאַר׳ן קאַטוליציזם, ווי פֿערדינאַנד דער 1=טער. לויט אַ סיגנאַל פֿון רוים האָט די פּראַגער אַדמיניסטראַציע קאָנפֿיסקירט פֿיעל יודישע ספרים און זיי אָבגעשיקט קיין ווין, צום משפּט פֿון די פֿרומע גייסטליכע; די פּראַגער יודען זענען זאָגאַר געבליבען אָהן סדורים (1559). יודען איז אָבער פֿאָרגעשטאַנען נאָך אַ גרעסערע סכנה, ווייל פֿערדינאַנד׳ען איז דעמאָלט ווידער איינגעפֿאַלען אַ הייליגע מחשבה — אָבריייניגען פּראַג פֿון יודען, אויפֿ׳ן אָרט פֿון די יודישע שוהלען מאַכען קריסטליכע קירכען און די יודישע הייזער קאָנפֿיסקירען פֿאַר דער קאַזנאַ. אין 1561 איז דער בעפֿעהל וועגען אַרויסטרייבען יודען שוין געווען אונטערגעשריבען און אויף די אַלע בקשות פֿון יודען, אַז דער קייזער זאָל אָבשאַפֿען די שרעקליכע גזירה, האָט ער געענטפֿערט, אַז ער קאָן דאָס נישט טאָן, ווייל ער האָט שוין געגעבען אַ נדר, אָבצורייניגען פּראַג פֿון די „אונגלויביגע". דעמאָלט איז איינער פֿון די אָנגעזעהענסטע יודישע פֿאָרשטעהער אין פּראַג, ר׳ מרדכי צמח, אַוועק צום פּויפּסט פּיוס IV׳ אין רוים און ביי איהם געפּועל׳ט, אַז ער זאָל מתיר נדר זיין פֿערדינאַנד דעם 1=טען. דער פֿרומער קייזער האָט דעמאָלט מיט אַ רוהיג געוויסען געקאָנט מבטל מאַכען זיין גזירה.

בכלל איז עסטרייך אין דער צווייטער העלפֿט פֿון 16=טען יאָהרהונדערט געוואָרען אַ צענטר פֿון דער קאַטוילישער רעאַקציע און ווידער זיך אומגעקעהרט צו די אַלטע פּאַטריאַרכאַלישע מיטעלאַלטערישע לעבענס=פֿאָרמען. די קיסרים מאַקסימיליאַן II און רודאָלף II (1564—1612) האָבען געקוקט אויף יודען, ווי אויף אַ מעלקענדיגע קוה, ווי אויף אַ גוטע געלד=קוועלע, פֿון וועלכע מען קאָן דעקען די ליידיגע רעגירונגס=קאַסע. מיט בעזונדערער געלד=פֿרעסעריי האָט זיך אויסגעצייכענט רודאָלף II. אין דער צייט פֿון זיין קעניגען האָט געלעבט אין פּראַג אַ גרויסער יודישער פֿילאַנטראָפּ און כלל=טוער, ר׳ מרדכי מייזעל, וועלכער האָט אויף זיינע קאָסטען אויסגעבויט די גרויסע פּראַגער שוהל, וואָס טראָגט נאָך יעצט זיין נאָמען, איינגעאָרדענט אַ ישיבה און אַ בית=עניים און בכלל געגעבען פֿיעל צדקה פֿאַר יודען אין בעהמען און אין אַנדערע ערטער. מיט דער ברייטער האַנד פֿון ר׳ מרדכי מייזעל פֿלעגט זיך אויך בענוצען רודאָלף II, וועלכער פֿלעגט ביי איהם נעהמען אָפֿטע „מתנות"

און הלואות, וועלכע ער האט קיינמאל נישט אבגעגעבען; דאס איז איהם אבער ווינציג געווען און ער האט נאך געוואלט ווערן מייזעל׳ס יורש. ווען ר׳ מרדכי מייזעל איז געשטארבען (1601) און קיין קינדער נישט איבערגעלאזט, האט רודאלף געשיקט אויף דער לויה זיין פערטרעטער, אבער צוזאמען דערמיט האט ער ערקלערט, אז די גאנצע ירושה מייזעל׳ס געהערט דער מלוכה, ווייל דער פערשטארבענער איז געווען נאר א „קאמער-קנעכט”, דאס הייסט א לייב-אייגענער פון דער מלוכה. מייזעל האט זיין גרויסע ירושה איבערגעלאזט אין דער צוואה פאר זיינע קרובים און אויך אויף צדקה-זאכען, אבער נאטירליך האבען די יודען נישט געקאנט פערפיהרען קיין פראצעס געגען דייטשישען אימפעראטאר און דאס גרויסע פערמעגען איז פערבליבען אין די הענד פון רודאלף.

יודיש געלד איז בעזונדערס געווארן הפקר אין דער צייט פון דער 30-יעהריגער מלחמה. אין יענער צייט זענען יודען צוליעב זייער געלד געווארען טייער, און די עסטרייכישע קיסרים האבען זאגאר געמאכט פאר מקורבים אין הויף עטליכע יודישע פינאנסיסטען, אבער צו-טייער האט יודען געקאסט די מלחמה; די יודישע קהלות פון בעהמען האבען יעהרליך געצאהלט 40 טויזענד גולדען אויף די בעדערפנישען פון דער מלחמה, א חוץ די עקסטרע אויסערגעוועהנליכע הוצאות. יודען האבען דערפון געהאט נאר די טובה, וואס זיי זענען חאטש דערפאר פטור געווארען פון רדיפות אין דער צייט פון דער מלחמה. אין ווין האט זיך געגרינדעט א גרופע יודישע קאפיטאליסטען, וועלכע דער קייזער פערדינאנד II האט געגעבען געוויסע פריווילעגיעס אלס דאנקבארקייט פאר זייער נוצליכער טעטינקייט. צו יענער צייט האט זיך שטארק ארויסגערוקט ביי׳ם הויף דער יודישער באנקיר יעקב בת שבע וועלכען דער קייזער האט געשאנקען דעם טיטול פון א אדעליגען אונטער׳ן נאמען פאן-טרויענבורג. די קראפט פון געלד איז דעמאלט געווען אזוי שטארק, אז דער קייזער, א קלעריקאל און תלמיד פון די יעזואיטען, האט נאכגעגעבען די בקשה פון די יודען, וואס האבען געוואוינט אין בעזונדערע טיילען פון ווין, און בעפוילען זיי אבצוגעבען א בעזונדער קווארטאל פון שטאדט (שפעטער לעאפאלדן שטאדט), וואו יודען האבען געמעגט פריי וואוינען און נישט געשטאנען אין רשות פון וויענער מאגיסטראט. אין זייער בעזונדערען קווארטאל האבען יודען געקאנט האבען אייגענע הייזער, פריי וואוינע

און זענען געשטאנען אונטער'ן שוץ פון רעגירונגס=בעאמטע, נאר אפילו אין די איבעריגע טיילען שטאדט האבען די יודען שוין געקאנט זיך בעוויזען אהן די ספעציעלע צייכענס אויף זייערע מלבושים. איבעריגענס, אויך דער קלעריקאליזם האט געטאן זייניגעס און לויט א בעפעהל פון קייזער זענען די יודען פון פראג און וויען געוועזען מחויב זיך פערזאמלען אלע שבת אין שוהל און אויסהערן די דרשות פון די יעזואיטען וועגען קריסטענטום (1630). עס זענען געוועזען מחויב צו קומען אין דער בעשטימטער שעה נישט ווינציגער פון 200 יודישע מענער און פרויען; דרימלען אדער רעדען בעת די דרשות איז געוועזען שטרענג פערבאטען, און פאר פערשפעטיגען איז מען דאס ערשטע מאל בעשטראפט געווארען אויף א טאלער און דערנאך איז די שטראף געווארען אלץ גרעסער. אבער אויך דא האט יודען ארויסגעראטעוועט דאס געלד און אונטער פערשידענע תירוצים האבען זיי זיך ארויסגעדרעהט פון דער גזירה.

בעת דער 30=יעהריגער מלחמה איז שיער נישט געפאלען אלס קרבן דער בעריהמטער יודישער געלעהרטער ר' יום=טוב=ליפמאן העלער, רב אין וויען און דערנאך אין פראג, דער מחבר פון בעריהמטען פירוש צו משנה „תוספות יום טוב" און אנדערע ספרים. בשעת ר' יום=טוב=ליפמאן העלער האט געוואוינט אין פראג איז ער געוועזען דער פארזיצענדער פון דער קאמיסיע, וועלכע האט זיך פערנומען מיט פונאנדערטיילען צווישען דער יודישער קה"ה די אבצאהלונג פון 40 טויזענד גולדען, וואס יודען זענען געוועזען מחויב אריינצוטראגען יעהרליך אין דער קאסע אויף די הוצאות פון דער מלחמה. הגם דער רב האט זיך געסטארעט צו זיין גערעכטיג ביי'ם פונאנדערטיילען דעם שטייער, האט איהם דאך נישט איינגעגעבען זיך יוצא צו זיין פאר אלע און, ווי געוועהנליך אין אזעלכע צופאלען, זענען איניגע געבליבען נישט צופרידען מיט דער איינטיילונג. איניגע שונאים פון ר' יום=טוב=ליפמאן האבען דאן אריינגעשיקט א מסירה צו דער רעגירונג, אז ביי'ם פונאנדערטיילען דעם שטייער ווערן בעגאנגען אונגעזעצליכקייטען, אזוי אז די גבירים שפיעלען אויס און אויף די יודישע ארימע לייט פאלט די גאנצע לאסט פון דעם שטייער. דאס איז די מוסרים נאך ווינציג געוועזען און זיי האבען דערלאנגט א מסירה דעם קייזער, אז אין איניגע פון די חבורים פון גרויסען רב געפינען זיך בעליידיגענדע אויסדריקען געגען קריסטענטום. דאס האט געווירקט און לויט א בעפעהל פון קייזער האט מען

דעם פראגער רב ארעסטירט און איהם געבראכט צו פיהרען קיין וויען (1529). דא האט מען איהם געהאלטען אין טורמע צוזאמען מיט קרימינעלע פערברעכער און גענען איהם ארויסגעשטעלט א בעשולדיגונג, אז ער האט בעליידיגט די קירך, אזוי אז איהם האט געדראהט טויט-שטראף. די וויענער יודישע געמיינדע האט אבער אנגענומען גרויסע מיטלען און נאר א דאנק איהר האט מען אבגעראטעוועט דעם רב. ער איז בעפרייט געווארען פון טורמע, נאר פערלוירען דאס רעכט צו פערנעהמען די שטעל פון א רב, און אויך פערמשפט געווארען צו 10 טויזענד גולדען שטראף. פערליערענדיג זיין שטעל און זיין גאנץ פערמעגען, האט ר' יום-טוב-ליפמאן העלער אריבערגעוואנדערט קיין פוילין.

פון דער מלחמה האבען עטוואס אויסגעשפיעלט די בעהמישע יודען, וועלכע דער קייזער פערדינאנד האט געגעבען איינינע געוויסע רעכטען אלס בעלוין פאר דעם אנטייל פון יודען אין דער פערטיידיגונג פון דער בעלאגערטער פראג אין 1648. אבער אין אלגעמיין האט די יודישע לאגע אין די דייטשע מדינות זיך נישט געענדערט. אויך דער שלום אין וועסטפאלען, וואס האט געמאכט א סוף צו דער שרעקליכער מלחמה און בעשאפען א נייע עפאכע אין דער אייראפעאישער פאליטיק, האט די יודען איבערגעלאזט אין זייער פריהעריגער רעכטלאזער לאגע. עס איז נאר פארגעקומען א געוויסע איבערוואנדערונג אין איינינע טיילען פון די גלות-לענדער: די יודען פון עלזאס זענען נאכדעם, ווי די דאזיגע דייטשע פראווינץ איז אריבער צו פראנקרייך, מיט אמאל געווארען אונטערטאנען פון א מלוכה, וואו עס זענען כמעט קיין יודען נישט געוועזען פון ענדע 14-טען יאהר-הונדערט.

די לאגע פון יודען אין אונגארן צו יענער צייט איז געוועזען נישט אומעטום גלייך. אין דעם טייל אונגארן וואס האט געהערט צו דייטשלאנד (דער פרעסבורגער ראיאן), האט מען יודען געדריקט נאך ערגער, איידער אין עסטרייך, און פון א סך ערטער ארויסגעטריבען. זיי האבען געמוזט צאהלען דאפעלטע שטייערען און געוועזען זעהר בעגרענצט אין זייערע האנדעלס-רעכטען. אבער אין דעם טייל אונגארן, וואס האט פון יאהר 1541 זיך געפונען אונטער דער הערשאפט פון טערקיי (אפען און אנדערע שטעדט), איז די יודישע לאגע פיעל בעסער געוועזען. אין דער צווייטער העלפט פון 16-טען יאהר-הונדערט איז די יודישע געמיינדע אין אפען געווארען רייך און פעסט. די טערקישע סולטאנען

האָבען צו די אונגאַרישע יודען זיך בעצויגען פיעל טאָלעראַנטער, איידער די דייטשע קיסרים.

---

געהען מיר איבער צו דעם אינערליכען לעבען פון די דייטשע יודען אין יענער עפאָכע, געפינען מיר אויך נישט קיין שום פונקט, אויף וועלכען מען זאָל זיך קאָנען אָבשטעלען מיט פרייד און טרייסט. מאָנאָטאָניש און אָרים איז געווען דאָס לעבען פון די דייטשע יודען צו יענער צייט. די אַלטע פאָרמען פון געמיינדע־לעבען האָט מען שטאַרק געהיט און פערפעסטיגט, אָבער קיין נייע כוחות זענען נישט צוגעקומען, קיין נייע געזעלשאַפטליכע לעבענס־פאָרמען זענען נישט געשאַפען געוואָרען. די געמיינדע־אויטאָנאָמיע איז נישט פערברייטערט געוואָרען און זעהר זעלטען פלעגען אויך פאָרקומען די רבנים־צוזאַמענפאָהרען אויף צו בעטראַכטען די אינערליכע פראַגען. נאָר בעת דער געפעהרליכער אַגיטאַציע פון פעפערקאָרן און זיין בעמיהונג צו קאָנפיסקירען די יודישע ספרים, פלעגען די יודען פון פראַנקפורט און אַנדערע שטעדט זיך צונויפקומען, אום צו בעטראַכטען די מיטלען געגען דער געפעהרליכער אַגיטאַציע. אין יאָהר 1530 איז אויך, ווי עס איז שוין אויבען דערמאָנט, פאָרגעקומען אַ רבנים־צוזאַמענפאָהר, צונויפגערופען דורכ'ן שתדלן יאָזעלמאַן אויס ראָזהיים, אום צו רעגולירען די עקאָנאָמישע בעציהונגען צווישען יודען און קריסטען.

אין יענער צייט פלעגען אין די יודישע געמיינדעס נישט־זעלטען פאָרקומען גרויסע מחלוקת'ען און אינערליכע רייבונגען. בעזונדערס האָט זיך דערמיט אויסגעצייכענט די פראָגער קהלה און די וויכטיגסטע סיבה פון די מחלוקת'ען איז געווען דאָס איינטיילען די פּאָדאַטקעס און שטייערען צווישען דער בעפעלקערונג. די בעהמישע יודען האָבען געהאַט צו צאָהלען דרייערליי שטייערען: פאַר דער מלוכה, פאַר דער פּראָווינץ, פאַר דער געמיינדע, און די ספעציעלע קאָמיסיע פון די יודישע פאָרשטעהער פלעגט אַמאָל בעגעהן אונגערעכטיגקייטען ביי'ם פונאַנדערטיילען די שטייערען. די פראָגער קהלה פלעגט פונאַנדערטיילען די גאַנצע סומע שטייערען צווישען די יודישע קהלות פון בעהמען, און די קליינע קהלות פלעגען זיך אָפט קלאָגען, אז אויף זייער חלק שטעלט מען צופיעל. דאָס האָט איינמאָל געבראַכט צו אַ לאַנגער מלחמה צווישען דער פראָגער קהלה און די איבעריגע קליינע קהלות,

צווישען וועלכע עס האבען זיך בעזונדערס אויסגעצייכענט די איינוואוינער פון דעם שטעדטעל האראוויץ. די מחלוקת איז איבערגעגאנגען אין א געפעהרליכער אינערליכע שפאלטונג און נישט די ארטיגע רעגירונגס־מאכט, נישט די רבנים האבען געקאנט אויסגלייכען דעם סכסוך דעמאלט האט מען קיין פראג ארויסגערופען דעם הויפט־שתדלן יאזעלמאן; צוזאמען מיט די פראגער רבנים האט איהם זיך איינגעגעבען אויסצוארבייטען געוויסע כללים אויף צו רעגולירען די בעציהונגען צווישען דער פראגער קהלה און די איבעריגע קהלות. בשעת דער דאזיגער מחלוקת האבען די ליידענשאפטען אזוי זיך צוקאכט, אז די איינוואוינער פון שטעדטעל האראוויץ האבען בעלאגערט יאזעלמאנ'ס הויז און געסטראשעט איהם הרג'נען. די אינערליכע רייבונגען האבען געבראכט אויף יודען נישט ווינציג צרות און פיעל שאדענס זיי גורם געווען. צווישען יודען זענען געווארען זעהר פיעל מוסרים, וואס פלעגען פערמסר'ען געוויסע פערזאנען פאר ווירקליך אונגעזעצליכע אדער בלויז אויסגעטראכטע מעשים און אויך אויסנא־ען ביי דער בעפעלקערונג געלד, סטראשענדיג מיט מסירות.

דער שטעמפעל פון ארימקייט און דלות ליגט אויך אויף דער גייסטיגער יודישער שאפונג פון יענער צייט. די פערשפרייטונג פון בוך־דרוקעריי האט נאר פערגרעסערט די צאהל פון די יודישע ספרים, אבער עס איז פערבליבען ווי פריהער דער מיטעל־אלטערישער גייסט, דער מאנאטאנער אינהאלט פון דער יודישער ליטעראטור. ווי פריהער האט אין די ישיבות און תלמוד־תורות געהערשט די תלמודישע סחאלאסטיק. אין 16־טען יאהר־הונדערט איז זאגאר אויסגעוואקסען א ספעציעלע שולע פון פלפול און דער רבי פון דער נייער שולע איז געווען ר' יעקב פאליאק, ראש־ישיבה אין פראג. ער האט פריהער געשארפט דעם מוח אין די ישיבות פון דייטשלאנד און דערנאך אריבערגעטראגען די שיטה פון פלפול אויך קיין בעהמען און קיין פוילין. די שיטה פון ר' יעקב פאליאק איז בעשטאנען אין „חילוק", וואו די הויפט־ראליע האט געשפיעלט בקיאות און חריפות: מען האט גענומען א סוגיא אין דער גמרא, אויסגעזוכט דארט אינערליכע סתירות, אבגעווענדעט דאס מיט אנדערע ערטער פון תלמוד, געשטעלט איינעם געגען אנדערען אלע פירושים, וואס זענען נוגע דער סוגיא — און ווען די פראגע איז שוין אויף אזוי פיעל פערפלאנטערט געווארען, אז עס האט זיך אויסגעוויזען, דאס עס איז שוין קיין אויסוועג נישטא, האט

דער חריפישער קאָפּ אָנגעהויבען צוריק אויספּלאָנטערן דעם גרויסען קנויל, אויסגעגלייכט אַלע סתירות, פערענטפערט אַלע קשיות און די פראַגע איז ווידער קלאָר געוואָרען. דאָס איז געווען אַ מין גייסטיגע גימנאַסטיק, אַ מין שפּיעל מיט זיך אַליין. דאָ האָט מען געקענט שפּרינגען פון איין ענין צום צווייטען, אויסזוכען נישט-געשטויגענע קשיות, ווייל דער עיקר איז דאָ געווען נישט דער ריכטיגער פשט, נאָר דער פלפול, דאָס שאַרפען דעם מוח. די דאָזיגע שיטה האָט פיעל מיטגעהאָלפען אויסשפּיצלען זיך, שאַרפען דעם מוח, אָבער דאָס האָט געשאָדט דער געזונטער נאָרמאַלער שיטה, וואָס זולט אומעטום נישט דעם וואָרט-שפּיעל, נאָר דעם רעאַלען אמת, די לאָגיק.

די בעסטע יודישע געלעהרטע זענען אַרויסגעטרעטען געגען דער שיטה פון הילוק. צווישען די געגנער פון דער שיטה איז אויך געווען דער הויפּט-רב פון פראַג ר' ליב בן בצלאל (מהר"ל מפּראַג) (1609—1525). ער איז געווען אַ מענש מיט אַ קלאָרען אָפענעם מוח, אַ גוטער דרשן און פּרוכטבאַרער מחבר פון פיעל ספרים און אויך געהאַט אַ סך ידיעות אין דער וועלטליכער וויסענשאַפט. זיינע אָפּהאַנדלונגען פון דרשות און מוסר, ווי „נתיבות עולם", „נצח ישראל" און אַנדערע, זענען נאָך עד היום זעהר פּאָפּולער ביי יודען. אַלס מאָראַליסט האָט דער מהר"ל נישט געקאָנט איינשטימען מיט דער שיטה, וועלכע האָט ער-לויבט צו קריטיקירען דעם תנ"ך, און איז געווען אַ שאַרפער געגנער פון דער קריטישער שיטה פון עזריה דע-ראָסי. צווישען פאָלק האָט דער מהר"ל געהאַט אַ נאָמען פון אַ בעל-נס. עס געהט וועגען איהם אַ לעגענדע, אַז ער האָט איינמאָל בעשאַפען פון ליים אַ מענשליכע פיגור, אַ גולם, וועלכען ער האָט אַריינגעלעגט אין מויל דעם שם-המפורש. דער גולם האָט דאַן בעקומען לעבען אין זיך און געקענט זיך בעוועגען און ערפילען פערשידענע שליחות'ען. אָבער ווי נאָר דער רב האָט אַרויסגענומען דאָס שטיקעל פּאַפּיער מיט'ן שם-המפורש, איז דער גולם ווידער געבליבען גולם, אַ פּשוט שטיק ליים. מען דער-צעהלט אויך אַז דער מהר"ל איז איינמאָל אַרויסגערופען געוואָרען צום דייטשען קייזער רודאָלף, מיט וועלכען ער האָט געהאַט אַ לאַנגען גע-היימען געשפּרעך וואָס איז אויף אייביג פערבליבען אַ סוד. מען רע-כענט, אַז דער מהר"ל האָט גערעדט מיט'ן קייזער וועגען אַלכימיע און אַסטראָנאָמיע, מיט וועלכע ער האָט זיך שטאַרק אינטערעסירט, אָבער עס איז אויך מעגליך, אַז אין דער אוירינג'ן זענען בעריהרט געוואָרען

די פראגען וועגען פראגער געמיינדע־לעבען, וויל צוזאמען מיט דעם פילאנטראפ מייזעל פלעגט דער רב זיך פלייסיג אבגעבען מיט געזעל־שאפטליכער ארבייט. אין 1592 איז דער מהר״ל אריבער קיין פוילען, וואו ער איז א געוויסע צייט געוועזען רב פון פוזען און גאנץ גרויס־פוילען, אבער לאנג איז ער דארט נישט געבליבען און אין גיכען זיך אומגעקעהרט קיין פראג.

דער איינציגער פארשטעהער פון וועלטליכער בילדונג צווישען יודען אין יענער צייט איז געוועזען דוד גאנז (1541—1613), א געבוירע־נער פון וועסטפאלען, וועלכער האט בעקומען זיין תלמודישע בילדונג אין די ישיבות פון פראנקפורט און קראקוי, און דעם גרעסטען טייל פון זיין לעבען פערבראכט אין פראג. צוזאמען מיט תלמוד האט גאנז גוט געקאנט געאגראפיע, היסטאריע און מאטעמאטיק. ער איז פער־זענליך געוועזען בעקאנט מיט די בעריהמטע אסטראנאמען קעפלער און טיכא־בראהע און געארבייט אין פראגער אבסערוואטאריום. זיינע קענטני־שען האט ער דערנאך ארויסגעוויזען אין זיין ווערק „נחמד ונעים״, נאר פאפולער צווישען יודען איז ער געווארען דורך זיין היסטארישער חראניק „צמח דוד״. אין ערשטען טייל פון דעם ספר זענען אין א פארם פון קורצע חראנאלאגישע נאטיצען בעשריבען די הויפט־געשעהענישען און חאראקטעריסטיקעס פון די יודישע היסטארישע פערזאנען פון דער אלטער צייט אן ביז 1592; אין צווייטען טייל געפינט זיך א רשימה פון די געשעהענישען פון דער וועלט־געשיכטע, ערטערווייז אין צוזאמענ־האנג מיט דער געשיכטע פון יודען. דאס ווערק איז אין אלגעמיין נישט מעהר ווי א קאמפילאציע פון יודישע און קריסטליכע ביכער און א וויסענשאפטליכען ווערט האבען נאר יענע ערטער פון דעם ספר, וואו עס רעדט זיך וועגען די געשעהענישען פון יענער צייט. חא־ראקטעריסטיש איז די פארהערדע צום צווייטען טייל פון זיין ווערק, אין וועלכער דער מחבר פערענטפערט זיך פאר זיינע לעזער: „איך זעה פאראויס, אז פיעל וועלען מיך הויך זידלען און פארווארפען, וואס איך ברענג נאטיצען פון נישט־יודישע ספרים וועגען מלחמות און אנדערע געשעהענישען. ביי זיי איז דאס „שיחות חולין״ און אזעלכע זאכען איז פערבאטען צו לייענען אין א שבת־טאג. איך וועל זיך נישט לאנג פערענטפערן, נאר זאגען מיין שוץ זיין יענע גרויסע יודישע רעליגיעזע פילאזאפען, וועלכע האבען פון אריסטאטעל׳ס פילאזאפיע און פון אנדערע גענומען ריכטיגע געדאנקען די שאלעכטס אוועק־

געווארפען און דעם תוך איבערגעלאזט". ווייטער פעררופט זיך דער מחבר אויף ר' אברהם זכותא און ר' יוסף הכהן, וועלכע האבען אויך בעשריבען די געשעהענישען פון דער אלגעמיינער געשיכטע אין צוזאמענהאנג מיט דער יודישער; ער בעווייזט, ווי אזוי נויטיג עס איז פאר דעם מיטעלען מענש, וואס א גאנצע וואך ארבייט ער שווער צו האבען אויף שבת צום לייענען א ספר, וואס קען איהם פערגעניגען פערשאפען; אויסערדעם זאגט ער ארויס זיין איבערצייגונג, אז עס שאדט נישט צו זיין בעקאנט מיט דער געשיכטע פון די פעלקער, ווייל דאס שטארקט נאר דאס רעליגיעזע געפיהל פון יודען, וועלכער זעהט איין, אז אזוי פיעל מלוכות און פעלקער זענען אונטערגעגאנגען און נאר דאס יודישע פאלק לעבט נאך.

מעהר פון אלץ זענען אבער אין יענער צייט אנגעגאנגען די מוסר־ספרים, וועלכע זענען געווען דורכגעדרונגען מיט די שטרענגע אסקעטישע אידעען פון דער פראקטישער קבלה. א הייסער אנהענגער פון דער שיטה און א גרויסער בעל־מוסר איז געווען ר' ישעיה הורוויץ (1555—1630), וועלכער איז פריהער געווען רב אין פוילען, דערנאך אין פראנקפורט אם־מאין און ענדליך אין פראג. צוליעב דער 30־יעהרי־גער מלחמה און אויך צוליעב זיין אלטער גרויסער נייגונג צום נעסט פון דער קבלה איז ר' ישעיה אין 1621 אריבערגעפאהרען קיין ארץ־ישראל און דארט פערבראכט דאס רעשט ביסעל יאהרען אין פרומקייט און אין מעשים־טובים. ער האט געוואוינט אין ירושלים און אין צפת. דארט האט ער פערענדיגט זיין גרויס ווערק, וואס ער האט נאך אנ־געהויבען אין אייראפא, „שני לוחות הברית", אדער פערקירצט: „של"ה". דאס איז א גאנצע ענציקלאפעדיע, וואו עס געפינען זיך צוזאמען הלכות דינים, מוסר, כללים פון אסקעטיזם און קבלה. די הויפט־אויפגאבע פון דעם ווערק איז געווען: געבען אלע יודישע געבאטען און דינים א קבלה'סטישען פירוש. אין דעם ספר געפינען זיך פיעל געדאנקען, וועלכע זענען אבער אויפגעשריבען אהן שום סדר. איבער דעם גאנצען ווערק שוועבט דער גייסט פון אר"י'ס לעהרע, לויט וועלכער די וועלט איז נישט מעהר ווי א נעסט פון קליפות און א קוואל פון צרות, דער מענש – א זינדיגע בריאה, און די רעליגיע – א מיטעל צו פייניגען זיך און צו מתקן זיין די זינדיגע נשמה. אזא וועלט־אנשויאונג איז געווען גום צוגעפאסט צו דער שטימונג פון די דייטשע יודען, אנגעשראקענע, דערשלאגענע געטא־קינדער. דער דייטשער יוד איז געווען א אסקעטי

פון קאָפּ ביז די פיס, און די פּראַקטישע קבלה האָט נאָר טעאָרעטיש פאָרמולירט דאָס, וואָס האָט שוין עקסיסטירט אין לעבען.

אין יענער צייט איז אויך בעשאַפען געוואָרען די פּאָפּולערע צו־גענגליכע ליטעראַטור אויף דייטש־יודיש, וואָס האָט שפּעטער זיך אנגעהויבען רופען „זשאַרגאָן". די דאָזיגע ליטעראַטור האָט געהאַט א גרויסען איינפלוס אויף די פאָלקס־מאַסען, בעזונדערס אויף די פרויענצימער, וועלכער איז א דאַנק דער דרוק־ערפינדונג אַלץ מעהר געוואַקסען. די סידורים און דער תנ"ך האָבען אָנגעהויבען זיך דרוקען אין איבערזעצונגען אויף זשאַרגאָן פאַר יענע פּראָסטע מענשען און ווייבער, וואָס פערשטעהען נישט קיין לשון־קודש. זעהר פערשפּרייט איז געוואָרען דער „צאינה וראינה" (אַרויסגעגעבען אין 1622) — א פּירוש אין יודיש אויף דער תורה צוזאַמען מיט די לעגענדען און מאמרים פון מדרש, אגדה און שפּעטער־דיגע מפרשים. דאָס דאָזיגע בוך, וואָס איז פערפאַסט געוואָרען דורך ר' יעקב בן יצחק פון פּראָג, איז געוואָרען א מין „תורה פאַר ווייבער" און פיעל דורות יודישע פרויענצימער האָבען זיך ערצויגען אויף דעם בוך און פון דאָרט געשעפּט זייער גייסטיגע שפּייז, זייער פאָרשטעלונג וועגען מוסר, רעליגיע און יודישער געשיכטע. נאָך ביז היינט לייענען טויזענדער פרומע יודישע פרויענצימער מיט דעם גרעסטען פער־געניגען און יראת־הכבוד אַלע שבת דעם „צאינה וראינה" און פון דאָר־טען נעהמען זיי די הויפּט־יסודות פון זייער פאָרשטעלונג וועגען דער וועלט און מענשען. דאָס דאָזיגע בוך, וואו עס געפינען זיך נישט די שרעקליכע גרויזאַמע מעשות פון דער קבלה און דער מרה־שחורה'דיגער גייסט פון דעם „מוסר", דאָס דאָזיגע בוך, וואָס אָטעמט מיט פּראָסט־קייט און געזונטע פאָלקס־געפיהלען, האָט געשפּיעלט א בעזונדער ראָליע אין דעם אינערליכען יודישען לעבען און האָט אויך געהאַט א ווירקונג אויף דער נייער זשאַרגאָנישער ליטעראַטור פון דער שפּעטערדיגע עפּאָכע.

---

## פינפטעס קאפיטעל.

### די יודען אין פוילען.

דער שטראָם פון דער יודישער אויסוואנדערונג איז געגאנגען אין צוויי ריכטונגען: אין דער צייט, ווען די יודישע גולים פון שפאניען און פארטוגאל האבען אויסגעוואנדערט קיין טערקיי, זענען פון עסטרייך און דייטשלאנד געגאנגען גרויסע שורות יודען אין אַ אנדער פונקט: צו די סלאווען אין פוילען און אין ליטא, וואו עס האט שוין דע־מאלט עקסיסטירט אַ גרויסער יודישער צענטער. אָבער נישט גלייך איז געווען דער גורל פון די ביידע צענטערן, טערקיי און פוילען. די ספרדים אין טערקיי זענען ביסלעכווייז איינגעשלאפען, פערזונקען גע־וואָרען אין דער אלגעמיינער אזיאטישער אפאטיע און זייער ראָליע האט זיך שוין געענדיגט, אין דער צייט ווען די אשכנזים אין דייטש־לאנד האבען נאך געהאט אַ גרויסע קוועלע פון פרישע כוחות און זייער ראָליע האט זיך ערשט אנגעהויבען. נאך בבל און שפאניען, איז אין קיין לאנד נאך נישט געווען אזא שטארקע קאָנצענטראציע פון יודישע קרעפטען אויף איין אָרט און אזא ברייטער פלאץ פאר דער נאציאָנאלער ענטוויקלונג, ווי אין פוילען פון 16־טען יאָהרהונדערט און ווייטער.

די איינגעוואנדערטע אשכנזים האבען אין פוילען שוין געפונען אַ פארטיגען גוטען באָדען. די גרויסע יודישע בעפעלקערונג אין די שטעדט און אין די דערפער פון פוילען און ליטא איז נישט געווען, אזוי ווי אין דייטשלאנד, איין עקאָנאָמישער קלאס, וואס האט פאר זיך נאר איין און איינציגע פונקציע, נאר אַ פערשידענארטיגער קרייז,

וואס האט זיך בעטהייליגט אין די פערשידענע צווייגען פון עקאנאמישען און געזעלשאפטליכען לעבען. אין פוילען זענען די יודען נישט געוועזען צוגעבונדען צו צוויי געצעהלטע פראפעסיעס — געלד אויף פראצענט און קליין-האנדעל, נאר זיי האבען זיך בעטהייליגט אין אלע פערשידענע געביטען פון אינדוסטריע און זאגאר אויך אין דארפס-ווירטשאפט, אלס פערמער און ארענדארען. די יודישע גרויסע פינאנסיסטען האבען זיך בעשעפטיגט מיט אבקויפען די קעניגליכע אבצאהלונגען און שטייער און נישט זעלטען געשפיעלט א גרויסע ראליע אלס פינאנץ-אגענטען. שפעטער, ווען מען האט יודען שוין נישט דערלאזען צו דעם אבקויף פון די מלוכה-אבצאהלונגען, האבען די יודישע פינאנסיסטען אליין נישט אויפגעהערט נעהמען אין ארענדע די גיטער פון קעניג און פון די פריצים שליאכטע און דערביי געהאט דאס רעכט צו האבען שענקען, עקספלאאטירען די זאלץ-גרובען, די וועלדער און אנדערע ערד-אוצרות. די גרויסע יודישע סוחרים פלעגען זיך פערנעהמען מיט ארויספיהרען די פוילישע דארפס-פראדוקטען קיין עסטרייך, וואלאחיען און טערקיי. די יודישע פאלקס-מאסען ווידער האבען זיך פערנומען מיט מסחר, מלאכות, פערמעריי און ערטערווייז אויך מיט ערד-ארבייט.

אויף אזא אופן זענען יודען געוועזען פערבונדען דורך טויזענד פעדים מיט דעם עקאנאמישען לעבען פון לאנד און דעריבער איז זייער רעכטליכע לאגע געוועזען פערשידענארטיג און געהאט פיעל פערשידענע פארמען. פוילען איז געוועזען א טיפישע שטאנדען-מלוכה וואו די בעזונדערע קלאסען האבען צווישען זיך צוטהיילט די מאכט און שטענדיג געפיהרט א פאליטישען קאמפף צווישען זיך צוליעב דער מאכט און אט פון דעם שטענדיגען פאליטישען קאמפף איז אויך געוועזען אבהענגיג די יודישע לאגע. די קעניגליכע מאכט איז געוועזען בעגרענעצט דורך דער קאנסטיטוציע און געהאט אויסצושטעהן א קאמפף און צוזאמענשטויס מיט דער גרויס-שליאכטע; די גרויסע שליאכטע ווידער האט שטענדיג געקעמפפט און געאמפערט זיך מיט דער קליין-שליאכטע און מיט די שטעדטישע שטאנדען, די סוחרים, בירגער און האנדווערקער, וואס זענען געוועזען שטארק דורך זייער זעלבסטפערוואלטונג און צעכען-ארגאניזאציע. דער קאמפף איז געפיהרט געווארען אין די מאסען, אין די געזעצגעבענדע פערזאמלונגען, אין די מאגיסטראטען און אין די געריכטען. חוץ די אלע בעזונדערע קלאסען האבען זיך

נאָך געפיהרט זייער בעזונדער ליניע די גייסטליכע פון דער קאַטוילישער קירך, וועלכע איז אַ דאַנק דער רעאַקציע נאָך דער רעפאָרמאַציע און אַ דאַנק דער ענערגישער טעטיגקייט פון די יעזואיטען אַ גרויסע מאַכט געוואָרען. אַט די אַלע פערשידענע גרופען האָבען זיך בעצויגען צו יודען פערשידען, יעדע לויט איהרע אייגענע אינטערעסען. וועגען בעציהען זיך צו יודען פשוט אַלס מענשען גלייכבערעכטיגטע האָט דעמאָלט קיין רייד נישט געקענט זיין; זיי האָט מען געשעצט נאָר לויט דעם נוצען, וואָס זיי האָבען געקאָנט ברענגען דעם אָדער יענעם קלאַס; און אַזוי ווי דאָס, וואָס איז געווען נוצליך פאַר איין קלאַס, איז אָפטמאָל געווען געגען די אינטערעסען פון אַ צווייטען קלאַס, זענען אַרויסגעקומען קאָנפליקטען און יודען זענען אָפט מאָל געווען בעשיצט פון איין זייט און געראָדפ׳ט פון אַ צווייטער זייט.

די יודען אין פוילען האָבען געהאַט צוויי פערטיידיגער: די מלכים און די גרויס-שליאַכטע, און אויך צוויי שטענדיגע שונאים: די גייסטליכע און די שטעדטישע איינוואוינער. פאַר דער קעניגליכער מאַכט זענען יודען געווען אַ קוועלע פון געוועהנליכע און אויסערגעוועהנליכע שטייערען, וואָס האָבען אָנגעפילט די פּוסטע מלוכה-קאַסע. אָבער חוץ דעם זענען יודען געווען נאָך נוצליך פאַר די קיסרים דורך זייער קאָמערץ. די קיסרים האָבען טייער געהאַלטען די יודישע פינאַנסיסטען, וועלכע האָבען אָבגעקויפט די מלוכה-שטייערען אָדער גענומען אין אַרענדע די קעניגליכע גיטער און פאָראויס איינגעצאָהלט גרויסע סומען געלד; ביי אַזעלכע יודישע גבירים האָט מען שטענדיג געקענט בעקומען הלואות אָדער אַוואַנסען און דעריבער זענען זיי געווען מקורבים למלכות, הויף-אַגענטען, וואָס האָבען אָפט געקאָנט אויסבעטען אַ טובה פאַר יודען. די גרויס-שליאַכטע ווידער פון איהר זייט איז געווען צו פויל און אַריסטאָקראַטיש, אַז זי זאָל קענען אַליין פיהרען ווי געהעריג די פערוואַלטונג איבער די גיטער, און דעריבער זענען די יודישע אַרענדאַרען און פערמער געווען נוצליך פאַר דער שליאַכטע. אינגאַנצען פיינדליך געשטימט צו יודען זענען געווען די שטעדטישע סוחרים און האַנדווערקער, וועלכע האָבען געזעהן אין יודען זייערע קאָנקורענטען. די מאַגיסטראַטען פלעגען שטאַרק דריקען די יודען אין האַנדעל און אין מלאכה און נישט דערלאָזען זיי קויפען קיין הייזער, און די האַנדווערקערצעכען פלעגען פשוט אָנרייצען אויף יודען דעם המון, וועלכער האָט געהאַט קליינע פּאָגראָמלעך. נאָך ענערגישער פלעגען אַגיטירען געגען יודען

די גײַסטליכע, װעלכע עס פֿלעגט זיך אַמאָל אײַנגעבען דורכפֿיהרען אין די סײַמען געװיסע יודישע בעגרענצונגען.

אָט פֿון די אַלע בעזונדערע געגענזעצטע אינטערעסען פֿון די פּױלישע קלאַסען איז געװען אָבהענגיג און פֿון צײַט צו צײַט זיך געענדערט די יודישע לאַגע.

אין די ערשטע יאָהרען פֿון 16-טען יאָהרהונדערט האָבען יודען װידער בעקומען די אַלע רעכטען, װעלכע מען האָט בײַ זײ ערטערװײַז גערױבט אָבגענעהמען אין עטליכע פֿון פֿאָריגען יאָהרהונדערט. דער זעלבער ליטװישער גרױספֿירשט אַלעקסאַנדר יאַגעלאָן, װאָס האָט אין 1495 בעפֿױלען אַרױסצוטרײַבען יודען פֿון אַלע זײַנע פּראָװינצען, האָט די יודען צוריקגערופֿען, װי נאָר ער איז נאָכ׳ן טױט פֿון ברודער געװאָרען קעניג פֿון פּױלען. אין 1503 האָט דער פּױלישער קעניג, נאָך אַ בעראַטונג מיט די „פּאַנעס״, פֿערעפֿענטליכט זײַן בעשלוס: אָנגענעהמען צוריק די יודען, װאָס זענען אַרױסגעטריבען געװאָרען פֿון ליטאַ, ערלױבען זײ װױנען אין אַלע ערטער, װאו זײ האָבען פֿריהער געװױנט, און אומקעהרען זײ די שוהלען, הײַזער, בית-עלמינ׳ס, פֿאָלװאַרקעס, װעלכע זײ האָבען פֿריהער געהאַט. די סיבות פֿון דער ענדערונג זענען געװען גאַנץ קלאָר: יודען זענען נױטיג געװאָרען צוליעב זײער גרױסער עקאָנאָמישער ראָליע אין פּױלען, װאָס איז אין 1501 געװאָרען פֿיעל נאָהענטער פֿערבונדען מיט ליטאַ. אײנער פֿון די אָבקױפֿער פֿון די קעניגליכע אָבצאָהלונגען, דער רײַכער יוד יאָסקאַ, האָט געהאַלטען אָבגעקױפֿט די טאַמאָזשנע-אָבצאָהלונגען אין לובלינער, חעלמער, בעלזער, גרובעשאָװער, פּאָדאָלער, לעמבערגער, סאַנאָקער און פּרזשעמישלער ראַיאָנען, ד. ה. כמעט אין אַ העלפֿט פֿון גאַנצען פּױלישען טעריטאָריום. אַלס לױן פֿאַר זײַן נוצליכער טעטיגקײַט האָט דער קעניג אַלעקסאַנדר בעפֿרײַט יאָסקאַ׳ן און אַלע זײַנע בעדינטע פֿון געריכט פֿון דער אַדמיניסטראַציע און אַרױסגעגעבען אַ בעפֿעהל, אַז זײ זענען נאָר אונטערװאָרפֿען דעם קעניגליכען געריכט. באמת האָט אַלעקסאַנדר אױך יעצט נישט געהאַט קײן פֿרײַנדליכע געפֿיהלען בנוגע די יודען, און דאָס זעהט מען אַרױס פֿון דעם פֿאַקט, װאָס אין 1505, װען ער האָט בעפֿױלען אַרײַנשטעלען אין דעם פּױלישען בוך פֿון געזעצען די אַלטע יודישע „גרױסע חאַרטיע פֿון פֿרײַהײַט״, האָט ער דערבײַ געהײסען צושטעלען, אַז ער בעשטעטיגט נישט די חאַרטיע און ער-

לויבט נאָר צו פערעפענטליכען זי, „צוליעב דער פערטיידיגונג פון דער בעפעלקערונג געגען יודען".

דער נאָכפאָלגער פון אלעקסאנדער, סיגיזמונד דער ערשטער, קעניג פון פוילען און גרויספירשט פון ליטא (1506—48), האָט זיך בע-צויגען צו יודען פיעל ליבעראלער. זיין פרינציפ איז געווען: „סיי די רייכע און הערשענדע פאנעם, סיי די אָרימע, דארפען אלצאיינס גערעכ-טיג בעהאנדעלט ווערן". דעם פרינציפ האָט ער זיך געסטארעט אָנ-ווענדען אויך בנוגע צו יודען, חאָטש ער איז געווען א פרומער קאטוי-ליקער. אָבער ער האָט דאָס געקאָנט טאָן נאָר דאָרט, וואו די קע-ניגליכע מאכט האָט נישט בעגרענעצט קיין שטערונגען פון דער שליאח-טע און אנדערע שטאנדען. אין ליטא, וואו די קעניגליכע מאכט איז געווען ברייטער, עלטער און גרינדליכער, האָט סיגיזמונד דער ערש-טער טאקע אָבגעגעבען דעם גרעסטען טייל פון זיינע שטייערען און אָבצאָהלונגען אין די הענד פון די יודישע קאפיטאליסטען. דער הויפט-אָבקויפער פון די קעניגליכע הכנסות אין ליטא, דער יוד מיכל יאָזע-פאָוויטש, פלעגט אמאל אויך ערפילען די פליכט פון א קעניגליכען קאזנאטשיי און ער פלעגט אויסצאָהלען די פענסיעס פאר די בעאמטע אָדער אָבצאָהלען די קעניגליכע חובות. סיגיזמונד האָט יאָזעפאָוויטש'ען בעשטימט אלס „עלטסטען" איבער אלע ליטווישע יודען. און ער האָט געהאט גרויסע פאָלמאכטען: משפט'ן יודען לויט די יודישע געזעצען, אויפמאָהנען פון זיי אלע מלוכה-שטייערען און ווענען אלע וויכטיגסטע יודישע ענינים פערזענליך איבעררעדען מיט'ן קעניג. אלס א געהילף צו זיך האָט ער געדארפט צונעהמען איינעם א רב. צי יודען האָבען אנערקענט דעם דאזיגען „עלטסטען", וואס איז נישט אויסגעוועהלט גע-וואָרען, נאָר אָהן דער דעה פון יודען בעשטימט געוואָרען דורכ'ן קעניג? דאס איז א גרויסער ספק. אָבער, ווי עס שיינט, האָט יאָזעפאָ-וויטש אליין זיך נישט בענוצט מיט זיין מאכט און נישט אנגעווארפען זיך אויף יודען אלס „עלטסטער". ער האָט נאָר אויסגענוצט זיין פאָל-מאכט אלס פערמיטלער צווישען יודען און קעניג, און פלעגט יודען וואהרשיינליך טובות טאָן. זיין ברודער, אברהם, האָט זיך געשמד'ט צוליעב א קאריערע, און אלע זיינע קינדער זענען שוין קריסטען געווען.

די ליטווישע יודען זענען געבליבען ביי דער אלטער ליבעראלער חארטיע פון גרויספירשט וויטאָווט, לויט וועלכער יודען איז געגעבען געוואָרען דאס רעכט צו האנדלען און פערנעהמען זיך מיט האנדווערק,

ווי אויך א גאראנטיע פון גערעכטיגען משפט און א אינערליכע אויטא=
נאמיע. עס זענען, אמת, געווען פראבען פון די „מיעשטשאנעס" צו בע=
בענגרענצען די יודען אין די רעכטען פון האנדעל, און די וואיעוואדעס
און בעאמטע האבען זיך געפרובט אריינמישען אין דער יודישער אינער=
ליכער אויטאנאמיע, אבער סיגיזמונד דער ערשטער האט ענערגיש זיך
אנגענומען פאר יודען. אין 1533 האט ער ארויסגעגעבען א שטרענגען
בעפעהל נישט אנצורירען די אלטע יודישע רעכטען, וואס טארען נישט
אבגעשאפט ווערן דורך די נייע קאדעקסען. איבעריגענס, ליטא איז
נאך דעמאלט געווען א פאטריארכאליש לאנד, וואו די הויפט=בעשעפטיגונג
איז געווען ערד=ארבייט, וואו דער קלאסען=קאמפף איז נאך געווען זעהר
שוואך, און דעריבער האט מען נאר זעלטען געפרובט אנרירען די יודי=
שע רעכטען אויף פרייען האנדעל, אזוי אז אין אלגעמיין זענען זיי פער=
בליבען ביי זייער אלטער חארטיע. זיי האבען געוואוינט אין די שטעדט
און אין די דערפער און זענען נישט געווען אזוי שטארק אבגעטיילט פון
דער קריסטליכער בעפעלקערונג, לויט דער שפראך און ארט לעבען,
ווי שפעטער. די יודישע געמיינדעס פון בריסק, גראדנא, ביעלסק,
פינסק און טראק האבען זיך גערעכענט פאר די הויפט=געמיינדעס אין
ליטא. אין בריסק האט דער רב ר' מענדעל פראנק בעקומען פון קעניג
ברייטע פאלמאכטען צו משפט'ן און צו בעשטראפען יודען, נישט אויס=
שליסענדיג אויך דאס רעכט פון ארויפלעגען חרם.

גאר אנדערש איז געווען די לאגע פון יודען אין די גרויסע
שטעדט פון קרוין=פוילען. דארט איז די שטאדטישע אינדוסטריע שוין
געווען פיעל מעהר ענטוויקעלט, איידער אין ליטא, און דעריבער זענען
יודען געווען אין פיעל געביטען קאנקורענטען פאר די קריסטען. בענו=
צענדיג זיך מיט דער ברייטער זעלבסט=פערוואלטונג (מאגדעבורגער רעכט),
האבען די קריסטליכע הענדלער און האנדווערקער דורך די מאגיסטראטען
און צעהען געשטרעבט צו בעגרענצען די האנדעלס=רעכטען פון זייערע
יודישע קאנקורענטען. בעזונדערס איז די שטרעבונג געווען שטארק אין
פויזען, קראקוי און לעמבערג, די הויפט=צענטרען פון די דריי פראווינצען:
גרויס=פוילען, קליין=פוילען און טשערוואנא רוס (גאליציען). אין פויזען האט
מען נישט געלאזט יודען האנדלען און האלטען מאגאזינען חוץ דעם יודישען
קווארטאל. די יודען האבען זיך בעקלאגט פאר'ן קעניג, וועלכער האט
בעפוילען, אז מען זאל זיי נישט שטעלען קיין שטערונגען און נישט
אנרירען זייערע פריווילעגיעס (1517). דערויף האבען די קריסטליכע

סוחרים געענטפערט, אז יודען דינגען־אויס די בעסטע מאַגאַזינען אין די צענטראַלע גאַסען פון שטאָדט, און אז א גרויסע צאָהל יודען אין צענטר פון דער קריסטליכער בעפעלקערונג קען ברענגען צו שלעכטע רעזולטאַטען פאַר דער קאַטוילישער רעליגיע. דאָס האָט געווירקט אויף דעם פרימען סיגיזמונד און דורך א צווייטען בעפעהל פון 1520 האָט ער פערבאָטען פאַר יודען צו דינגען מאַגאַזינען אין מאַרק. מען האָט די פויזנער יודען נישט געלאָזט זאָגאַר איינקויפען אויפ'ן מאַרק עסענוואַרג און אַנדערע סחורות, איידער די קריסטליכע איינוואוינער וועלען נישט איינקויפען פאַר זיך אַלץ, וואָס זיי דאַרפען. שפּעטער, ווען עס האָבען אנגעהויבען קומען קיין פויזען פרישע יודען, האָט דער קעניג בעפוילען, אז מען זאָל מעהר נישט אריינלאָזען אין שטאָדט קיין פרישע איינוואוינער און אז מען זאָל יודען נישט פערקויפען קיין קריסטליכע הייזער אָהן דער ערלויבניש פון קהל; יודען האָבען געדאַרפט וואוינען נאָר אין בעזונדערע קוואַרטאַלען און נישט בויען קיין הייזער אַנטקעגען די קריסטליכע (1532). דאָסזעלבע איז אויך פאָרגעקומען אין לעמבערג, וואו דער מאַגיסטראַט האָט זיך בעקלאָגט אויף דער קאָנקורענץ פון די יודישע סוחרים, און דער קעניג האָט דעריבער אַביסעל בעגרענצט די יודישע האַנדעלס־רעכטען. אויף דעם פעטריקאָווער סיים פון 1521 איז יודען ערלויבט געוואָרען צו האַנדלען נאָר מיט 4 זאַכען: וואַקס, פוטער, טוך און פיה. די מאַגיסטראַטען פון פויזען, קראַקוי און לעמבערג האָבען זאָגאַר געוואָלט מאַכען א פערבאַנד צווישען זיך, כדי צוזאַמען פיהרען א עקאָנאָמישען קאַמפף געגען יודישען האַנדעל. אין קראַקוי און אין קאַזשימירזש איז דער יודישער האַנדעל בעגרענצט געוואָרען נאָך מעהר, ווי אין די איבעריגע 2 רעזידענצען פון פוילען.

די האַנדעלס־קאָנקורענץ פלעגט אמאָל פיהרען צו גאַסען־אָנפאַלען און פאָגראָמען. אין פויזען און דער סביבה זענען טאַקע פאָרגעקומען אָנפאַלען אויף יודען. אַזוי ווי מען האָט אויך ערוואַרטעט א אָנפאַל אין קראַקוי, האָבען די פאָרשטעהער פון די קראַקוי'ער יודען זיך בעקלאָגט פאַר'ן קעניג, און אין א דעקרעט פון 1530 האָט סיגיזמונד אין שטרענגע ווערטער אויסגעדריקט זיין צאָרן געגען די אָנפאַלער און מודיע געווען, אז די פאָגראָמשטשיקעס וועלען בעשטראָפט ווערן מיט טויט־שטראָף און מיט קאָנפיסקאַציע פון פערמעגען. כדי צו בערוהיגען די יודען, האָט דער קעניג געהייסען נעהמען ביי די איינוואוינער פון קראַקוי

אַ קויציע פֿון 10 טויזענד גריװעניקעס, אַלס גאַראַנטיע פֿאַר דער רוהיגקייט און זיכערהייט אין שטאָדט.

נאָר פֿון איין צרה האָט סיגיזמונד נישט געקאָנט בעפֿרייען די יודען: פֿון דעם אַפּעטיט פֿון די בעאַמטע צו נעהמען געלד ביי יודען. סיי די העכערע בעאַמטע, סיי די אָרטיגע אַדמיניסטראַציע פֿלעגט נעמען חאַבאַר און בערייסען די בעפֿעלקערונג. זאָגאַר סיגיזמונד'ס צווייטע פֿרוי, די איטאַליענערין באָנאַ, פֿלעגט פֿאַר געלד פֿערקויפֿען די העכערע רעגירונגס-שטעלען. דער קרוין-מאַרשאַל און קראַקויער װאָיעװאָדאַ פּעטר קמיטאַ, אַ פֿאַװאָריט פֿון דער קעניגין, פֿלעגט נעהמען חאַבאַר סיי ביי די קריסטליכע סוחרים, סיי ביי די יודישע, װאָס פֿלעגען איינע אויף די אַנדערע זיך בעקלאָגען, און סיי די קריסטען סיי די יודען פֿלעגט ער צוזאָגען, אַז ער װעט פֿערטיידיגען זייערע אינטערעסען פֿאַר'ן קעניג אָדער סיים.

אין 1530 איז די שליאַכטע אויף די פּױלישע סיימען אַרויסגעטרעטען געגען יודען, און די יודענפֿראַגע איז געװאָרען אַ טעמאַ פֿון הייסע דעבאַטען. די פּױלישע שליאַכטע איז געװען זעהר אויפֿגעבראַכט דערויף, װאָס מען פֿערקויפֿט די יודישע פֿינאַנסיסטען די מלוכה-שטייערען און אָבצאָהלונגען, אַזוי אַז יודען פֿערדינען פֿיעל געלד און אויסערדעם װערען זיי דאַדורך מקורבים צום הויף און רייסען זיך אַריין צווישען די מיוחסים-אַדעליגע. די שטאָדטישע בירגער, װידער, האָבען געװאָלט מען זאָל בעגרענצען די יודען אין האַנדעל, און די גייסטליכע האָבען בכלל מורא געהאַט, אַז יודען זאָלען קיין קראַפֿט נישט װערען. אין פּעטריקאָװער סיים פֿון 1538 האָט די יודענפֿיינדליכע פּאַרטיי געפֿיהרט איהר אַגיטאַציע מיט גרויס ערפֿאָלג. זיי האָבען דורכגעפֿיהרט אַ „קאָנסטיטוציע" מיט אַ ספּעציעלער אָבטיילונג װעגען יודען, װאו עס װערט געזאָגט, אַז די אָבקויפֿער פֿון די מלוכה-שטייערען דאַרפֿען זיין נאָר אַדעליגע און קריסטען, אַז יודען טאָרען בכלל נישט צוגעלאָזען װערען צו קיין בכבוד'יגע שטעלעס צווישען קריסטען, אַז יודען פֿערלירען דאָס רעכט פֿון האַנדעל אומעטום, נאָר אין יעדען אָרט בעזונדער קאָנען זיי האַנדלען מיט אַ ערלויבניש פֿון קעניג, אָדער מאַגיסטראַט, און אין די דערפֿער װערט זיי אינגאַנצען פֿערבאָטען צו האַנדלען. אָבער נאָך שענדליכער און בעליידיגענדער איז געװען דער בעשלוס פֿון דעם סיים, אַז יודען זאָלען װידער אָנהויבען טראָגען בעזונדערע צייכענס אויף די מלבושים, אַזוי אַז מען זאָל זיי קאָנען אונטערשיידען פֿון די קריסטען.

אויף אזא אופן האט דער פעטריקאווער סיים זיך אומגעקעהרט צו די מיטעלאלטערישע פינסטערע מיינונגען און געוואוינהייטען.

אבער פון אלע פונקטען פון דער „קאנסטיטוציע" פון 1538 האט פאר יודען געהאט א ערנסטען רעזולטאט נאר דער ערשטער: וועגען אבנעהמען ביי זיי דעם אבקויף פון מלוכה=שטייערן; עס זענען אויך איינגעפיהרט געווארען געוויסע בעגרענצונגען פאר'ן יודישען האנדעל, אבער דער פונקט וועגען בעזונדערע צייכענס אויף די יודישע מלבושים איז געווען נישט מעהר ווי א דעמאנסטראציע, ווייל אין דער צייט, ווען יודען האבען שוין געשפּיעלט אזא אנגעזעהענע ראליע אין עקאנאמישען לעבען פון לאנד, איז פשוט געווען אונמעגליך דורכצופיהרען אזא מיטעלאלטערישע גזירה.

די קלעריקאלען האבען בכלל דעמאלט אויפגעהויבען דעם קאמף און געפיהרט א גרויסע אגיטאציע געגען יודען. פונקט צו יענער צייט האט אין פוילען אנגעהויבען וואקסען א אפיקורסישע סעקטע, וואס האט אבגעלייקענט דעם קריסטליכען דאגמאט פון דרייאייניגקייט, און דעריבער זענען די גייסטליכע געווארען אבגעשראקען און אומעטום האט זיך זיי אויסגעוויזען, אז יודען פיהרען א פּראפּאגאנדע געגען קריסטענטום און פיעל קריסטען וועלן איבערגעהן צום יודענטום. אז עטוואס אמת איז געווען אין דער מורא, בעווייזט פאלגענדער פאקט: איינע א אלטע קאטוילין אין קראקוי, די פרוי פון א ראטמאן, יעקאטערינא מאלחעראווא זאליעשקאווסקא, איז בעשולדיגט געווארען, אז זי לייקענט אין די הויפּט=פּרינציפּען פון קריסטענטום און וויל איבערגעהן צו דער יודישער רעליגיע. דער קראקויער ביסקופּ האט זיך בעמיהט זי אומקעהרען צוריק צו דער קירך, אבער יעקאטערינא איז געווען פער'עקשנ'ט אין איהר אפּיקורסות און דעריבער האט מען זי גע'משפט און פער'משפט צום טויט. די אומגליקליכע האט מען עפענטליך פערברענט אויפ'ן קראקויער מארק (1539). אט ווי א פּוילישער שריפטשטעלער, וואס האט מיט זיינע אויגען צוגעזעהן דעם משפט, בעשרייבט דאס: „דער קסיאנדז גאמראט, קראקויער ביסקופּ, האט צונויפגעזאמעלט אלע קאנאניקער און קאלעגיאטען אויף אויסצוהערן איהר „אני מאמין". ווען מען האט איהר געפרעגט, צי זי גלויבט אין דעם אלמעכטיגען גאט, דעם בעשעפער פון הימעל און ערד, האט זי געענטפערט: „איך גלויב אין דעם גאט, וועלכע האט בעשאפען אלץ, וואס מיר זעהען, און וואס מיר זעהען נישט, וועלכען דער מענשליכער

שכל קען ניט משיג זיין, וועלכער גיסט אויס זיינע חסדים אויף
אונז, מענשען, אין אויף אַלץ אין דער וועלט!". ווען מען האָט זי
ווידער געפרעגט, צי זי גלויבט אין קריסטוס'ען, האָט זי געענטפערט:
„גאָט האָט ניט געהאַט קיין ווייב און ניט קיין זוהן און ער האָט דאָס
אויך ניט געדאַרפט, ווייל זיהן דאַרף נאָר דער, וואָס וועט אַמאָל
שטאַרבען, און ניט דער, וואָס לעבט אייביג, און אַזוי ווי גאָט איז
קיינמאָל ניט געבוירען געוואָרען, אַזוי וועט ער קיינמאָל ניט שטאַר=
בען. אונז רעכענט ער פאַר זיינע זיהן, און גאָט'ס זיהן זענען אַלע,
וואָס געהען אין זיינע וועגען". מען האָט געפרובט איינ'טענה'ן מיט
איהר, בעוויזען איהר דעם „טעות", אַרויפוואַרפען אויף איהר אַ שרעק,
אָבער וואָס מעהר מען האָט מיט איהר איינגע'טענה'ט, אַלץ פער=
עקשנ'טער איז זי געבליבען ביי איהר „זשידאָווסקע" רעליגיע. דאַן
האָט מען זי געמוזט פער'משפט'ן צום פערברענען, און דער היסטאָ=
ריקער פון יענער צייט דערצעהלט: „זי איז געגאַנגען צום טויט, פונקט
ווי מען געהט אויף אַ חתונה".

אין דערזעלבער צייט האָבען זיך פערשפרייט קלאַנגען, אַז אין
פיעל ערטער פון פוילען האָבען פיעל קריסטען אָנגענומען דאָס יודישע
גלויבען, זיך מל געווען און אַרויסגעפאָהרען קיין ליטאָ, וואו זיי בע=
האַלטען זיך ביי די דאָרטיגע יודען. ווען מען האָט וועגען דעם מודיע
געווען דעם קעניג, האָט ער אַרויסגעשיקט קיין ליטאָ צוויי קאָמיסאַ=
רען, וועלכע האָבען געדאַרפט מאַכען אַ שטרענגע אויספאָרשונג (1539).
די קאָמיסאַרען האָבען אין ליטא ניט ענטדעקט קיין פּאָליאַקען=גרים,
נאָר דערווייל האָבען יודען פיעל געליטען, ווייל די קאָמיסאַרען האָבען
אַרעסטירט פיעל יודען, זיך אַריינגעריסען אין די יודישע הייזער און
אָבגעשטעלט די רייזענדע. איידער עס האָט זיך נאָך פערענדיגט די
אויספאָרשונג, איז געגען די ליטווישע יודען שוין אַרויסגעשטעלט געוואָ=
רען אַ נייע בעשולדיגונג, אַז פיעל פון זיי שטעהען כלומר'שט אין
פערבינדונגען מיט דעם טערקישען סולטאַן און ווילען צוזאַמען מיט די
גרים אַרויספאָהרען קיין טערקיי. דער אַלטער קעניג סיגיזמונד האָט,
ווי עס שיינט, געגלויבט אין די בבא=מעשות, און אין אַ בריעף צום
קאַנצלער האָט ער געשריבען: „פאָריגעס יאָהר האָבען צוויי אונזערע
אונטערטאַנען דערצעהלט, אַז פיעל קריסטען זענען גע'מל'ט געוואָרען
דורך יודען. היינטיגעס יאָהר איז צו אונז געקומען איינער אַ יוד, בשעת
מיר זענען געווען אין ווילנאָ, און דערצעהלט, אַז זייענדיג אין וואַלאַכיע

האָט ער געזעהן הונדערטער גע׳מל׳טע קריסטען, וועלכע מען האָט געפיהרט פון פוילען דורך דער גרעניץ קיין טערקיי. די קריסטען, וואָס האָבען נישט געוואָלט פערלאָזען זייערע פרויען און קינדער, האָבען די יודען שרעקליך געשלאָגען. אויך האָבען די יודען געשריבען דעם סולטאַן און איהם געבעטען, אז ער זאָל זיך משתדל זיין פאַר אונז, מיר זאָלען ערלויבען אַרויספאָהרען די יודען און בעזעצען זיך אין טערקיי. דער סולטאַן האָט זיי געענטפערט פאָלגענדעם: עס איז לחלוטין איבעריג אַריינטרעטען אין אונטערהאַנדלונגען מיט דעם פוילישען קעניג, ווייל איבער אַ יאָהר וועל איך מיט מיין אַרמעע קומען קיין פוילען און זיך אָברעכנען מיט די פאָליאַקען, ווי איך האָב זיך אָבגערעכענט מיט די אונגאַרען, און זיך בעזעצען אין מיין מלוכה נישט בלויז די יודען, נאָר אויך די קריסטען. נאָך דער ערצעהלונג און נאָך דער בעשטעטיגונג פון איינעם אַ אַרמענער, מיט וועלכען מיר פיהרען אַ קאָרעספּאָנדענץ, אז אין בענדער האָט ער געזעהן שטעהן 15 יודישע פוהרען פול הפצים, וואָס מען האָט איבערגעפיהרט דורך אונזער גרעניץ קיין טערקיי, קענען מיר שוין מעהר נישט שווייגען א. אז. וו.״.

דער קעניג האָט געהייסען מאַכען אַ נייע אויספאָרשונג, וועלכע האָט ווידער אַנגעוואָרפען אַ פּחד אויף די יודען און זיי געבראַכט פיעל מאַטעריעלען שאָדען. דאַן האָבען די יודען דערשפּירט אַ סכנה פאַר זיך און פון פיעל שטעדט זענען אַרויסגעפאָהרען דעפּוטאַציעס צום קעניג, וועלכע זיי האָבען פייערליך פערזיכערט, אז די אַלע בעשול-דיגונגען זענען נישט מעהר, ווי אַ פּראָנעק בלבול, אז יודען זענען ווייטער טריי דעם קעניג, טראַכטען נישט וועגען אַרויספאָהרען קיין טערקיי און האָבען קיין קריסטען נישט געמאַכט פאַר יודען. די ער-קלערונג פון דער דעפּוטאַציע איז בעשטעטיגט געוואָרען דורך דער אָפיציעלער אויספאָרשונג און סיגיזמונד האָט דאַן ערקלערט יודען פריי פון יעדען חשד און זיי געגעבען דאָס וואָרט, אז אויף ווייטער וועט מען יודען שוין נישט בעשולדיגען אויפ׳ן גרונד פון קלאַנגען און נישט-קאָנטראָלירטע בלבולים. וועגען דעם האָט דער קעניג אַרויסגעגעבען די יודען אַ ספּעציעלע פּריווילעגיע, אין ווילנא, אין 1540.

די קאַטוילישע גייסטליכע האָבען אָבער דאָך נישט אויפגעהערט פיהרען זייער אַגיטאַציע געגען יודען, און ווען זיי האָבען געזעהן, אז מיט די רעדעס פון די קירכע-טריבונעס קענען זיי ווינציג אויפטאָן, האָבען זיי אָנגעהויבען פיהרען זייער אַגיטאַציע אין דער ליטעראַטור און

ארויסגעלאזט א רייהע אנטיסעמיטישע **ווערק** אין גייסט פון מיטעלאלטער. דער פוילישער סינאד פון 1542 האט פערעפענטליכט פאלגענדע „קאנסטיטוציע" וועגען יודען: „נעהמענדיג אין אכט, אז די פיעל יודען, וואס זענען ארויסגעטריבען געווארען פון אלע דערביייאיגע מלוכות און אריינגעלאזט געווארען קיין פוילען, מישען אוים דאס הייליגע מיט דעם אונגלויביגען און זענען זעהר געפעהרליך פאר די קריסטען און פאר דער קירך, האט דער סינאד בעשלאסען: 1) כדי עס זאל נישט פארקומען נאך עפעס ערגערס דאדורך, וואס יודען וועלען זיין קאנצענטרירט אין איין געוויסען ארט, דארף דער סינאד זיך משתדל זיין פאר'ן קעניג, אז אין דער גנעזענער פראווינץ און הויפטזעכליך אין קראקוי זאל פאר יודען איינגעפיהרט ווערן א בעשטימטע נארמע, דהיינו אזוי פיעל, וויפיעל דער ראיאן קען אין זיך אריינעהמען; 2) אז אין די איבעריגע ערטער, וואו יודען טארען שוין פון אלטע צייטען נישט וואוינען, זאל מען זיי ווייטער נישט ערלויבען צו בעזעצען זיך און צו קויפען קריסטליכע הייזער, און די שוין געקויפטע הייזער זאלען זיי מוזען צוריק פערקויפען די קריסטען; 3) אז די נייע שוהלען, אויך די, וואס זענען אין קראקוי געבויט, זאל מען צערשטערען; 4) אזוי ווי די קירך דולדעט יודען נאר אלס אנדענקען וועגען די יסורים פון קריסטוס, דארף אויף קיין פאל נישט דערלאזען ווערן, אז זייער צאהל זאל זיך פערגרעסערן; לויט די בעשלוסען פון די הייליגע געזעצען ווערט זיי ערלויבט נאר צו פערריכטען די אלטע שוהלען, אבער נישט בויען נייע. ווייטער געהען נאך 7 פונקטען: וועגען פערבאטען יודען צו האלטען ביי זיך קריסטליכע דינערשאפט, צו פערנעהמען שטעלעס אלס גוט-פערוואלטער ביי די פריצים, האנדלען אין די קריסטליכע ימים טובים א. אז. וו. פון דעם גאנצען אנטיסעמיטישען פלאן איז פאקטיש גארנישט געווארען, ווייל דער קעניג האט איהם נישט בעשטעטיגט, אבער דערפאר איז די דאזיגע „קאנסטיטוציע" געווארען דער וועג-ווייזער פון די קלעריקאלישע גייסטליכע אויף א לאנגע צייט און איז ביסלעכווייז אריינגעדרונגען אין דעם בעוואוסטזיין פון פאלק אלס פראקטישער מוסטער אין דער פאליטיק בנוגע צו די יודען.

צוליעב די רדיפות און אנפאלען, האבען פיעל יודישע הענדלער פערלאזען די גרויסע שטעדט און זיך בעזעצט אין די קליינע שטעדט און אין די דערפער, וואס האבען געהערט צו די מאגנאטען און שליאכטעם. פון דעמאלט אן זענען פיעל יודען איבערגעגאנגען אין רשות פון

דער שליאַחטע, געלעבט אונטער איהר שוץ, אָבער אויך געוואָרען איהרע קנעכט. צווישען דעם קעניג און דער שליאַחטע האָט שוין פון לאַנג זיך געפיהרט אַ קאַמפף און איינער פון די הויפּט-פּונקטען איז געוועזען די רייסעניש צוליעב יודען. די שליאַחטע איז נישט געוועזען צופרידען מיט דעם געזעץ, לויט וועלכען די יודען קענען וואוינען נאָר אין די קעניגליכע שטעדט, און נישט אין די דערפער און קליינע שטעדטלעך, וואָס געהערען צו די אַדעליגע און שליאַחטע. נאָך לאַנגע וכוחים און רייסענישען האָט די שליאַחטע מנצח געווען און דער אַלטער קעניג סיגיזמונד האָט אין 1539 געזאָגט אין סיים: „די שליאַחטע פון אונזער קעניגרייך פערלאַנגט, אַז זי אַליין זאָל האָבען די גאַנצע נוצען פון די יודען, וואָס וואוינען אין די שטעדטלעך, דערפער און הויפען, און משפט'ן די יודען מיט זייער געריכט. דערויף ענטפערען מיר: אויב די יודען אַליין זענען מוחל אויף דער פּריוויליעגיע צו געמשפט ווערן אין זייער אייגען געריכט און אויף די פּריוויליעגיעס, וועלכע עס האָבען זיי געשאָנקען אונזערע עלטערן די מלכים און וואָס זענען בעשטעטיגט געוואָרען אויך דורך אונז, זענען זיי דערמיט אויך מוחל אויף דער בעשיצונג אונזערע, און מיר וועלען שוין מעהר פון זיי קיין נוצען נישט האָבען, און דעריבער האָבען מיר נישט קיין גרונד צו טאָן זיי מיט געוואַלד טובות און מיר האָבען שוין נישט קיין פליכט צו בעשיצען זיי". די יודען זענען פאָרלויפיג געווען צופרידען מיט דעם געזעץ, ווייל די יודען, וואָס האָבען געוואוינט אין די שליאַחטישע דערפער און שטעדטלעך, זענען דערמיט פּטור געוואָרען פון דעם שטאָדטישען געריכט, וואָס האָט זיך צו זיי אָפט בעצויגען פיינדליך, פּטור געוואָרען פון די רדיפות פון די צעחען און מאַגיסטראַט און דערביי אויך געהאַט שען פּרנסה. די שליאַחטישע שטעדטלעך און גיטער זענען געוואָרען איבערפולט מיט יודישע געוועלבלעך, אַכסניות, שענקען, און דער יוד איז דאָרט געווען אינגאַנצען פריי, אויב נאָר ער האָט געוואוסט, ווי אַזוי אונטערצולעקען זיך צום „פּריץ" און ביי איהם נושא-חן זיין. דאַן האָט זיך אָנגעהויבען די עפּאָכע פון די יודישע אַרענדאַרען, ישוב'ניקעס און שענקער און צוזאַמען דערמיט האָט זיך ענטוויקעלט דער טיפּ פון יודישען „מה-יפית'ניק", וואָס האָט קנעכטיש געדיענט דעם פּריץ, און דאָס האָט געהאַט וויכטיגע רעזולטאַטען אין די שפּעטערדיגע דורות, אין משך פון 300 יאָהר. דער

יוד איז געוואָרען בעזונדערס אונטערטעניג פאַר'ן פריץ אין דער צייט פון סיגיזמונד דעם צווייטען.

סיגיזמונד III אויגוסט (1548–72), דער טראָן־פערטרעטער פון סיגיזמונד I, אַ געבילדעטער און פריינזיניגער, האָט זיך בעצויגען צו יודען טאָלעראַנט און ליבעראל. מיט דערזעלבער טאָלעראַנץ האָט ער זיך בעצויגען בכלל צו אַלע רעפאָרמאַטאָרען און פרעמד־גלויביגע. אין ערשטען יאָהר פון זיין קעניגען האָט ער לויט דער ביטע פון יודען בע־שטעטיגט אויפ'ן גענעראַל־סיים אין פעטריקאָוו דעם אַלטען ליבעראַלען סטאַטוט פון קאַזשימיר IV. סיגיזמונד־אויגוסט האָט אָבער אויך בעדיי־טענד פערברייטערט די אויטאָנאָמיע פון די יודישע געמיינדעס. די רבנים און קהל־פיהרער האָט ער געגעבען ברייטע יורידישע און אדמיני־סטראַטיווע רעכט, אפילו אויפ'ן אַלגעמיינעם געריכט פון די וואָיעוואָ־דעס, ווען אַ יוד האָט געהאַט אַ פּראָצעס מיט אַ קריסט, האָבען גע־מוזט זיך געפינען יודישע „סעניאָרען", ד. ה. אויסגעוועהלטע פאָרשטע־הער פון קהל.

די בעציהונגען צווישען יודען און דעם „דריטען שטאַנד", די שטאָדטישע בירגער, האָבען זיך נישט געביטען צום גוטען בעת דעם קעניגען פון סיגיזמונד־אויגוסט, נאָר דערפאַר זענען זיי געוואָרען מעהר קלאָר, מעהר נאָרמירט. די בעציהונגען צווישען די צוויי קאָנקורענטען, די יודען און די מאַגיסטראַטען, זענען רעגולירט געוואָרען דורך ספּע־ציעלע אָבמאַכען און קאָנטראַקטען. אין די דאָזיגע אָבמאַכען פלעגט דייטליך אויסגערעדט ווערן, אין וועלכע ערטער די יודען מעגען וואוי־נען און זיך פערנעהמען מיט האַנדעל; אין פּוזנא איז זאָגאַר פערבאָ־טען געוואָרען צו פערגרעסערן די צאָהל יודישע הייזער העכער פון אַ בעשטימטער נאָרמע — 49, און צוליעב דעם האָט מען אין געטאָ געמוזט בויען הויכע פיעלשטאָקיגע הייזער. אין אַנדערע שטעדט האָט מען יודען נישט דערלאָזען צו בעזעצען זיך, און פאַר די, וואָס האָבען שוין זיך בעזעצט, אָבגעטיילט ספּעציעלע קוואַרטאַלען, וויים פון צענטער, אָדער מען האָט זיי איינגאַנצען נישט אַריינגעלאָזט און נאָר ערלויבט די סוחרים צו קומען אויף עטליכע טעג צוליעב געשעפט. דאָך אין פיעל שטעדט, וואו דער קעניג האָט דאָס געפונען נוצליך פאַר דעם האַנדעל און פאַר דער מלוכה, האָט מען יודען ערלויבט פריי וואוינען און געגעבען גלייכע רעכטען מיט די איבעריגע איינ־וואוינער. אין איניגע ערטער האָט דער קעניג זאָגאַר פערבאָטען, אַז

די וואָכענטליכע ירידים זאָלען פאָרקומען אום שבת, כדי דערפון זאָלען נישט ליידען די אינטערעסען פון די יודען.

אין אַלגעמיין האָבען די פשרות און אָבמאַכען צווישען די יודען און די מאַגיסטראַטען זיך שטענדיג געענדיגט לטובת די לעצטע. אַלע שטעדט האָבען זיך געסטאַרעט מיט אַלע מיטלען צו בעגרענצען דעם יודישען האַנדעל און עס איז כמעט נישט פאָראיבער קיין יאָהר אָהן נייע בעגרענצונגען און רדיפות. נאָר אויב מיט אַלע קלאַסען האָבען יודען דאָך געקענט ווי=עס=איז דורכקומען, אַמאָל דורך גוטען ווילען, אַמאָל דורך „פשרות" און אָבמאַכען, זענען די קאַטוילישע גייסטליכע געבליבען פערעקשנ׳טע יודישע שונאים. די דאָזיגע אַלטע יודישע שונאים האָבען אויפגעהויבען דעם קאָפּ, ווען פון רוים, פון אינקוויזיטאָרישען פויפסט פאַאול דער 4=ער איז געגעבען געוואָרען אַ סיגנאַל אָנצוהויבען אַ קאַמפּף מיט די „אונגלויביגע". אין 1550 איז קיין קראַקוי געקומען דער שליח פון פאַפּסט ליפּאָמאַנאָ, וועלכער האָט געדאַרפט מחזיר למוטב זיין די פערפיהרטע פוילישע אַדעליגע, וואָס זענען שוין דעמאָלט געווען אָנהענגער פון לוטערים לעהרע. ווען איהם האָט זיך אָבער נישט איינגעגעבען אַרויפצופיהרען אויפ׳ן גוטען וועג די אַפּיקורסישע אַדעליגע, וואָס האָבען אויפגעהערט בלינד גלויבען אין פויפסט, האָט ליפּאָמאַנאָ זיך גענומען צום אַלטען מיטעל: מאַכען אַ בלבול אויף יודען און אַרויסרופען אַ פּאָגראָם. אין יענער צייט איז איינע אַקאַטוילישע פרוי דאָראָטאַ לאַזשענצקאַ פון סאָחאַטשאָוו בעשולדיגט געוואָרען, אַז זי האָט אַוועקגעגנב׳עט די האָסטיע און דאָס פערקויפט די יודען, וועלכע האָבען אַזוי לאַנג געשטאָכען דאָס הייליגע ברויט, ביז פון איהם האָט אָנגעהויבען רינען בלוט. לויט דער פעראָרדנונג פון חעלמער בישאָף האָט מען אַרעסטירט דריי יודען, וואָס זענען בעשולדיגט געוואָרען אין דעם פערברעכען, און אין עטליכע טעג אַרום האָט מען זיי פערמשפט צום טויט. דערוויסענדיג זיך וועגען דעם, האָט דער קעניג תיכף פעראָרדענט, אַז מען זאָל אַרויסלאָזען פריי די אַרעסטירטע יודען. אָבער דער בישאָף האָט בכיון זיך אונטערגעאיילט און אויפ׳ן גרונד פון אַ געפעלשטען פאַפּיער אין נאָמען פון קעניג האָט מען די אומגליקליכע לעבעדיגערהייד פערברענט נאָך איידער עס איז אָנגעקומען די ווירקליכע פעראָרדנונג פון קעניג. „איך ווער אויפגערעגט ביז גאָר — האָט דער קעניג געזאָגט, דערוויסענדיג זיך וועגען דעם — ביי׳ם געדאַנק וועגען דער מערדעריי און איך וויל נישט, מען זאָל מיך האַלטען פאַר אַזאַ וואַהנזיניגען,

וואס גלויבט, אז פון דורכגעשטאכענער האסטיע קען רינען בלוט". די דאזיגע געשיכטע האט געמאכט א גרויסען רושם און ארויסגערופען א גרויסע אויפרעגונג אין די פראטעסטאנטישע קרייזען, ווייל מען האט נישט געקענט גלויבען אין די בבא-מעשות וועגען דער האסטיע, אבער די יודענפיינדליכע פארטיי האט דערווייל אויסגענוצט דעם סאחאטשאזוער פראצעס אויף אגיטאציע געגען יודען.

צו קיין אלגעמיינע רדיפות אויף יודען אין פוילען איז עס נישט געקומען. נאך אלע בעגרענצונגען און אינערליכע רדיפות איז דער מסחר דאך הויפטזעכליך געבליבען אין די יודישע הענד. נאר די יודענפיינדליכע אגיטאציע האט דאך אויפגעטאן איהרס. אין 1564 איז אין ביעלסק אויסגעפיהרט געווארען טויט-שטראף אויף א יודען, וואס איז אונשולדיג פער'משפט געווארען פאר ערמארדען א קריסטליך קינד. און אין ליטווישען סטאטוט פון 1566 זענען אריינגענומען געווארען פיעל בעגרענצונגען געגען יודען, ווי דער פערבאט צו קליידען זיך, ווי קריסטען, און בכלל שען קליידען זיך, האבען ביי זיך קריסטליכע דינערשאפט, פערנעהמען שטעלעס אין קריסטליכע געזעלשאפטען און נאך. די אלע פערבאטען האבען געשטאמט פון דער שליאכטע, וואס האט זיך געפונען אונטער דער ווירקונג פון די קלעריקאלישע גייסטליכע, און דער קעניג האט זיך געסטארעט אבצושוואכען די גזירות און ווי וויים מעגליך בעשיצען די יודען. פון דער קארעספאנדענץ צווישען פוילישען קעניג סיגיזמונד-אויגוסט און דאן יוסף נשיא אין טערקיי, איז צו זעהן, אז דאן יוסף האט געפיהרט אונטערהאנדלונגען מיט'ן קעניג וועגען די פוילישע יודען, און דער קעניג האט איהם צוגעזאגט צו בעשיצען זיי. אויך די יודישע דאקטוירים אין קעניגליכען הויף האבען זיך געסטארעט אויסצונוצען זייער איינפלוס לטובת יודען. אזעלכע יודען, ווי ר' שלמה אשכנזי און שמעון גינצבורג, זענען געוועזען גרויסע חשובים אין קעניגליכען הויף און אפטמאל צו נישט געמאכט די פלענער פון די יודענפיינד. צו-שוואך איז געוועזען די מאכט פון קעניג, אז ער זאל קענען ענערגיש ארויסטרעטען געגען דער שליאכטע און די גייסטליכע, נאר ער האט געטאן וואס מעגליך איז. כדי צו מאכען א סוף צו דער אגיטאציע און בלבולים אויף יודען, האט דער קעניג ארויסגעגעבען צוויי בעפעהלען, אין וועלכע ער האט שטרענג פערבאטען דער ארטיגער מאכט צו פערפיהרען פראצעסען געגען יודען, דערמאנענדיג, אז לויט די אלטע פריווילעגיעס קען מען בעשולדיגע

אַ יודען אין אַ ריטועלער ערמאָרדונג נישט אַנדערש, ווי אַז עס זענען דאָ 4 קריסטליכע און 3 יודישע עדות דערויף, און אַז אַזעלכע פּראָצעסען דאַרפען בעטראַכט ווערן נאָר אין קעניגליכען געריכט.

אין גיכען איז ליטאָ פעראייניגט געוואָרען מיט קרוין־פּוילען אונטער'ן נאָמען די „לובלינער אוניע" (1569) און ליטאָ האָט אויפגעהערט עקסיסטירען אַלס בעזונדערע מלוכה. אין דריי יאָהר אַרום איז געשטאָרבען סיגיזמונד־אויגוסט און צוזאַמען מיט איהם איז אונטערגעגאַנגען די דינאַסטיע פון די יאַגעלאָנען. פּוילען איז געוואָרען אַ מין מאָנאַרכיסטישע רעפּובליק, וואו די מלכים ווערען אויסגעוועהלט פון פאָלק אָדער פון אַנדערע לענדער, און פון דעמאָלט הויבט זיך אָן פאַר פּוילען אַ נייע עפּאָכע, וואָס האָט געהאַט ווילטיגע רעזולטאַטען אויך פאַר יודען.

די ליטווישע יודען האָבען קיין סך נישט אויסגעשפּיעלט פון דער איבערקערעניש. פאַר דער אוניע, ווען די פּוילישע קיסרים זענען נאָר געווען גרויספירשטען פון ליטאָ, זענען יודען געווען מעהר נוצליך און דעריבער מעהר געשיצט געוואָרען דורך די קעניגען. אין ליטאָ האָבען נאָך די אַדעליגע געשפּיעלט אַ קליינע פּאָליטישע ראָליע, די מאַכט פון קעניג איז דאָרט געווען פיעל שטאַרקער, איידער אין פּוילען, וואו דער קעניג האָט געהאַט געגען זיך די קאָנקורענץ פון די אַדעליגע, און כדי צו פערפעסטיגען די דאָזיגע מאַכט זיינע, האָט דער קעניג זיך געשטיצט אויף די קלאַסען, וואָס שטעהען צווישען דער שליאַכטע און די פּויערען, ד. ה. אויף די „מיעשטשאַנעס" און יודען, אויף וועלכע ער האָט געקוקט, ווי אויף זיינע טרייע אונטערטאַנען און פעסטע שטיצער; נאָך דער אוניע האָט זיך די לאַגע אינגאַנצען געביטען. די ליטווישע פירשטען, ווי ראַדזיוויל, טשאַרטאָריזשסקי און אַנדערע, האָבען געהאַט אַ גרויסע מאַכט און געוואָרען כמעט ווי מלכים; אַנדערע מאַגנאַטען, מיט ווינציגער יחוס און רייכטום, האָבען זיך אויך געסטאַרעט צו דערגרייכען אַזאַ הויכע מדרגה; נאָך זיי איז געגאַנגען די שליאַכטע, וואָס איז געוואָרען פון דאַן אָן אַ ווערקצייג און טרייע דינערין פון די מאַגנאַטען. אויף אַזאַ אופן האָבען די גאַנצע מאַכט אין לאַנד געהאַט די אַדעליגע, און די קעניגליכע מאַכט איז געווען נישט מעהר, ווי אַ שאָטען. דער קעניג האָט דעריבער שוין מעהר נישט געקענט און אויך נישט פאַר נויטיג געהאַלטען צו בעשיצען די יודען, וואָס זענען איהם מעהר שוין נישט נוצליך

געווען. פֿון דער צווייטער זייט האָבען אָבער די יודען פֿאָרלויפֿיג אויך עפּעס געוואונען פֿון דער איבערקערעהרעניש אין לאַנד. מיט דער פֿערגרעסערונג פֿון די אַדעליגע און זייער מאַכט האָט זיך אויך פֿערגרעסערט דער יודישער ישוב אין ליטאָ. יעדער אַדעליגער האַלט פֿאַר זיין חוב צו גרינדען פֿאַר זיין טובה וועגען אַ יודישען ישוב, די „שררות" בויען געוועלבער, ווערקשטאַטען, שענקען, און פֿערדינגען דאָס יודען און בכלל האָט זיך פֿאַר יודען דאַן געעפֿענט אַ קוואַל פֿון פּרנסה און מסחר, מלאכה און אין אַרענדע. יעדער יודישער ישוב, וואָס איז געבויט געווען דורך די פֿירשטען און אדעליגע, איז געשטאַנען אונטער זייער שוץ; די אַדעליגע ערלויבען דאָרט בויען הייזער, שוהלען, זיך בעזעצען אין די ערטער, וואו יודען האָבען פֿריהער נישט געטאָרט וואוינען, און דאָס אַלץ ווערט געטאָן, נישט אָנפֿרעגענדיג זיך ביי'ם קעניג, ווייל דער אַדעליגער האָט די גאַנצע מאַכט און קען טאָן אַלץ, וואָס ער וויל. אויף אַזאַ אופֿן האָט די ליטווישע אוניע געהאַט די מעלה פֿאַר יודען, וואָס זיי זענען געשטאַנען אונטער'ן שוץ פֿון די אַדעליגע און געווען זיכער מיט זייער לעבען און גוטס. אָבער דאָס האָט געקענט דויערן נאָר כל זמן די יודען זענען געווען נוצליך און נויטיג פֿאַר'ן „פּריץ" און דעריבער איז די יודישע לאַגע קיינמאָל נישט געווען קיין פֿעסטע, בעשטימטע און האָט אָבגעהאַנגען פֿון די אַרומיגע אומשטענדען און פֿון יעדע מינדסטע איבערקערעהרעניש אין פּאָליטישען לעבען פֿון לאַנד.

נאָכ'ן טויט פֿון סיגיזמונד-אויגוסט איז פֿאַר דעם קעניג פֿון רעפּובּליקאַנישען פּוילען נאָך לאַנגע רייסענישען צווישען דער שליאַכטע אויסגעקליבען געוואָרען העינריק וואַלואַ, דער ברודער פֿון פֿראַנצויזישען קעניג קאַרל דער 9-ער (1577). דער דאָזיגער קעניג, הגם ער איז אויסגעוועהלט געוואָרען מיט דער השתדלות פֿון ר' שלמה אַשכנזי, איז געווען פֿול מיט שנאה צו יודען, און קומענדיג קיין פּוילען איז ער באַלד אַריינגעטרעטען אין אונטערהאַנדלונגען מיט די גייסטליכע אָנפֿיהרער וועגען נעהמען זיך צו יודען און אָנהויבען געגען זיי אַ גאַנצע רייהע רדיפֿות. צום גליק פֿון די יודען האָט דער דאָזיגער קעניג לאַנג זיך נישט געהאַלטען אין פּוילען, ווייל אין עטליכע מאָנאַטען אַרום איז זיין ברודער קאַרל געשטאָרבען און היינריך איז געהיים ענטלאָפֿען פֿון פּוילען קיין פֿראַנקרייך, כדי צו ירשנען דעם פֿראַנצויזישען טראָן. אַלס פּוילישער קעניג איז אויסגעוועהלט געוואָרען סטעפֿאַן "באַטאָרי (1576—86), אַ מוטיגער און געבילדעטער מאַן. זיין קעניגען האָט באַטאָרי אָנגעהויב

מיט עטליכע אקטען פון גערעכטיגקייט בנוגע צו יודען. ער האט צוערשטענס ארויסגעגעבען צוויי בעפעהלען, אין וועלכע ער האט קאטעגאריש פערבאטען צו בעשולדיגען יודען אין ערמארדען קריסטליכע קינדער און פערשוועכען די קריסטליכע היילינגטימער, נאר ער איז נאך געגאנגען ווייטער און זיך געסטארעט דורכצופיהרען דעם פרינציפ פון יודישער גלייכבערעכטיגקייט. בעשטעטיגענדיג די אלטע יודישע פריווילעגיעס, האט דער ליבעראלער קעניג זיי נאך פערברייטערט דורך נייע רעכטען, איבערהויפט אין פרייהייט פון האנדעל. ער האט בעפוילען די וואיעוואדעס צו בעשיצען די אינטערעסען פון די יודען געגען די צעכען און מאגיסטראטען, וואס ווענדען אן אלע מיטלען צו בעגרענצען יודען אין האנדעל און אין האנדווערק. ער האט אויך אבגעשאפט די אלטע גזירה אויף די פוזנא׳ער יודען, וועלכע עס איז פערבאטען געווארען צו האבען הייזער העכער פון א בעשטימטער נארמע, און האט זיי ערלויבט צו דינגען געוועלבער אין אלע פונקטען פון שטאדט און זאגאר האנדלען אין די קריסטליכע ימים־טובים. די מאגיסטראטען האבען בעקומען א שטרענגען בעפעהל צו בעשיצען די יודען פון די אנפאלען פון די קריסטליכע סוחרים. נאר אין דער צייט, ווען באטארי האט אבגעהיט בנוגע צו יודען די אלטע טראדיציעס פון דער ליבעראלער עפאכע, האבען אין דער פוילישער געזעלשאפט שוין עקזיסטירט די אידעען פון דער קאטוילישער רעאקציע, געגען וועלכער דער קעניג איז נישט אימשטאנד געווען צו קעמפפען. די אלע פעראָרדנונגען פון קעניג האבען נישט געקענט פערהיטען פון איינצעלנע קאטאסטראפען, און שוין דריי חדשים נאכדעם, ווי באטארי האט ארויסגעגעבען זיין בעפעהל צו די מאגיסטראטען וועגען שיצען יודען, איז אין פוזנא פארגעקומען א פאגראם, וואס האט זיך געענדיגט מיט עטליכע ערמארדונגען. אנגעהויבען האט זיך דער פאגראם דערפון, וואס יודען האבען נישט דערלאזט איינעם א משומד צו זעהען זיך מיט זיין ווייב, נאר באמת איז דאס מעהר נישט געווען, ווי א צופעליגע סיבה. דער פאגראם איז שוין פריהער געווען פארבערייטעט דורך די קריסטליכע סוחרים, וואס האבען ניט געקאנט רוהיג צוקוקען, ווי אזוי זייערע קאנקורענטען, די יודען, פיהרען א פרייען האנדעל. באטארי האט ארויפגעלעגט אויפ׳ן מאגיסטראט א גרויסע שטראף דערפאר, וואס ער האט דערלאזען צום פאגראם, נאר דורך א שבועה האט דער מאגיסטראט פערזיכערט, אז ער האט נישט געוואוסט

זוענען די הכנות צום פאגראם, און די שטראף איז דערנאך אראבגע-נומען געווארען.

די יודישע לאגע האט זיך ווידער געביטען ביים קעניגען פון סיגיזמונד דער דריטער (1588—1632) און וולאדיסלאוו דער 4-ער (48—1632). דא האט זיך בולט ארויסגעוויזען דער רעזולטאט פון דער פא-ליטישער איבערקעהרעניש אין פוילען נאך דער אוניע, ווען די קעניגען האבען אנגעהויבען ווערן אויסגעוועהלט פון פאלק. די קעניגען זענען געווארען אבהענגיג פון דער שליאחטע, וועלכע האט פאקטיש געהאט די גאנצע מאכט אין איהרע הענד, צוגעפאסט די געזעצגעבונג פון סיים צו איהרע קלאסען-אינטערעסען און פערנומען אלע שטעלען אין דער ארמיניסטראציע אלס וואיעוואדעס, סטאראסטעס און אנדערע בעאמטע. די אפוטרופסות אויף יודען געהט בישלעכוויז איבער פון דער קעניג-ליכער מאכט צו דער רייכער שליאחטע. און הגם די שליאחטע איז דורכגעדרונגען מיט די קלעריקאלע אידעען און איז ערצויגען אין יע-זואיטישען גייסט, דאך שיצט זי די יודען, מיט וועלכע זי איז עקאנאמיש צוזאמענגעבונדען. דער טשינשעוויק-יוד אין די שטעדט און שטעדטלעך, וואס געהערען צו פריוואטע מענשען, דער יוד-ארענדאר, וואס פער-וואלטעט מיט דעם פריץ'ם ווירטשאפט און האלט אין ארענדע זיינע מיהלען, ביערברויעריען, שענקען און אנדערע אונטערנעהמונגען, — אלע זענען זיי נויטיג דעם פוילען שליאחטשיץ, וואס פערברענגט זיין צייט אין די סיימען, אין אויסלאנד, לעבט א גוטען טאג און האט קיין צייט נישט צו פערנעהמען זיך מיט זיינע געשעפטען. די שליאחטע קאן דעריבער נישט אריבערטרעטען געוויסע גרעניצען אין די רעפרעסיעס געגען יודען. אפילו דער פרומער קעניג סיגיזמונד דער דריטער, וואס האט זיך געפונען אינגאנצען אונטער'ן איינפלוס פון די יעזואיטען, מוז ציהען ווייטער די ליניע און ווייטער היטען די אלטע טראדיציעס פון די פרי-העריגע מלכים, וואס האבען געשיצט די יודישע אינטערעסען. ער בע-שטעטיגט די אלטע פריווילעגיעס פון די יודען צו פיהרען א פריען האנ-דעל, מיט בלויז איניגע בעגרענצונגען, צו וועלכע עס האט איהם גע-צוואונגען די יודענפיינדליכע פארטיי.

דער עקאנאמישער קאמפף צווישען די קריסטען און יודען אין די שטעדט ווערט ווייטער געפיהרט מיט דערזעלבער ענערגיע, וואס פריהער, נאר אין דער עפאכע נעהמט דער קאמפף אן א פארם פון רעליגיעזער שנאה. אין פיעל שטעדט ווערן די מאגיסטראטען די

שופטים פון יודען, הגם לויט דער קאנסטיטוציע זענען יודען אין זייערע משפטים מיט קריסטען נאר אונטערגעווארפען דעם קעניגליכען געריכט. די יודען בעקלאגען זיך אפט פאר'ן קעניג און דארט, וואו יודען האבען מליצי־יושר, העלפען אמאל די אנקלאגען און דער קעניג נעהמט זיך אן די יודישע קריוודע. אזוי, למשל, ווען די בריסקער יודען האבען זיך בעקלאגט פאר'ן קעניג אויף דעם דארטיגען מאגיסטראט, האט דער קעניג זיך אנגענומען פאר יודען א דאנק דעם, וואס די אנקלאגע האט געשטיצט דער פרנס פון דער בריסקער יודישער געמיינדע שאול יודיטש, א אבקויפער פון פיעל קעניגליכע שטייערען אין ליטא, וואס האט געטראגען דעם טיטול „קעניגליכער דיענער" (עס איז דא א גרונד צו רעכענען, אז דער דאזיגער שאול איז דער העלד פון דער לעגענדע, וואס דערצעהלט, אז אין פוילען איז איינמאל אויסגעקליבען געווארען אלס קעניג דער אנגעזעהענער יוד, שאול וואל, א ליעבלינג פון פירשט ראדזיוויל, און דער שאול האט אבגעקעניגט איין נאכט). אבער דארט, וואו יודען האבען נישט געהאט אזעלכע אנגעזעהענע מליצי־יושר ביי'ם הויף, האבען די אנקלאגען ווינציג געהאלפען. אין ווילנא האבען די קריסטליכע סוחרים צוליעב קאנקורענץ מיט די יודישע סוחרים זאגאר געמאכט א פאגראם, חרוב געמאכט די שוהל און צוראבירט די יודישע וואוינונגען (1592). סיגיזמונד האט ארויסגעגעבען די ווילנער יודען א פריווילעגיע אויף פרייען האנדעל און וואוינרעכט. אבער אויך נאכדעם האבען די סכסוכים צווישען יודען און קריסטען נישט אויפגעהערט און אפט געבראכט צו טרויעריגע צוזאמענשטויסען. בעזונדערס אפט פלעגען ליידען פון די קריסטליכע שטאדטישע איינוואוינער די יודען פון פוזנא, וואו די בעפעלקערונג איז בעשטאנען הויפטזעכליך פון דייטשען. דא זענען די אנפאלען פון המון אויף דעם יודישען קווארטאל געווארען א וואכעדיגע זאך, נאר אויסער דעם האט מען נאך דארט געקעמפפט געגען יודען מיט „לעגאלע" מיטלען. מיט אייניגע מלאכות, ווי למשל שניידעריי, האבען יודען געמעגט פערנעהמען זיך נאר אויף צו בעפרידיגען זייערע אייגענע בעדערפנישען און נישט פאר קריסטען. אין 1618 האט א מאליאר, וועלכער האט אויסגעפוצט מיט בילדער די וועגט פון ראטהויז צו דער גאס ארויס, אויסגעמאלט עטליכע זעהר בעליידיגענדע פאר יודען פיגורען און דער המון האט נישט ווינציג זיך לוסטיג געמאכט דערויף און פערשאפט יודען פיעל בזיונות. אין א פאר יאהר ארום האט מען

פונאנדערגעלאזט א קלאנג, אז אין איינעם פון די יודישע הייזער האט מען כלומר'שט געפונען א טיש, אויף וועלכען עס זענען אמאל דורכגעשניטען געווארען דריי האסטיעס. דעם היילינגען טיש האט מען פייערליך איבערגעפיהרט אין קירך אריין מיט א גרויסער פראצעסיע, אין וועלכער עס האבען זיך בעטייליגט אלע גייסטליכע פון שטאדט. ערצויגען אויף אזעלכע ווילדע סצענעס, האט דער המון פערלארען דאס לעצטע ביסעל אכטונג צו יודען און די שנאה און פעראכטונג צו דער מענשליכער ווירדע פון יודען ווערט נאר פערטיעפט און פערגרעסערט.

אין יענער עפאכע ווערן די בלוט-בלבולים אויף יודען א אפטע זאך און בעקומען א האראקטער פון דער גרויזאמער שפאנישער איקוויזיציע. די פראצעסען וועגען די בלבולים ווערן שוין געפיהרט נישט כלאחר-יד, ווי פריהער, נאר מיט א בעזונדערע פייערליכקייט און אין העכסטען פוילישען געריכט — אין קרוין-טריבונאל. אין 1598 האט דער לובלינער טריבונאל פערמשפט צום טויט דריי יודען, וועלכע זענען בעשולדיגט געווארען אין דער ערמארדונג פון א קריסטליך קינד, וואס מען האט געפונען טויט אין א בלאטע נעבען א דארף. כדי צו צווינגען די בעשולדיגטע, אז זיי זאלען זיך מודה זיין אין פערברעכען, האט מען זיי פריהער שרעקליך געפייניגט און די טויט-שטראף איז דערנאך אויסגעפיהרט געווארען מיט א בעזונדער פייערליכקייט. דעם קערפער פון דער'הרג'עטען קינד האבען די יעזואיטען אריבערגעפיהרט אין קירך און די אבערגלויביגע מאסע איז געקומען זיך בוקען און מתפלל זיין פאר דעם קינד, וואס איז א קדוש געווארען. אזעלכע פראצעסען זענען אויך פארגעקומען אין אנדערע שטעדט פון פוילען און ליטא. אין דערזעלבער צייט האט די קלעריקאלע פארטיי אנגעהויבען פיהרען א אגיטאציע געגען יודען אויך אין דער ליטעראטור. דער גלח מאיעצקי האט אין 1598 ארויסגעלאזט אין קראקוי זיין גיפטיג בוך „וועגען די יודישע מערדערייען"; אויף דעמזעלבען טעמא האט אויך געשריבען א געוויסער גוביצקי אין יאהר 1602. דער פוילישער דאקטאר סלעשקאווסקי האט בעשולדיגט די יודישע דאקטוירים, אז זיי פערגיפטען סיסטעמאטיש די פאליאקען, און האט פערזיכערט, אז די דזשומא, וואס האט דעמאלט אין פוילען געהערשט, איז א שטראף פון גאט דערפאר, וואס מען בעשיצט יודען. מעהר פון אלע האט געשאטען פעך און שוועבעל אויף יודען דער פוילישער

שריפטשטעלער מיטשינסקי, וועלכער האט ארויסגעלאזט דאס בע־װאוסטע אנטיסעמיטישע ווערק „דער שפיגעל פון דער פוילישער קרוין“. אין דעם בוך האט מיטשינסקי צונויפגעזאמעלט אלע בלבולים און בעשולדיגונגען, וואס זענען ווען־עס־איז ארויסגעשטעלט געווארען געגען יודען: יודען זענען שולדיג אין פאליטישען פערראט, אין רויבעריײען און נארעריי, אין כשוף־מאכעריי, אין ריטועלע ערמארדונגען, אין פערשוועכען די קריסטליכע הייליגטימער. מיטשינסקי האט זיך געווענדעט צו די דעפוטאטען פון סיים מיט א ענערגישען אויפרוף, אז מען זאל זיך בעגעהן מיט יודען, ווי אין שפאניען, פראנקרייך, ענגלאנד און אנדערע לענדער, ד. ה. ארויסטרייבען זיי פון פוילען. די העצע פון מיטשינסקי האט ארויסגערופען הייסע און שטורמישע דע־באטען אין סיים פון 1618. איינינגע דעפוטאטען האבען ערקלערט מיטשינסקי'ן אלס אפאסטאל פון אמת, אנדערע האבען איהם בע־שולדיגט אין ארויסרופען אונרוהען און אונטערהעצען איין טייל בע־פעלקערונג געגען דעם צווייטען. דער סיים האט ארויסגעוויזען אויף אזויפיעל פאליטישען פערשטאנד, אז ער האט מיט מיטשינסקי'ס פאמפלעט שטארק זיך נישט גערעכענט, נאר אין דער געזעלשאפט זענען די אנטיסעמיטישע אידעען ביסלעכוויזז אריינגעדרונגען און צו־געגרייט א באדען פאר די שפעטערדיגע טרויעריגע געשעהנישען.

סיגיזמונד'ס יורש, וולאדיסלאוו דער 4־טער, איז נישט געווען אזא פרומער קאטוליק און אנהענגער פון די יעזואיטען, ווי זיין פא־טער. ער האט זיך בעצויגען מיט מעהר טאלעראנץ צו מענשען פון פרעמדען גלויבען און האט באמת געוואלט זויסגלייכען די רעליגיעזע און שטאנדען־קאנפליקטען. אבער די רעליגיעזע שנאה און שטאנדען־קאנפליקטען האבען שוין געהאט אזעלכע טיעפע ווארצלען אין דער מלוכה, אז דער קעניג האט געקענט ווינציג וואס אויפטאן. אין 1633 האט וולאדיסלאוו אויפ'ן סיים בעשטעטיגט די אלטע יודישע פריווי־לעגיעס, זיי ערלויבט פריי צו האנדלען, בעשטימט די גרעניצען פון זייער אינערליכער אויטאנאמיע און בעפוילען די מאגיסטראטען צו בע־שיצען די יודען פון די אנפאלען פון המון; נאר צוזאמען דערמיט האט ער פערבאטען די יודישע געמיינדעס בויען נייע שוהלען און בית־עלמין'ס אהן א ספעציעלער ערלויבניש פון קעניג אין יעדען בע־זונדערען פאל. אין אלגעמיין האט דער קעניג געהיט די רעכטען פון די יודען, נאר אין איינצעלנע פאלען האט ער אפטמאל ערפילט די

בקשות פֿון די שטעדט וועגען בעגרענצונגען אויף יודען און נישט זעלטען פֿלעגט ער אָבשאַפֿען זיינע אייגענע פֿריהעריגע בעשלוסען. אַזוי, למשל, האָט ער אין יוני 1642 ערלויבט די קראַקויער יודען צו פֿערנעהמען זיך מיט טראַנספּאָרט־האַנדעל און אין 2 חדשים אַרום האָט ער אָבגעשאַפֿט זיין אייגענע ערלויבניש, ווייל די קריסטליכע סוחרים האָבען זיך בעקלאָגט, אַז די יודישע קאָנקורענץ איז פֿאַר זיי זעהר שווער. לויט דער ביטע פֿון די קריסטליכע איינוואוינער פֿון מאָהילעוו האָט וולאַדיסלאַוו בעשטעטיגט די פֿעראָרדנונג פֿון זיין פֿאָטער וועגען בעזעצען די דאָרטיגע יודען אין עק שטאָדט, און אין אַ קלייענער צייט אַרום האָט ער אויך בעשטעטיגט דעם בעשלוס פֿון מאַגיסטראַט, אַז יודען זאָלען נישט טאָרען דינגען קיין היזער צווישען קריסטען. צוליעב דעם פֿערבאָט פֿאַר יודען צו פֿערנעהמען זיך מיט קליין־האַנדעל אויף די שטאָדט־מערק, זענען זעהר געשטיגען די פּרייזען אויף די נויטיגסטע פּראָדוקטען, און די שליאַחטע האָט זיך דעריבער משתדל געווען, אַז מען זאָל אָבשאַפֿען דעם פֿערבאָט, בעזונדערס פֿאַר ווילנא. דער קעניג האָט מסכים געווען, נאָר צוזאַמען דערמיט האָט ער אויך איינגעשטימט מיט די בעשלוסען פֿון ווילנער מאַגיסטראַט וועגען איינפֿיהרען נייע בעגרענצונגען פֿאַר יודען: אין געלד־פּראָצעסען מיט קריסטען זענען זיי געווען אונטערגעוואָרפֿען די יורידישע געזעצען פֿון מאַגיסטראַט; זיי האָבען געדאַרפֿט וואוינען אין אַ ספּעציעלען קוואַרטאַל מיט'ן נאָמען „די זשידאָווסקאַ גאַס" און נישט געטאָרט פֿערנעהמען זיך מיט די מלאכות, וואָס זענען פֿון אַלטע צייטען אָן געווען אין די הענד פֿון די צעחען (1633).

אין די שטעדט זענען יודען געווען צונויפֿגעשפּאַרט און בעגרענצט אין האַנדעל — און זיי געהען איבער אַלץ אָפֿטע'ר אין די דערפֿער, וואו זיי פֿערנעהמען זיך מיט אַרענדע פֿון די שליאַחטישע אימעניעס. נישט בלויז די רייכע פּריצים, נאָר זאָגאַר די הויכע גייסטליכע גיבען אָב אין אַרענדע די יודען זייערע נחלאות און דאָס רופֿט אַרויס אַ שטאַרקען פּראָטעסט פֿון סינאָד. דער וואַרשאַווער סינאָד האָט אַ שאַרפֿען פֿאָרוואורף געמאַכט יענע בישאָפֿען, וואָס האַלטען ביי זיך יודישע אַרענדאַרען און „דערמיט גיבען זיי די פֿרעמד־גלויביגע שליטה אויף זייערע קריסטליכע לייב־אייגענע". דער סינאָד אין פּוזנאַ האָט מיט צאָרן פּראָטעסטירט געגען דער „אונערטרעגליכער יודישער חוצפּה": לא די וואָס די יודען האָבען פֿערהאַפֿט אין זייערע הענד

דעם האנדווערק, ערלויבען זיי זיך נאך צו האנדלען אויף די גאסען און
מערק אין די קריסטליכע ימים־טובים. און אויב אין די דערפער און
אין די שטעדטלעך זענען די גייסטליכע געווען אהנמעכטיג אויפצוהע־
צען די שליאכטע געגען יודען, מיט וועלכע זיי זענען געוועזן עקאנא־
מיש ענגפערבונדען, האבען זיי נישט אויפגעהערט צו וועקען די
גראבע אינסטינקטען פון המון אין די שטעדט; און וואס ווייטער, אלץ
שטארקער איז געווארען די אגיטאציע געגען יודען. אין פריהלינג 1636
איז אין לובלין פלוצלינג פערשוואונדען געווארען א קריסטליך קינד — און
אויף יודען איז געפאלען דער חשד, אז דאס האבען זיי דאס קינד
ערמארדעט דאס געריכט האט בעטראכט די בעשולדיגונג און, נישט
געפינענדיג קיין ראיות, פריינעשפראכען די פערדעכטיגע יודען. נאר
אין א קלײנער צייט ארום האבען די דארטיגע גייסטליכע, וואס זענען
נישט געוועזן צופרידען מיט דעם בעפרייאונגס־אורטייל, שוין געפונען
א נייעם בלבול. עס האט זיך געפונען א געוויסער מאנאך פאאול,
וועלכער האט ערקלערט, אז יודען האבען איהם פערנארט צו זיך אין
א שטוב, דארט, מיט דער הילף פון א דייטשען חירורג, איהם גע־
צאפט בלוט, וועלכעס זיי האבען צונויפגענומען אין א כלי און דערביי
שטיל מתפלל געוועזן. דער טריבונאל האט געגלויבט אין דעם דאזיגען
מיאוס'ען בלבול און נאך א קורצען פראצעס מיט ענוים פון דעם בע־
שולדיגטען האט מען א געוויסען יוד מרדכי פער'משפט צום טויט. אין
1639 איז ענטשטאנען א פרישער פראצעס. דער קרוין־טריבונאל האט
פער'משפט צום טויט צוויי גבאים פון דער לענטשיצער יודישער געמיינ־
דע, וואס זענען בעשולדיגט געווארען אין דער ערמארדונג פון
א קריסטליך קינד אין א דערבייאיגען דארף. נישט קוקענדיג דערויף,
וואס די בעשולדיגטע האבען אויך נאך שרעקליכע ענוים נישט מודה
געוועזן זיך אין כלומר'שטען פערברעכען, האט מען דעם טויט־אורטייל
דאך אויסגעפיהרט. די קערפער פון די געטויטע יודען האט מען צו־
גלידערט אויף שטיקער און ארויסגעשטעלט אויף סטויפעס אין אלע וועג־
גען. די ארטיגע מאנאכען האבען זיך בענוצט מיט דעם צופאל און
ארויסגעשטעלט אין זייער קאסציאל א בילד מיט א אויספיהרליכער בע־
שרייבונג פון דער ערמארדונג צוזאמען מיט דעם קערפער פון ערמאר־
דעטען קינד. די אבערגלויביגע קאטולישע מאסע איז געגאנגען
זיך בוקען פאר'ן קערפער פון מערטירער־קינד, די הכנסות פון

קאָמציאַל זענען דערווייל געוואַקסען און דאָס זענען די מאָנאַלען טאַקע אויסען געווען.

---

די אַלגעמיינע פּאָליטישע און עקאָנאָמישע בעדינגונגען אין פּוי־לען האָבען געבראַכט דערצו, אַז יודען זאָלען דאָרט לעבען, ווי אַ מלוכה אין אַ מלוכה, מיט זייערע בעזונדערע רעליגיעזע, אדמיניסטראַטיווע און געריכטליכע אַנשטאַלטען. יודען זענען געווען אַ בעזונדער קלאַס מיט אַ בעזונדער אינערליכער אויטאָנאָמיע, וואָס האָט געקענט דיענען אַלס מוסטער פאַר יעדער גוט־אָרגאַניזירטער געזעלשאַפט. די פּוילישע קיסרים זענען געווען פעראינטערעסירט, אַז די יודישע געמיינדעס זאָלען זיין גוט אָרגאַניזירט, ווייל ערשטענס איז פאַר יעדער רעגירונג בכלל בעקוועמער האָבען צו טאָן מיט פאָרשטעהער פון פאָלק, מיט אַ בע־שטימטער גרופּע, איידער מיט אַ אונאָרגאַניזירטער מאַסע, און צווייטענס האָבען די יודישע שטייערען, אַ דאַנק דער אָרגאַניזאַציע פון די יודישע געמיינדעס, געקענט פּינקטליך און צו דער צייט אויפגעמאָהנט ווערן. אויף אַזאַ אופן איז אין פּוילען געווען סיי מעגליך און סיי בעקוועם פאַר דער רעגירונג צו דערלאָזען אַ פרייע יודישע אויטאָנאָמיע אין די אינער־ליכע אַנגעלעגענהייטען.

נאָך סיגיזמונד דער ערשטער האָט זיך געסטאַרעט צו נעהמען אונטער זיין שוץ די יודישע זעלבסטפערוואַלטונג. מיט דער בעשטימונג פון מיכל יעזעפאָוויטש אַלס „עלטסטען" איבער אַלע יודען איז דער קעניג אויסען געווען צו גאַראַנטירען דעם רעגעלמעסיגען גאַנג פון די יודישע שטייערען פאַר דער מלוכה. סיגיזמונד האָט נישט איינמאָל בעשטע־טיגט די יודישע רבנים, וואָס זענען אויסגעקליבען געוואָרען אין פער־שידענע שטעדט. אין 1518 האָט ער בעשטעטיגט צוויי אויסגעוועהלטע רבנים, משה און מענדעל, אַלס די פאָרשטעהער פון אַלע יודישע גע־מיינדעס אין גרויס־פּוילען מיט'ן רעכט צו משפּט'ן די יודען אויפ'ן גרונד פון די יודישע געזעצען. נישט איינמאָל האָט סיגיזמונד זיך אריינגעמישט אין די אינערליכע סכסוכים צווישען יודען און געשטעלט זיך אויף דעם אָדער יענעמס צד. אין קראַקוי, וואו עס זענען געווען צוויי בעזונדערע געמיינדעס, פון די דאָרטיגע און פון די דייטשע יודען, זענען אויסגע־קליבען געוואָרען צוויי בעזונדערע רבנים, ר' אשר און ר' פּרץ; האָט זיך געמאַכט, אַז צווישען ביידע געמיינדעס האָט אויסגעבראָכען אַ סכסוך,

צו ווענען עס דארף געהערן די אלטע שוהל, דאן האט דער קעניג
זיך אריינגעמישט און זיך געשטעלט אויף דער זייט פון די פוילישע
יודען. אין 1531 האט דער בריסקער רב ר' מענדעל פראנק זיך בעקלאגט
פאר'ן קעניג, אז יודען ווילען קיינמאל נישט פאלגען זיינע פסקים און
געהען זיך לאדען אין די קריסטליכע געריכטען. דער קעניג האט גע=
מוזט זיך ווענדען צו די בריסקער יודען מיט שטראף=רייד, זיי אויס=
מוסר'ן דערפאר, וואס זיי פאלגען נישט דעם רב זייערען. אין פאל=
גענדען יאהר האט דער קעניג בעשטימט אלס דעם הויפט=רב פון
קראקוי אנשטאט דעם אויבענדערמאהנטען ר' אשר דעם בעריהמטען
למדן ר' משה פישעל. דעם לעצטען, צוזאמען מיט דעם בעריהמטען גע=
לעהרטען ר' שכנא פון לובלין, האט דער קעניג שפעטער בעשטעטיגט
אלס די הויפט=רבנים פון גאנץ קליין=פוילען, וויל סיגיזמונד האט פער=
לאנגט, אז די יודישע גייסטיגע ענינים זאלען צענטראליזירט ווערן און
די הנהגה פון די געמיינדעס זאל זיך געפינען אין געצעהלטע הענד.
אהן דער ערלויבניש פון די דאזיגע צוויי אויבענדערמאהנטע הויפט=
רבנים האט קיין יודישע געמיינדע נישט געטארט איינלאדען צו זיך קיין
רב, און יעדער, וואס איז דורך די צוויי „עלטסטע" ארייגעלעגט געווארען
אין חרם אריין, איז געוועזן אויך פערפאנטווארטליך פאר'ן קרוין=געריכט,
אויב דער חרם איז צו א בעשטימטען טערמין נישט אראבגענומען גע=
ווארען. דאך האט דער קעניג אין גיכען זיך איבערצייגט, אז יודען
זענען נישט צופרידען מיט דעם דאזיגען סיסטעם פון בעשטימען, גלייך
ווי בעאמטע, יודישע רבנים — און דער קעניג האט געמוזט זיך אבזאגען
פון אריינמישען זיך אין די יודישע אינערליכע ענינים, אראבנעהמען זיין
אפוטרופסות פון זיי און לאזען די יודען פריי פערוואלטען מיט זייערע
אייגענע ענינים.

דורך דעם בעפעהל פון סיגיזמונד=אויגוסט פון אויגוסט 1551 זענען
פעסגעשטעלט געווארען פאלגענדע אויטאנאמישע יסודות פאר די יודען
פון גרויס=פוילען: יודען האבען דאס רעכט, לויט א אלגעמיינער הסכמה
צווישען זיך, אויסקלייבען רבנים און ריכטער, וואס זאלען פערוואלטען
מיט זייערע גייסטיגע און געזעלשאפטליכע אנגעלעגענהייטען; די אויס=
געקליבענע רבנים און ריכטער ערקלערען דעם פאלק אלע רעליגיעזע
פראגען, גיבען גטין, חתונה=אקטען, שטרי=מכירה און אנדערע ציווילע
אקטען, גלייכען אוים די סכסוכים צווישען איינעם און צווייטען אויפ'ן
גרונד פון די יודישען געזעצען; צוזאמען מיט די עלטסטע פון קהל

קענען זיי אריינלעגען אין חרם און ארויפלעגען אנדערע שטראף אויף די שולדיגע; אויב דער, וואס ווערט אריינגעלעגט אין חרם, פערבעסערט זיך נישט אין פערלויף פון א מאנאט, ווערט וועגען דעם געמאלדען דעם קעניג, וועלכער קען פער׳משפט׳ן דעם מוחרם צו קאנפיסקירען זיין פערמעגען און צו טויט; די ארטיגע אדמיניסטראציע איז מחויב מיטצוהעלפען די רבנים און פארשטעהער פון קהל אויסצופיהרען זייערע פעראָרדנונגען און בעשלוסען. דורך דעם דאזיגען געזעצגעבערישען אקט און אנדערע שפעטערדיגע אזעלכע אקטען האבען די אויסדערוועהלטע פון די יודישע געמיינדעס בעקומען בּרייטע יורידישע רעכט און פון יענער צייט איז פעסטגעשטעלט געווארען דער רעזשים פון קהל, ד. ה. פון דער יודישער זעלבסטפערוואלטונג, אלס יורידישע פערזאן. די טעטיגקייט פון די יודישע קהלות האט זיך בעזונדערס ענטוויקעלט אנהויבענדיג פון דער צווייטער העלפט פון 16-ען יאהרהונדערט.

אין יעדער יודישער שטאדט און שטעדטעל האט זיך געפונען א קהל-פערוואלטונג, פראפארציאנעל לויט דער גרויס פון דער געמיינדע; אין די גרויסע געמיינדעס האט די צאהל מיטגלידער פון דער קהל-פערוואלטונג דערגרייכט ביז 40, און אין די קליינע -- ביז 10. די מיטגלידער פון דער פערוואלטונג זענען אויסגעוועהלט געווארען יעהרליך, אין חול המועד פסח, לויט א צוויי-פאכיגען סיסטעם: פון די מתפללים פון אלע שוהלען האט מען לויט א גורל בעשטימט עטליכע בוררים (פון 9 ביז 15), וועלכע האבען שפעטער, נאך א פייערליכער שבועה, אויסגעוועהלט מיטגלידער פון דער קהל-פערוואלטונג. די דאזיגע פארשטעהער פון דער פערוואלטונג האבען זיך געטיילט אויף גרופען: צוויי גרופען — ראשי-הקהל און טובי-העיר זענען געשטאנען אין דער שפיץ פון דער פערוואלטונג און אנגעפיהרט מיט די אלגעמיינע ענינים; נאך זיי זענען געגאנגען די דינים און די גבאים. די „ראשי" און די „טובי" זענען געווען דער עיקר פון דער פערוואלטונג און אין איינינע קליינע שטעדט זענען אויסער זיי מעהר קיין מיטגלידער נישט געווען. די טעטיגקייט פון קהל איז געווען גאנץ ברייט. דער קהל האט געדארפט איינמאהנען אין זיין ראיאן די מלוכה-פאדאטקעס און צושטעלען דאס דער רעגירונג, ער האט פונאנדערגעטיילט די אלגעמיינע און ספעציעלע שטייערען, פערוואלטעט מיט די שוהלען, ישיבות, בית-עלמין׳ס און אנדערע אנשטאלטען, רעגולירט אלע אנגעלעגענהייטען פון קינדער-ערציהונג, צדקה, האנדעל און מלאכה

אויסגעגלייכט די סכסוכים צווישען די מיטגלידער פון דער געמיינדע, ביי דער הילף פון די רבנים און דיינים. דער רב איז אין אלע רע־ליגיעזע ענינים געווען פריי און זעלבסטשטענדיג, נאר אין אלע אנדערע ענינים איז ער געווען אבהענגיג פון דער קהל־פערוואלטונג, וועלכע פלעגט איהם איינלאדען און בעשטימען אלס רב אויף א געוויסער צייט. נאר די בעריהמטע רבנים, וואס האבען געהאט א גרויסען אויטאריטעט אין דער יודישער וועלט, האבען געקענט האבען א איינפלוס אויך אויף די געזעלשאפטליכע ענינים פון דער געמיינדע

די מאכט פון יעדען קהל האט זיך פערשפרייט אויך אויף די יודישע איינוואוינער פון די ארומיגע דערפער און ישובים, וואו עס איז נישט געווען קיין זעלבסטשטענדיגע קהל־פערוואלטונג. אויסערדעם האבען די געמיינדע־פערוואלטונגען פון די גרויסע שטעדט געהאט א שליטה אויף די קהלות פון די קלענערע שטעדט אין זייער ראיאן. אזויערנאך זענען ענטשטאנען די געמיינדע־ראיאנען, אדער גלילות, וואס האבען געהאט אונטער זיך א רייהע קלענערע קהלות. דער העכסטער צענטר פון די אלע קהלות זענען געווען די ועדים, ד. ה. די צוזאמענפאהרען אדער פיימען פון די רבנים און געמיינדע־פארשטעהער. ענטשטאנען זענען די ועדים אויף אזא אופן: דער משפט פון די רבנים, וואס האבען געהאט ברייטע רעכטען צו פיהרען אלערליי פראצעסען, פלעגט זיין געגרינדעט אויף דער תלמוד'ישער געזעצגעבונג, וואו עס זענען פאראויסגעזעהן כמעט אלערליי מעגליכע פראגען און סכסוכים צווישען איין מענשען און צווייטען; אבער אין דער גרויסער און קאמפליצירטער יודישער געזעצ־געבונג געפינען זיך אפט צווייפעלהאפטע פראגען, צוליעב וועלכע עס איז שוין נישט גענוג די קאמפעטענץ פון איין רב. עס פלעגט זיך אויך אפט מאכען, אז איינער פון די צדדים, וואס האבען זיך גע'משפט, איז נישט געווען צופרידען מיט'ן פסק דין און אפעלירט צום געריכט פון א צווייטען רב, וואס האט מעהר אויטאריטעט, איידער דער רב פון זיין שטאדט. נישט זעלטען זענען אויך פארגעקומען סכסוכים צווישען גאנצע געמיינדעס, צווישען איין רב און צווייטען, צווישען איין פערזאן און א גאנצע געמיינדע א. אז. וו. ביי אזעלכע עקסטרע פאלען פלעגען צו־נויפגערופען ווערן צוזאמענפאהרען פון רבנים און געמיינדע־פארשטע־הער, וואס האבען געשפיעלט די ראליע פון א העכסטער געריכטס־אינסטאנץ. אזעלכע צוזאמענפאהרען פלעגען פארקומען אין דער צייט פון גרויסע ירידים, וואוהין עס זענען זיך צונויפגעקומען פיעל מענשען

פון פערשידענע שטעדט. דער הויפט־פונקט איז געוועזן דער לובלינער יריד, ווייל אין לובלין האט דעמאלט געוואוינט דער גרעסטער יודישער אויטאריטעט ר׳ שבנא. אין דער צווייטער העלפט פון 16־טען יאהרהונדערט, ווען אזעלכע צוזאמענפאהרען זענען פארגעקומען אפט, זענען זיי שוין פערוואנדעלט געווארען אין רעגעלמעסיגע סיימען, וואס ווערן צונויפגערופען אין בעשטימטע צייטען און אויף וועלכע עס קומען פארשטעהער פון אלע גרעסערע שטעדט אין גאנץ פוילען. אויף אזא אופן זענען ענטשטאנען די ועדים און ביסלעכווייז זענען זיי פערוואנדעלט געווארען פון רעליגיעזע סיימען אין געזעצגעבענדע און אדמיניסטראטיווע. אויף זיי פלעגען אויסגעארבייט ווערן פערשידענע תקנות, די ארדנונג פון די וואהלען אין די געמיינדעס, עס איז בעשטימט געווארען די גרעניצען פון דער רבנישער קאמפעטענץ, עס איז נארמירט געווארען דאס רעכט פון דרוקען ביכער א. אז. וו. אמאל זענען אויף די סיימען בעשטעטיגט געווארען די פעראָרדנונגען פון פוילישען קעניג, וועלכע האבען א דאנק דעם בעקומען א גרעסערע קראפט. אזוי, למשל, האט דער צוזאמענפאהר אין לובלין אין 1580 פייערליך בעשטעטיגט דאס געזעץ פון קעניג, לויט וועלכען יודען ווערט פערבאטען צו פערנעהמען זיך מיט ארענדירען די מלוכה־צאל און אנדערע מלוכה־הכנסות, ווייל „מענשען, וואס ווילען נתעשר ווערן דורך גרויסע ארענדעס, קענען אריינברענגען פיעל אין א גרויסער סכנה“.

אין ענדע פון 16־טען יאהרהונדערט האבען די יריד־צוזאמענפאהרען בעקומען א פעסטערע ארגאניזאציע. אין זיי האבען זיך בעטייליגט די רבנים און קהל־פארשטעהער פון פאלגענדע ראיאנען: גרוים־פוילען (די הויפט־געמיינדע — פויזנא), קליין־פוילען (קראקוי, לובלין), פאראליען (לעמבערג), וואהלין (אסטראה אדער קרעמעניץ) און ליטא (בריסק אדער גראדנא). די ערשטע צייט האט דער צוזאמענפאהר נישט געהאט קיין בעשטימטען נאמען און געביטען זיין טיטול אין צוזאמענהאנג מיט דער צאהל ראיאנען, וואס האבען געשיקט פארשטעהער: אמאל האט דער צוזאמענפאהר געהייסען צוזאמענפאהר פון 3, אמאל פון 4, אמאל פון 5 ראיאנען, נאר שפעטער, ווען ליטא האט זיך אבגעטיילט פון פוילישען קהל־פערבאנד און געווארען א אייגענער פערבאנד, און די 4 ראיאנען פון פוילען האבען אנגעהויבען רעגולער שיקען זייערע פארשטעהער, האט דער צוזאמענפאהר בעקומען א שטענדיגען נאמען „ועד ארבע ארצות“. אין ועד האבען זיך בעטייליגט עטליכע הויפט־רבנים

פון פוילען און צו איין דעלעגאט פון דער צאהל עלטסטע אין די גרעסטע קהלות, בסך־הכל, א מאן 30. זיי פלעגען זיך צונויפפאהרען פעריאדיש, איין מאל אדער צוויי מאל אין יאהר, איין מאל אין לובלין, דאס צווייטע מאל אין יאראסלאוו. געוועהנליך פלעגט דער צוזאמענפאהר אין לובלין פארקומען צווישען פורים און פסח, און אין יאראסלאוו — אין ענדע זומער, פאר סוכות. איינער פון די היסטארישע חראניקער פון יענער צייט בעשרייבט אזוי דעם „ועד ארבע ארצות״: „די פערזאמלונג פון די פרנסים פון די 4 ראיאנען האט דערמאהנט דעם סנהדרין, וואס איז געזעסען אין לשכת הגזית פון בית־המקדש. זיי האבען גע׳משפט אלע יודען פון פוילישען קעניגרייך, האבען ארויסגעגעבען פערפליכטונגען און תקנות און ארויפגעלעגט שטראפען לויט זייער אנזעהן. יעדע הארבע שאלה איז פארגעשטעלט געווארען אויף זייער משפט. כדי צו פערלייכטערן זיך די ארבייט, האט דער ועד אויסגעקליבען א ספעציעלע קאמיסיע פון אזוי גערופענע „גליל־ריכטער״, וואס האבען בעטראכט די געלד־פראצעסען; אליין ווידער האבען זיי בעטראכט די קרימינעלע פראגען, די פראגען וועגען חזקה און אנדערע שווערע פראצעסען״.

דער „ועד ארבע ארצות״ איז אויך געשטאנען אויף דער וואך פון די יודישע בירגערליכע אינטערעסען. ער פלעגט שיקען זיינע שתדלנים קיין ווארשא און אין אנדערע ערטער, וואו עס זענען געזעסען די פוילישע סיימען, מיט׳ן ציעל צו בעמיהען זיך פאר׳ן קעניג וועגען בעשטעטיגען די אלטע יודישע פריווילעגיעס, וואס ווערן נישט ערפילט דורך דער ארטיגער אדמיניסטראציע, אדער זיי פלעגען בעצייטענס פערהיטען פון נייע גזירות, וואס האבען זיך געגרייט אויף יודען. די הויפט־אויפגאבע פון ועד איז אבער בעשטאנען אין רעגולירען דאס אינערליך יודיש לעבען. אינטערעסאנט זענען די תקנות, וואס זענען אויסגעארבייט געווארען דורך דעם לובלינער רב ר׳ יהושע פאלק הכהן, לויט דער בעפאלמעכטיגונג פון ועד. כדי צו פערפעסטיגען די גוטע סוחרישע מדות (עהרליכקייט) צווישען יודען, האט דער ועד בעפוילען בעזונדערס אכטונג צו געבען, אז יודען זאלען ערפילען די מצוות וועגען עסען, טרינקען און הלבשה; זיך סטארען ווי וויים מעגליך, אז יודען זאלען זיך נישט קליידען ווי קריסטען; נישט טרינקען קיין בראנפען צוזאמען מיט קריסטען אין די שענקען; זיך זארגען וועגען דער צניעות פון די יודישע טעכטער, בעזונדערס אין די דערפער, וואו די יודישע

ארענדארען זענען צעוואָרפען צווישען די קריסטען. עס זענען אויך פעסט געוואָרען תקנות צו רעגולירען די טעטיגקייט פון די פּראָצענטניקעס און וואָלערניקעס.

אין 1623 האָבען די ליטווישע קהלות זיך אָבגעטיילט פון „ועד ארבע ארצות" און געגרינדעט אַ בעזונדער צענטראַל-אָרגאַן אין דער פאָרם פון אַ צוזאַמענפאָהר פון פאָרשטעהער, וואָס ווערן געשיקט פון דריי הויפּט-קהלות: גראָדנאָ, בריסק און פינסק. שפּעטער זענען צו זיי אויך צוגעשטאַנען די קהלות פון ווילנא און סלוצק. דער ליטווישער צוזאַמענפאָהר האָט זיך גערופען „ועד קהלות ראשיות דמדינת ליטא". אויפ'ן ערשטען צוזאַמענפאָהר זענען אויסגעאַרבייט געוואָרען אַ רייהע תקנות, וואָס האָבען געדאַרפט רעגולירען דאָס גייסטיגע און געזעלשאַפטליכע לעבען פון די יודען: עס זענען פעסטגעשטעלט געוואָרען די געגענזייטיגע בעציהונגען פון די געמיינדעס; די מיטלען פון צוזאַמענ דערצוטיילען די פּאָדאַטקעס צווישען די געמיינדעס; די בעציהונג צו די מלוכה-סיימען, צו דער אָרטיגער מאַכט, צו דער שליאַחטע און צו די שטאָדטישע שטאַנדען; די פאָרמען פון די וואַהלען אין די קהלות און פון דער קינדער-ערציהונג. דער ליטווישער ועד פלעגט צונויפגערופען ווערן איינמאָל אין דריי יאָהר, נאָר עס פלעגען אויך פאָרקומען עקסטרע צוזאַמענפאָהרען, ווען די אומשטענדען האָבען געבראַכט דערצו.

אויף אַזאַ אופן האָבען סיי די פּוילישע, סיי די ליטווישע יודען געהאַט זעלבסטשטענדיגע געמיינדע-פערוואַלטונגען מיט צענטראַל-אָרגאַנען. די געמיינדעס פון יעדער געוויסען ראַיאָן פלעגען האָבען זייערע צוזאַמענפאָהרען, אויפ'ן אַרט פון די פּוילישע „סיימיקעס", וואָס זענען געווען די פערמיטלער צווישען די איינצעלנע געמיינדעס און דעם צענטראַל-אָרגאַן — דער „ועד אַרבע ארצות". די דאָזיגע סיסטעמאַטיזירטע גוט-איינגעאָרדענטע אָרגאַניזאַציע פון דער יודישער זעלבסט-פערוואַלטונג האָט געדאַרפט היטען די דיסציפּלין צווישען דער יודישער בעפעלקערונג. זי האָט געדאַרפט שאַפען פאַר דעם פאָלק, וואָס האָט געלעבט ווי אַ מלוכה אין אַ מלוכה, אויסערהאַלב דעם אַרומיגען מלוכה-לעבען, אייגענע נאַציאָנאַל-פּאָליטישע נאָרמען, ענטוויקלען אין פאָלק זיין אייגענע קולטור און אָבהיטען זיינע אייגענאַרטיגע געזעלשאַפטליכע און בירגערליכע געזעצען.

ווי אַזוי האָבען די יודישע געמיינדעס אָרגאַניזירט דאָס געזעל-

שטאַפּטליכע לעבען, וואָס איז געווען אין זייערע הענד? וואָס האָבען זיי געטאָן פאַר דער יודישער קולטור? אויפ'ן ערשטען פּלאַן איז געשטאַנען די קינדער-ערציהונג און מען מוז מודה זיין, אַז די יודישע „רעגירונג" האָט דורכגעפיהרט די דאָזיגע ווילטיגע אויפגאַבע מיט אַ בעשטימטען סדר און פּלאַן. די נידעריגע און מיטעלע בילדונג האָבען געגעבען די חדרים, די העכערע — די ישיבות. אין די חדרים האָבען געמוזט לערנען אַלע קינדער פון 6 ביז 13 יאָהר. דאָרט האָט מען געלערנט אויף זשאַרגאָן דעם תנ"ך און גמרא מיט מפרשים, אין איינינע חדרים האָט מען אויך ערלויבט לערנען דקדוק און חשבונ'ען. די חדרים זענען גערעכענט געוואָרען אַלס פּריוואַטע אונטערנעהמונגען און יעדער מלמד האָט געהאַט דאָס רעכט צו עפענען אַ חדר און לערנען קינדער. דאָך האָט די קהל-פערוואַלטונג געהאַט אַ שליטה נישט בלויז אויף איהרע איינענע געזעלשאַפטליכע חדרים פאַר אָרימע קינדער (תלמוד-תורות), נאָר אויך אויף די פּריוואַטע חדרים. די געמיינדע האָט אויסגעאַרבייט דעם פּראָגראַם פאַר די חדרים, זי האָט איינגעאָרדענט עקזאַמענעס פאַר די תלמידים, בעשטימט דעם שכר-למוד, די לענג פון לעהר-טאָג (פון 8 ביז 12 שעה) און בכלל געהאַט השגחה אויף אַלע אַנגעלעגענהייטען אין די חדרים.

וואָס אַנבעלאַנגט די ישיבות, זענען זיי שוין אינגאַנצען געווען אין די הענד פון קהל און די רבנים. די ישיבות זענען זאָגאַר סאַנקציאָנירט געוואָרען דורך דער קעניגליכער מאַכט, וועלכע האָט געהאַלטען די ישיבות אַלס יודישע „גימנאַזיע". דער קעניג סיגיזמונד-אויגוסט האָט ערלויבט דער יודישער געזעלשאַפט אין לובלין צו עפענען אַ ישיבה אין אַ בעזונדער געביידע, וואָס איז ספּעציעל דערויף אויסגעבויט געוואָרען, און געגעבען דעם פערוואַלטער פון דער ישיבה ברייטע פאָלמאַכטען מיט דעם טיטול „רעקטאָר" (ראש-ישיבה). אין 1571 האָט דער קעניג געגעבען דאָס רעכט „דעם געלעהרטען שלמה פון לעמבערג, וועלכען די יודען פון לעמבערג און גאַנץ רוסלאַנד (גאַליציען) אַנערקענען פאַר זייער עלטסטען", צו עפענען יודישע שולען אין פערשידענע שטעדט, פערוואַלטען מיט די שולען און צוגעוועהנען די תלמידים צו שטרענגער דיסציפּלין. מיט דער צייט זענען נעגרינדעט געוואָרען ישיבות אין אַלע שטעדט פון פוילען און ליטא. אַלס ראש-ישיבה פלעגט בעשטימט ווערן דער דאָרטיגער רב, אָדער אַ אַנדער בעריהמטע פּערזאָן. דער ראש-ישיבה איז געווען כאָלקאָמער בעל-

הבית אין זיין ישיבה; ער האט געהאט א אונבעגרענצטע מאכט אויף זיינע תלמידים, האט זיי געהאלטען אין שטרענגער דיסציפלין און זיי גע'משפט און בעשטראפט לויט זיין אייגענעם ווילען.

דער דעמאלטיגער היסטאריקער ר' נטע האנאווער פון זאסלאוו גיט א קלאר בילד פון לעבען פון די ישיבות אין יענער צייט:

„עס איז נישטא אזא לאנד, וואו די היילינע לעהרע זאל זיין אזוי פערשפרייט צווישען אונזערע ברידער, ווי אין פוילען. אין יעדער קהלה האט עקזיסטירט א ישיבה, וואס דער פערוואלטער איהרער פלעגט בע־קומען א גוטע פענסיע פון קהל־געלד, כדי ער זאל קענען לעבען אין הרחבה און אימשטאנד זיין אינגאנצען זיך אבגעבען זיין טעטיגקייט. די געמיינדעס פלעגען אויך אויסהאלטען אויף זייער חשבון בחורים, וואס פלעגען בעקומען יעדע וואך א בעשטימטע פענסיע, כדי די בחורים זא־לען זיך לערנען אין די ישיבות. יעדער בחור האט געהאט אונטער זיך נישט ווייניגער פון צוויי קליינע יונגלעך, מיט וועלכע ער האט געלערנט, כדי ער זאל זיך צוגעוועהנען צו לערנען תלמוד און צו וכוחים. די ארימע יונגלעך האט מען אויסגעהאלטען אויפ'ן חשבון פון דער צדקה־קאסע אדער פון דער געזעלשאפטליכער קיך. אויב די קהלה איז בעשטאנען פון 50 פאמיליעס, האט זי אויסגעהאלטען נישט ווייני־ציגער פון 30 יונגלעך און בחורים, דערביי האט יעדער בחור צוזא־מען מיט זיינע צוויי יונגלעך־תלמידים געגעסען ביי איינעם פון די איינ־וואוינער און געדעכענט געווארען, ווי א אייגען קינד... און עס איז נישט געווען קיין איין יודיש הויז אין גאנץ פוילען, וואו דער בעל־הבית, אדער זיין זוהן, אדער דער איידים, אדער דער ישיבה'ניק, וואס האט דארט געגעסען קעסט, זאל נישט קענען קיין תורה; אפט־מאל ווידער פלעגען אלע קענען לערנען. דעריבער איז אין יעדער געמיינדע געווען פיעל למדנים. אזוי, למשל, אין א קהלה פון 50 פאמיליעס האבען זיך געפונען 20 למדנים, וואס האבען געטראגען דעם טיטול „מורנו" אדער „חבר". אבער העכער פון אלע איז געשטא־נען דער ראש־ישיבה; אלע האבען איהם געפאלגט און געקומען הערן תורה פון איהם.

די ארדנונג פון לערנען אין פוילען איז געווען אזעלכע: דער זמן, אין פערלויף פון וועלכען די בחורים זענען געווען מחויב צו לער־נען אין דער ישיבה, האט געדויערט זומער פון אנהויב חודש אייר ביז מיטען אב, און ווינטער פון אנהויב חשון ביז מיטען שבט. אויסער

דער צייט האָבען די שילער געהאַט דאָס רעכט צו לערנען, וואו זיי ווילען. אין אָנהויב פון זמן האָט מען אין די ישיבות געלערנט זעהר פלייסיג גמרא מיט רש״י און תוספות. יעדען טאָג פלעגען זיך פער זאַמלען די חכמים פון דער קהלה, יונגע לייט, און בכלל אַלע, וואָס האָבען געהאַט אַ שייכות צו תורה, אין דער געביידע פון דער ישיבה, וואו עס איז געזעסען אויף אַ בענקעל דער ראש־ישיבה און אַרום איהם זענען געשטאַנען די פיעל תלמידים. ביז דעם אָנקומען פון ראש ישיבה האָבען די תלמידים זיך מתפלפל געווען וועגען הלכה. ווען דער ראש־ישיבה האָט זיך אַוועקגעזעצט אויף זיין אָרט, האָט יעדער פון די תלמידים געקענט איהם פאָרלעגען עפּעס אַ האַרבע קשיה אין תלמוד, אָדער פרעגען פשט אויף עפּעס אַ שווערער סוגיא, און דער ראש־ישיבה האָט אַלעמען געענטפערט און געגעבען ערקלערונגען. נאָך דעם איז שטיל געוואָרען און דער ראש־ישיבה האָט געליינענט זיין געוועהנליכען שיעור (לעקציע) וועגען הלכה מיט זיינע איינענע הוספות און פירושים. נאָך דער לעקציע האָט ער איינגעאָרדענט אַ דיספּוט (חילוק), וואָס איז בעשטאַנען אין פאָלגענדעם: ער האָט אַוועקגעשטעלט פערשידענע שטעלען פון תלמוד אָדער מדרשים, וואָס זענען סותר איינע די צווייטע. די דאָזיגע סתירות זענען ווי־עס־איז פערענטפערט געוואָרען דורך אַנדערע שטעלען, דערנאָך האָט מען ענטדעקט סתירות אין די שטעלען גופא, וואָס זענען ווידער פערענטפערט געוואָרען דורך נייע ציטאַטען, און אַזוי ווייטער, ביז וואַנען די האַרבע פראַגע איז שוין איינגאַנצען פערענטפערט געוואָרען. זומער פלעגען די דאָזיגע פּלפּולים זיך נישט ענדיגען פריהער פון 12 בייטאָג. ווינטער פלעגט דער ראש־ישיבה זיך ווינציגער פערנעהמען מיט פּלפּול, נאָר געליינענט פאַר די למדנים „טורים״ מיט מפרשים און פאַר די תלמידים „אלפסי״ וכדומה. מיט עטליכע וואָכען פאַר דעם סוף זמן האָט דער ראש־ישיבה בעשטימט פאַר די תלמידים דיספּוטען און דערביי אַליין אין זיי זיך בעטייליגט.

ביי יעדען ראש־ישיבה האָט זיך געפונען אַ בעדינטער, וועלכער פלעגט יעדען טאָג אַרומגעהן איבער די חדרים און השגחה געבען, אַז די קינדער, סיי די אָרימע, סיי די רייכע, זאָלען פלייסיג לערנען און נישט אַרומגעהן לעדיג. איינמאָל אין וואָך, דאָנערשטאָג, האָבען די תלמידים פון די חדרים געדאַרפט קומען צום גבאי, וועלכער האָט זיי עקזאַמענירט אין דעם, וואָס זיי האָבען אָבגעלערנט פאַר דער וואָך, און

אויב איינער פון די תלמידים האט נישט געקענט דאס, וואס ער האט געלערנט, האט דער בעהעלפער לויט דעם בעפעהל פון גבאי איהם שטארק געשמיסען און פון איהם חוזק געמאכט אין די אויגען פון די איבעריגע קינדער, כדי ער זאל געדענקען און די צווייטע וואך בעסער לערנען. איינמאל אין וואך ווידער, פרייטאג, פלעגט די קינדער עקזאמענירען דער ראש-ישיבה אליין, און דעריבער האבען זיי געציטערט און געשראקען זיך און פלייסיג געלערנט... געלעהרטע יודען פלעגט מען אבגעבען פיעל כבוד און דאס פאלק האט זיי אין אלץ געפאלגט; דעריבער האבען פיעל געשטרעבט צו ווערן בעוואוסט און אויף אזא אופן איז דאס לאנד פול געווארען מיט תורה".

„דאס לאנד איז פול געווארען מיט תורה" — דערין איז קיין גוזמא ניטא. ווירקליך, איז פוילען אין יענער צייט געוועזען פול מיט תורה און עס איז כמעט שווער געוועזען צו טרעפען א עם-הארץ צווישען יודען. די פוילישע ישיבות זענען אין יענער צייט געווארען דער צענטר פון יודענטום נישט בלויז אין פוילען, נאר אויך אין אלע לענדער, וואו יודען האבען געוואוינט. האט איינער געוואלט, אז זיין זוהן זאל זיין בקי אין תורה, האט ער איהם געשיקט קיין פוילען אין א ישיבה; פון דייטשלאנד, מעהרען, האלאנד און איטאליען פלעגט מען זיך ווענדען צו די פוילישע רבנים מיט יעדער הארבער שאלה און פאר'ן אויטאריטעט פון די פוילישע לומדים האבען געציטערט אלע יודען. תורה, ד. ה. תלמוד מיט מפרשים אויפ'ן שטייגער פון די בעלי-פלפול — דאס איז געוועזען די איינציגע שטרעבונג פון די פוילישע יודען; דער גרעסטער וואונש פון די טאטעס און מאמעס איז דאן געוועזען, אז זייער זוהן זאל ווערן א מפורסם אין תורה און בעקומען דעם טיטול למדן. דער גרעסטער טייל פון די פוילישע יודען, וואס האבען געלעבט בהרחבה, האבען אבגעגעבען זייערע בעסטע יאהרען אויף לערנען תורה, און איבער דעם גאנצען לאנד האט זיך פערשפרייט א נעץ פון ישיבות און חדרים. די ערשטע ראליע האבען דא געשפיעלט די רבנים. זיי זענען געוועזען די גייסטיגע מנהיגים פון פאלק, זיי זענען אויך געוועזען ראשי-הישיבות און די משגיחים אויף די חדרים, געזעצגעבער און ריכטער, מיט א אונבעגרענצטער מאכט געהערשט אויף ישיבות, שוהלען און חדרים, רעגולירט דאס אינערליכע און געזעלשאפטליכע לעבען, געגעבען דעם טאן אויך אין דעם פריוואטען לעבען. איבעראל האט געהערשט דער רב און דער רבנישער גייסט.

אמת, עס זענען געוועזען אויך איינצעלנע יודען, וואס האבען זיך פערנומען אויך מיט וועלטליכע וויסענשאפט. נאך אין דער צייט פון סיגיזמונד דעם ערשטען פלעגען יודישע יונגע לייט צוזאמען מיט די שליאחטישע קינדער פאהרען לערנען אין די דייטשע און איטאליענישע אוניווערזיטעטען. נאך מעהר: אין פוילען זעהען מיר א זעלטענע ערשיינונג, וואס איז נישט געוועזען אין גאנץ אייראפא צו יענער צייט: יודישע קינדער זיצען צוזאמען מיט די קריסטליכע קינדער אויף איין באנק אין די פוילישע אנפאנגס-שולען. — עס זענען אויך דא פיעל בעווייזען, אז פון אנהויב דעם 16-טען יאהרהונדערט האבען יודען זיך פיעל פערנומען מיט מעדיצין און אנדערע וויסענשאפטען. אבער לויט די אלגעמיינע בעדינגונגען פון פאליטישען לעבען אין פוילען פון יענער צייט איז געווען אונמעגליך, אז צו יודען זאל אריינדרינגען אלגעמיינע בילדונג אין גרויסען מאסשטאב. אויסער האנדעלס-בעציהונגען זענען יודען אינגאנצען געווען אבגעטיילט פון אלע אנדערע קלאסען פון דער בעפעלקערונג. לערנען אין די פוילישע שולען צוזאמען מיט די קריסטליכע קינדער איז געווען אונמעגליך ווייל דער יעזואיטישער גייסט האט דאן געהערשט אין אלע קאטוילישע שולען; קיין פראקטישע נוצען האבען אויך די יודען נישט געקאנט האבען פון זייער וועלטליכע וויסענשאפט, ווייל צו קיין רעגירונגס-שטעלען האט מען זיי נישט צוגעלאזט, און די קלעריקאלע גייסטליכע האבען נישט געלאזט יודען זיך פערנעהמען מיט מעדיצינישער פראקטיק צווישען קריסטען. אויף אזא אופן האבען יודען געמוזט בלייבען אבגעזונדערט פון דער ארומיגער וועלט און די שטרעבונג צו וועלטליכע קענטניסען האט געמוזט דערשטיקט ווערן. די רבנישע הערשאפט צווישען די פוילישע יודען האט געהאט פיעל שלעכטע זייטען, ווייל דורך דער צו-גרויסער שטרעבונג צום טיטול למדן זענען יודען געווארען צו-פיעל קאפ-מענשען, וואס פערברענגען אלע יאהרען נאר אין לערנען און זענען ווייט פון דער גרויסער וועלט, פון יעדען לעבעדיגען אונמיטעלבארען געפיהל. די מעטאדען, לויט וועלכע מען האט דעמאלט געלערנט אין די ישיבות, זענען אויך געווען ווייט פון פערפאלקאמענהייט, ווייל א דאנק דעם פלפול, וואס האט זיך דארט פראקטיצירט, האט זיך ענטוויקעלט דער בעריהמטער יודישער טיפ פון טרוקענעם ביכער-מענש מיט זיין קרומען, שפיציגען שכל, מיט זיין „גראבען פינגער" און צוקאליעטשעטע געפיהלען. מען מוז אבער מודה זיין, אז לויט דעם גלאנץ און גייסטיגער קראפט זענען די פוילישע

יודען פון יענער עפּאָכע געשטאַנען העכער פון אַנדערע יודען און אין זייער אָבגעשלאָסענהייט און טרוקענער רבנישער תורה האָבען זיי אַרויסגעוויזען נישט ווינציג גאונות.

דריי גרויסע מענער האָבען דעמאָלט פערמאָגט די פּוילישע יודען: ר' שלום שכנא, דער רמ"א און רש"ל, וואָס זענען גערעכענט געוואָרען פאַר די גרעסטע גאונים פון זייער צייט, פאַר די זיילען פון דעמאָלטדיגען יודענטום. דער עלטסטער פון זיי איז געווען ר' שלום שכנא (געלעבט אין 1500—58 אַנ'ערך). וועגען איהם איז נאָר בעוואוסט, אַז ער האָט געלעבט אין לובלין, אַז אין 1541 איז ער דורך אַ בעפעהל פון קעניג סיגיזמונד דעם ערשטען בעשטימט געוואָרען אַלס עלטסטער רב פון קליין־פּוילען און געשטאַנען אין דער שפּיץ פון דער ישיבה, פון וועלכער עס זענען דערנאָך אַרויסגעקומען פיעל בעריהמטע גאונים. נאָר מעהר פון איהם איז געווען בעוואוסט זיין תלמיד ר' משה איסערליס, וואָס איז בעקאַנט מיט זיין פערקירצטען נאָמען רמ"א (1520—72).

ר' משה איסערליש איז געווען אַ זוהן פון אַ רייכען יודען, אַ מיטגליד פון דער געמיינדע־פערוואַלטונג. נאָך אין די יונגע יאָהרען איז ער בעריהמט געוואָרען אין דער תלמודישער וועלט און געשטאַנען אין דער שפּיץ פון דער קראָקויער ישיבה. ווען אין 1550 איז ערשינען דער „בית יוסף" פון בעריהמטען ר' יוסף קאַראָ, אַלס אַ פּירוש צום „טורים", האָט ר' משה איסערליס אַרויסגעלאָזט זיין ספר „דרכי משה", אין וועלכען ער האָט בעדייטענד פערגרעסערט דעם גרויסען מאַטעריאַל וועגען הלכות און דינים, וואָס ר' יוסף קאַראָ האָט צונויפגעזאַמעלט אין זיין ווערק. דער רמ"א האָט זיינע הוספות געמאַכט אויפ'ן גרונד פון נייע קוועלען און דאָס האָט אויסגעזעהן, ווי אַ וואונדער, ווייל געמיינט האָט מען, אַז דער בעריהמטער מחבר פון „שלחן ערוך" האָט שוין אויסגענוצט אַלע מאַטעריאַלען. שפּעטער, ווען ר' יוסף קאַרא האָט אַרויסגעלאָזט זיין „שלחן ערוך", האָט דער רמ"א בעמערקט, אַז אַלס ספרדי האָט דער מחבר פון „שלחן ערוך" פערזעהן פיעל קוועלען פון די גרויסע אַשכנזישע רבנישע אויטאָריטעטען און אויך נישט גענומען אין אַכט די פיעל אייגענאַרטיגע מנהגים פון די פּוילישע יודען. דער רמ"א האָט דעריבער צוגעגעבען צום קאָדעקס „שלחן ערוך" פיעל נייע דינים אויפ'ן גרונד פון די פאָלקס־מנהגים און פּראַקטיק פון די פּוילישע גרויסע רבנים און די אַלע הוספות האָט דער רמ"א צוגעגעבען צום טעקסט פון „שלחן ערוך", מיט דעם נאָמען „מפה". אין 1578 איז

דער „שלחן ערוך" צום ערשטען מאָל ערשינען אין קראָקוי מיט די הוספות פון רמ"א און נאָך אין אזא פאָרם האָט דער „שלחן ערוך" פון דעמאָלט אָן אָנגעהויבען פערשפּרייט און אָנגעווענדעט ווערן ביי די פּוילישע יודען.

דער צווייטער גרויסער גאון פון יענער צייט ר' שלמה לוריא, וואָס איז בעוואוסט מיט זיין נאָמען מהרש"ל (1510—73), איז געווען אַ מענש פון גרויסען קריטישען שכל, וואָס האָט זיך אויסגעצייכענט מיט זיין זעלטענעם דרייסטען געדאַנק. ער איז געווען אַ געבוירענער פון פּוזנאַ, וואוהין זיין זיידע איז אריבערגעפאָהרען פון דייטשלאַנד. אלס אַ מענש מיט אַ שאַרפען אַנאַליטישען שכל, איז ער געווען אַ גרויסער געגנער פון די בעלי־פּלפּול און האָט אַרויסגעשטעלט אַלס מוסטער די מעטאָדע פון די בעלי־התוספות, וואָס איז בעשטאַנען אין אַ שטרענגען אַנאַליז פון דעם תלמוד. קיין אויטאָריטעטען האָט דער רש"ל נישט אָנערקענט, אַלץ האָט ער געוואויגען און קריטיקירט. ער איז געווען דער איינציגער, וואָס האָט געהאַט די דרייסטקייט אַרויסצוטרעטען וועגען אויטאָריטעט פון גרויסען ר' יוסף קאַראָ, וועלכער איז געווען די גרעסטע אויטאָריטעטישע קראַפט צווישען אַלע יודען. וועגען „שולחן־ערוך" און זיין מחבר האָט דער רש"ל זיך אָבגערופען מיט אַ געוויסער פעראַכטונג, בעווייזענדיג, אַז ר' יוסף קאַראָ האָט זיך בענוצט מיט די פיעל קוועלען אָהן דער נויטיגער קריטיק, און די צווייפעלהאַפטע פראַגען האָט ער אויף זיין אייגענע ריזיק געלעזען לויט זיין אייגענעם שכל. אין זיין בעריהמטען פירוש צום תלמוד „ים של שלמה", וואָס איז נישט פערענדיגט געוואָרען, האָט דער רש"ל זיך געהאַלטען אין דער מעטאָדע פון ריינער קריטיק און נישט מורא געהאַט פאַר קיין אויטאָריטעטען דאָרט, וואו איהם האָט זיך אויסגעוויזען, אַז דער אמת איז נישט אויף זייער זייט. עס איז קיין ספק נישט, אַז דער רש"ל וואָלט מיט זיין קריטיק און שטרענגען אַנאַליז געווען זיך גענומען צום תלמוד אַליין. אין איינציגע ערטער געפינען זיך רמזים, וואָס בעווייזען, אַז דער רש"ל האָט געהאַט פיעל ספקות בנוגע צו דער ריכטיגקייט פון די הלכות אין תלמוד גופא. נאָר, נאַטירליך, איז יענע צייט נישט געווען פּאַסענד פאַר אַזאַ קריטיק און דער רש"ל האָט געמוזט בעהאַלטען אין זיך זיינע ספקות. אַלס קפדן און אומאָבהענגיגער מענש, וואָס רעכענט זיך נישט מיט קיינעם, האָט דער רש"ל געהאַט געגען זיך פיעל שונאים און געמוזט פיעל וואַנדערן אין זיין לעבען. אין 1550־ער

יאָהרען איז ער געוואָרען רב אין אָסטראָה, וואָהלין, און מיט זיינע תלמוד'ישע לעקציעס, וועלכע עס זענען געקומען הערען מענשען פון אַלע שטעדט אַרום, איז אָסטראָה געוואָרען דער צענטער פון וואָהליניער יודענטום. די לעצטע יאָהרען זיינע האָט ער פערבראַכט אין לובלין, וואו עס עקזיסטירט נאָך יעצט אַ שוהל, וואָס טראָגט זיין נאָמען.

דער רמ"א און דער רש"ל זענען געווען די זיילען פון רבניזם אין פוילען; צו זיי פלעגט מען זיך ווענדען מיט שאלות פון אַלע עקען וועלט. זייערע ענטפערען אויף די שאלות זענען פערעפענטליכט געוואָרען אין בעזונדערע ספרים „שאלות ותשובות רמ"א ורש"ל". ביידע רבנים האָבען צווישען זיך געפיהרט אַ קאָרעספּאָנדענץ און געווען בע־פריינדעט, נאָר צוליעב דעם אונטערשיעד פון זייערע חאַראַקטערען האָ־בען זיי שטענדיג געפיהרט צווישען זיך הייסע דיספּוטען. דער רש"ל איז, נישט קוקענדיג אויף זיין קלאָרען קריטישען שכל, געווען גענייגט צו קבלה; דער רמ"א ווידער איז, נישט קוקענדיג אויף זיין קאָנסערוואַטיווען שכל, געווען שטאַרק גענייגט צו פילאָזאָפיע. ביידע גאונים האָבען דעריבער געמאַכט פאָרוואורפען איינער דעם צווייטען אויף זייערע „חטאים". דער רש"ל האָט זיך געסטאַרעט צו בעווייזען זיין פריינד, אַז די חכמה פון „ערל אַריסטו" וועט צו קיין גוטס נישט פיהרען, און דער רמ"א האָט בעוויזען, אַז די קבלה איז געגען דעם יודענטום און פיעל מעהר געפעהרליך פאַר דער אמונה, איידער די פילאָזאָפיע.

אין פוילען איז די רבנישע וויסענשאַפט געווען פערבונדען מיט'ן לעבען. דאָרט האָבען די יודישע געמיינדעס געהאַט זייער איינגען גע־געריכט, דאָרט האָט פונקציאָנירט דער „ועד ארבע ארצות", וואָס האָט געדאַרפט לעזען פיעל יורידישע און רעליגיעזע פראַגען אויפ'ן גרונד פון תלמוד און זיינע מפרשים, און צוליעב דעם האָט מען דאָרט די בקיאות אין הלכה אָנגעווענדעט אין פּראַקטישען לעבען. דער דאָ־זיגער פּראַקטישער צוזאַמענהאַנג צווישען לעבען און בוך האָט אַרויס־גערופען אויף דער סצענע פיעל לומדים, וועלכע האָבען זיך הויפּט־זעכליך פערנומען דערמיט, וואָס זיי האָבען אַלץ מעהר געלייטערט און סיסטעמאַטיזירט די פערשידענע דינים און הלכות, כדי צו האָבען פאַר זיך אַ פּראַקטישען וועג־ווייזער אין אַלע שאלות, וואָס קומען פאַר אין רעליגיעזען לעבען.

איינער פון די רבנים פון דעם סאָרט איז געווען ר' מרדכי יפה

(געשטארבען אין 1612). ער האט געשטאמט פון בעהמען און פערנו־
מען די שטעל פון רב פריהער אין גראדנא, דערנאך אין לובלין,
קרעמעניץ, פראג און פוזנא. ער איז אויך נישט איינמאל געווען
פארזיצענדער אין דעם „ועד ארבע ארצות". זייענדיג א תלמיד פון
רמ"א, האט ר' מרדכי יפה דאך זיך נ שט בענוגענט מיט זיינע ספרים
און געהאלטען, אז זאגאר די הוספות פון רמ"א צום „שלחן ערוך"
זענען נאך נישט דאס לעצטעווארט און אז עס איז נאך דא פיעל
אויפצוטאן אין סיסטעמאטיזירען די דינים. ער האט דעריבער פער־
פאסט א נייעם קאדעקס „לבושים", וואס האט זיך אונטערשיידעט פון
דעם סיסטעם פון „שלחן ערוך" און „מפה" דערמיט, וואס דארט, אין
„לבושים", איז צו יעדען דין און הלכה אויך צוגעגעבען א לאנגע
טעארעטישע ערקלערונג און חקירה, וועגען גרונד פון יעדען געזעץ.
דער „לבושים" האט שיער נישט ארויסגערופען קיין שפאלטונג אין דער
רבנישער וועלט, ווייל צוערשט האבען פיעל געוואלט אבשטעהן פון
„שלחן ערוך" און זיך האלטען נאר אין „לבושים", אבער סוף כל סוף
האט דער „שלחן ערוך" מנצח געווען און איז אנערקענט געווארען אלס
דער איינציגער אויטאריטעטישער קאדעקס אין דער פראקטיק. — אונ־
טער דעמזעלבען נאמען „לבושים" האט ר' מרדכי יפה אנגעשריבען נאך
5 טיילען, וואו עס געפינען זיך פירושים צום תנ"ך, בעמערקונגען צום
„מורה נבוכים", דרשות און קבלה־חקירות.

דער שטעל־פערטרעטער פון ר' מרדכי יפה אלס עלטסטער רב
און פארזיצענדער פון „ועד ארבע ארצות" איז געווען ר' יהושע פאלק
הכהן (געשטארבען אין 1616), רב אין לובלין און דערנאך ראש ישיבה
אין לעמבערג. ער איז בעריהמט געווארען מיט זיין ווערק „ספר מאור
עינים", אדער סמ"ע, א פירוש צום „חשן משפט" פון ר' יוסף קארא.
ער איז אויך געווען דער פערפאסער פון דעם רוב תקנות, וואס דער
„ועד ארבע ארצות" האט ארויסגעגעבען פאר די יודישע געמיינדעס. ר'
מאיר פון לובלין (1554—1616), וואס איז בעקאנט מיט זיין נאמען
מהר"ם מלובלין, האט זיך געהאלטען אין א אנדער סיסטעם. ביי איהם
איז געווען דער עיקר נישט די פראקטישע נוצען פון דער תורה, נאר די
חקירה און פלפול אליין און דעריבער האט ער זיך בעצויגען מיט
א געוויסער גרינגשעצונג צו יענע גאונים, ווי ר' יוסף קארא און דער
רמ"א, וואס פערנעהמען זיך מיט אזעלכע קליינינקייטען, ווי סיסטע־
מאטיזירען דעם גרויסען בארג דינים און הלכות. אלס רב פון קראקוי,

לובלין און לעמבערג האט דער מהר"ם געלייענט לעקציעס פאר א גרויסען אוידיטאריום און דא האט ער ארויסגעוויזען פיעל שארפזין און זעהר-קונציגע פירושים צו די שווערסטע ערטער אין תלמוד. דעמזעלבען שארפזין האט ער ארויסגעוויזען אין זיינע ספרים „מאיר עיני חכמים" און „שאלות ותשובות מהר"ם", נאר אומעטום האט דער מהר"ם געשטרעבט ניט צו פראקטישע נוצען, נאר צו חקירה לשם חקירה. אין זיינע פארשונגען געפינען זיך דעריבער ניט ווינציג קוריאזען. אזוי, למשל, האט דער מהר"ם געפונען פאר נויטיג זאגאר אנשרייבען א גאנצע חקירה וועגען דער פראגע, צי קען מען האלטען פאר א עבירה, ווען א פרוי האט געהאט בעציהונגען מיט א שד, וואס איז צו איהר געקומען פריהער אין געשטאלט פון איהר מאן און דערנאך אין געשטאלט פון א פוילישען פריץ.— אזא ליבהאבער פון זיינע חקירות איז אויך געווען דער מהרש"א, ר' שמואל איידליש, רב אין פוזנא, לובלין און אסטראה. זיינע פירושים צו אלע מסכתות פון תלמוד זענען פול מיט קונציגע קשיות און תירוצים און זענען נאך ביז יעצט זעהר פאפולער. דער גרעסטער טייל רבנים האט זיך אבער ווייטער געהאלטען אין דעם וועג, אין וועלכען עס זענען געגאנגען דער רמ"א און ר' מרדכי יפה. דער אויטאריטעט פון „שלחן ערוך" איז אין פוילען אלץ געבליבען גרויס און די רבנים האבען פארטגעזעצט די ארבייט פון ר' יוסף קארא און ווייטער געפיהרט די ארבייט פון סיסטעמאטיזירען די דינים. איינער פון די אנגעזעהענסטע רבנים אין יענער צייט ר' יואל סירקיס, רב אין בריסק און אין קראקוי, האט אנגעשריבען א פירוש צום „טורים" „בית חדש" (קורץ: ב"ח), וואו ער האט געגעבען זיינע אייגענע הוספות צו די פארשונגען וועגען די געזעצען. די איבעריגע אנגעזעהענע געלעהרטע פון יענער צייט האבען זיך פערנומען אויסשליסליך מיט דער בעארבייטונג פון „שלחן ערוך", בעזונדערס מיט דעם טייל „יורה דעה", וואו עס ווערן בעהאנדעלט די פראגען וועגען כשר און טרף. אין 1646 זענען ערשינען צוויי אויספיהרליכע פירושים צום „יורה דעה": איינער פון זיי, מיט'ן נאמען „טורי זהב", איז פערפאסט דורך דעם רב ר' דוד הלוי; דיער צווייטער, מיט'ן נאמען „שפתי כהן", איז פערפאסט געווארען דורך דעם ווילנער גרויסען למדן ר' שבתי כהן.ביידע קאמענטאריעס זענען געדרוקט צוזאמען מיט דעם „יורה דעה" אלס א ארגאנישער טייל פון איהם (בעקאנט אונטער די ראשי תיבות ט"ז און ש"ך).

צוליעב דער גרויסער אויפלעבונג אין דער רבנישער ליטעראטור

האָבען זיך שטאַרק ענטוויקעלט די ביכער=דרוקערייען אין פוילען, וואָס האָט אין דער הינזיכט פערנומען איינעם פון די ערשטע פלעצער אין איירא͏ָפּא. דער ערשטער יודישער ספר (חומש) איז געווען אָבגעדרוקט אין קראַקוי אין יאָהר 1530. אין דער צווייטער העלפט פון 16=טען יאָהר=הונדערט האָבען שוין אין קראַקוי און לובלין עקזיסטירט צוויי גרויסע יודישע דרוקערייען, וועלכע האָבען געדרוקט פיעל אַלטע און נייע ספרים. אין 1566 האָט דער קעניג סיגיזמונד=אויגוסט געגעבען דעם יודען לעוויט מאָנאָפּאָל=רעכט אויף אריינצופיהרען קיין פוילען יודישע ספרים פון אויסלאַנד, נאָר ווען אַריינפיהרען ספרים פון אויסלאַנד איז געוואָרען שווערליך, האָט א אַנדער יוד, א געוויסער קלמן, בעקומען פון קעניג באַטאָרי א פּריווילעגיע צו דרוקען ספרים אין לובלין. צו=ליעב דער פּויפּסטליכער צענזור אויף דעם תלמוד אין איטאַליען האָט דאָס ספרים=דרוקען אין פוילען זיך נאָך פערגרעסערט און די פוילישע דרוקערייען האָבען שוין צוגעשטעלט ספרים נישט בלויז פאַר די פוילישע יודען, נאָר אויך פאַר די יודען פון אַנדערע לענדער.

## זעכסטעס קאַפּיטעל.

### פון קנעכטשאַפט צו פרייהייט

---

ניט די אַכזריות פון טאָרקוועמאַדאַ, ניט דער גירוש פון די שפּאַנישע און פּאָרטוגאַלישע יודען האָבען ניט געקענט אויסוואָרצלען די מאַראַנען, און זיי מאַכען פאַר טרייע דינער פון דער „הייליגער קירך". די יודען האָט מען פערטריבען, אָבער עס זענען פערבליבען די מאַראַנען און די צעהנדליגע טויזענדער יודען, וואָס זענען מיט געוואַלד געמאַכט געוואָרען פאַר קריסטען, זענען אין הארצען דאָך געבליבען טרייע זיהן פון זייער פאָלק און פון דור צו דור האָבען די פערבאָרגענע יודען איבערגעגעבען זייערע קינדער און אייניקלעך די צוואה, אַז זיי זאָלען בלייבען יודען אין הארצען און ניט פערגעסען אין זייער שטאַם און רעליגיע. שוין כמעט דריי דורות זענען אַוועק, זינט יודען זענען פערטריבען געוואָרען פון שפּאַניען און פּאָרטוגאַל און די מאַראַנען זענען געבליבען עלענד און אַליין — און דאָך האָט זיך ניט איבערגעריסען דער פערבאַנד צווישען די מאַראַנען און דער גרעסטער יודישער נאַציע. אין געזעלשאַפטליכען און עקאָנאָמישען לעבען זענען די מאַראַנען געוואָרען אָרגאַניש צוזאַמענגעבונדען מיט דער קריסטליכער בעפעלקערונג; זיי זענען אַריינגעטרעטען אין די רייהען פון די אַדעליגע, בעאַמטע, זאָגאַר גייסטליכע און אומעטום פערנומען אַ אָנגעזעהענעם אָרט, אָבער דאָך האָבען פיעל פון זיי ניט אויפגעהערט גלויבען, אַז עס וועט קומען אַ צייט, ווען זיי וועלען ווערן אויסגעלעזט און ווידער בעקומען די מעגליכקייט צו בלייבען פרייע יודען. דאָס יודישע פאָלק האָט אַ איבעריגעס מאָל אַרויסגעוויזען זיין וואונדערבאַרע פעהיגקייט זיך צו צופּאַסען

צו די ארומיגע בעדינגונגען און אבהיטען זיין אינגערליכע זעלבסט־שטענדיגקייט. ביי אזא גיהנם פון צרות און רדיפות, ביי דער הער־שאפט פון דער שרעקליכער אינקוויזיציע, נאך אזוי פיעל יאהרען פון גלגולים און וואנדערן האבען דאך די מאראנען בעוויזען די פעהיגקייט אויסערליך זיך צוצופאסען מיט דער ארומיגער בעפעלקערונג און אינערליך בלייבען יודען. די ענוים און רדיפות האבען נאר פערהייליגט פאר די מאראנען די רעליגיע פון זייערע עלטערן און נאר פער־שטארקט אין זיי די בענקשאפט נאך מערטירעריי. די מאראנען האבען געהאט א בעזונדער פערגניגען, ווען זיי זענען גלייך פון דער קירך אוועק ערגעץ אין א פערבארגען ווינקעל און דארט אויסגעגאסען זייער הארץ פאר דעם גאט, אין וועלכען זיי האבען געגלויבט. די געפאהר ארום איז געוועזען גרויס, די מאראנען האבען געוואוסט, אז ארום לוי־ערען די שפיאנען פון דער אינקוויזיציע און זיי דראהט יעדע מינוט די געפאהר ארעסטירט צו ווערן און בעצאהלען מיט'ן לעבען, נאר דאס האט זיי נישט אבגעהאלטען און די שטענדיגע געפאהר האט נאר ארויפגעלעגט א שטעמפעל פון קדושה אויף דער יודישער אמונה און זי געמאכט טייערער און שענער אין די אויגען פון די מערטירער. לאנג, לאנג האט געדויערט דער קאמפף מיט די מאראנען אין די לענדער פון דער אינקוויזיציע, און מיט דעם גירוש פון יודען האט די יודען־פראגע פאר שפאניען און פארטוגאל זיך נאך נישט געענדיגט. אין פער־לויף פון פיעל יאהרען נאך דעם גירוש געהט נאך א העלדישער קאמפף צווישען דער קירך און די מאראנען; די ערשטע קעמפפט מיט דעם שווערד אין דער האנד, די לעצטע — מיט זייער עקשנות און מסירת נפש, נאר ביידע ווילען זיך נישט אונטערגעבען און נאך פיעל טראגישע אקטען שפיעלען זיך אב אין די לענדער, איידער זיי ווערן פטור פון די פער'עקשנ'טע מאראנען.

אין שפאניען האט די ארבייט פון טארקוועמאדא פארטגעזעצט זיין פערטרעטער, דער גענעראל־אינקוויזיטאר דעזא. אליין איז ער געוועזען פון יודישער אבשטאמונג (לויט דער מוטערס צד — א אייניקעל פון מאראנען), נאר צו די מאראנען האט ער ארויסגעוויזען נישט ווייניגער אכזריות, איידער טארקוועמאדא. אין פערלויף פון איין יאהר 1501 האט דעזא געמאכט פאלגענדע אויטא־דע־פע'ס: אין טאלעדא האט ער דעם 5־ען מערץ פערברענט 38 מאראנען, אויפ'ן צווייטען טאג — 67 מאראנישע פרויען; אין א קליינע צייט שפעטער האט ער אין דערזעלבער שטאדט

פערברענט 9 מענער און פער׳משפט צו אייביגע תפיסה 140 יונגע מענער און פרויענצימער. אין קארדאווא האט ער אין דעמזעלבען יאהר פערברענט אנ׳ערך 90 מאראנען און אין סעווילע 45.

די רעכטע האנד פון דעזא איז געוועזען דער קארדאוואר אינקוויזי־טאר לוצערא, דער ליעבלינג פון קעניג פערדינאנד. לוצערא׳ס סיסטעם איז געוועזען אריינצודרינגען אין די רייהען פון דער העכסטער שפאנישער אריסטאקראטיע, דארט ענטדעקען מאראנען, אדער אזעלכע, וואס זענען נוטה צו דער יודישער אמונה, ארעסטירען, פייניגען, פער־משפט׳ן צום טויט, דערנאך דערלאנגען דעם קעניג א טייל פון דעם פערמעגען, וואס איז קאנפיסקירט געווארען ביי די פער׳מש׳פטע, און דערביי, נאטירליך, נעהמען פאר זיך אויך א שענעם חלק. בעזונדערס פלייסיג האט לוצערא געארבייט, אום אויסצעווארצלען די אפיקורסישע עלעמענטען צווישען די גייסטליכע. אזוי האט ער געפייניגט איינעם א זוהן פון א מאראן קאסטרא, וואס האט פערנומען די שטעל פון א גייסטליכען, האט דורך ענוים איהם געצוואונגען זיך מודה זיין אין „אונגלויבען", דערנאך איהם פער׳משפט צום טויט און קאנפיסקירט זיין גאנץ פערמעגען. אזוי איז אויך פער׳משפט געווארען צום טויט דער טעאלאג מעמברען, וואס איז בעשולדיגט געווארען אין פרעדיגען די יודישע אמונה: ער איז עפענטליך פערברענט געווארען צוזאמען מיט די 107 פערזאן, וואס האבען אויסגעהערט זיינע דרשות. לוצערא האט בעשולדיגט אין יודישקייט זאגאר דעם ארציבישאף טאלעווערא, דעם געוועזענעם גייסטליכען פון דער קעניגין. מען האט ארעסטירט זיינע קרובים, וואס האבען אבגעשטאמט פון יודען, זיי אריינגעזעצט אין תפיסה, און איהם אליין האט מען געצוואונגען צו געהן איבער דער שטאדט צוזאמען מיט נאך מאראנען אין א פראצעסיע, בארוועס און אהן א היטעל, אלס תשובה אויף זיינע זינד. דער ארציבישאף האט ניכט אריבערגעטראגען דעם בזיון און אין עטליכע טעג ארום איז ער געשטארבען.

די אכזריות פון דער אינקוויזיציע איז געוועזען אזוי שטארק, אז די מאראנען האבען זיך געפרובט ביים קעניג פועל׳ן פאר 100 טויזענד דוקאטען אבשטעלען די אינקוויזיציע ווינציגסטענס אויף א קליינע צייט. דאס האט ניכט געווירקט, אבער דער פארהאבען געווירקט די פראקטע־טען פון די אנגעזעהענסטע קריסטען, וועלכע האבען שוין ניכט געקענט אריבערטראגען די אכזריות׳דיגע מעשים פון לוצערא. דער קעניג האט

געמוזט אבזאגען פון זיין שטעל דעם גענעראל-אינקוויזיטאר דעזא און צוזאמען מיט איהם איז אויך געפאלען דער ביזער לוצערא. איהם האט מען ארייננעזעצט און טורמע און בעפרייט אלע ארעסטירטע, וואס מען האט חושד געווען אין געהערען צום יודענטום. אנשטאט דעזא איז אלס גענעראל-אינקוויזיטאר בעשטימט געווארען חימענעס, דער ערצבישאף פון טאלעדא. ער האט זיך אבגעזאגט פון סיסטעם צו ארעסטירען און משפט'ן מענשען אהן שום גרונדליכע בעווייזען, בלויז אלס פערדעכטיגע, אבער דערפאר בנוגע צו די, געגען וועלכע עס זענען געווען בעשטימטע בעווייזען, איז חימענעס נישט געווען בארמהערציגער, איידער דעזא, און ער האט איינינע גע'משפט מיט פייער, אנדערע פערזעצט אין די טורמעס און ארויפגעלעגט אויף זיי גרויסע שטראפען.

ווען נאכ'ן טויט פון קעניג פערדינאנד (1516) איז דער שפאנישער טראן איבערגעגאנגען צו זיין אייניקעל קארל דער 1-טער, שפעטער קייזער פון דייטשלאנד, האבען די מאראנען געפרובט איבערקויפען דעם יונגען הער־שער. זיי האבען אוועקגעשיקט צום קעניג א דעפוטאציע מיט א ביטע אז ער זאל בעגרענצען די רעכטען פון דער אינקוויזיציע און איינפיהרען בעשטימטע גאראנטיעס פון א געריכטיגען משפט; דערפאר האט מען דעם קעניג פארגעלעגט 800 טויזענד טאלער געלד. אין דערזעלבער צייט האבען די שתדלנים פון די מאראנען זיך געפרובט ווירקען אויפ'ן פויפסט אין רוים. דער טאלעראנטער פויפסט לעא דער 10-טער איז שוין איינגעגאנגען צו ערפילען די ביטע פון די מאראנען און ארויסגעגעבען א געהעריגען בעפעהל, נאר דער קעניג, וואס איז ערצויגען געווארען אין גייסט פון דער אינקוויזיציע, האט מודיע געווען דעם פויפסט, אז די אנקלאגען פון די מאראנען פערדינען נישט קיין צוטרוי, אז די מאראנען האבען איהם געוואלט אונטערקויפען און אז די אינקוויזיציע פיהרט זיך מיט גערעכטיגקייט. דער פויפסט האט געמוזט נאכגעבען און די אינקוויזיציע האט ווייטער אהן שטערונגען געפיהרט איהר ארבייט. די אינקוויזיציאנס-געריכטען האבען דעמאלט עקזיסטירט אין קארדאווא, טאלעדא, סאראגאסא, סעווילע, גראנאדא און אנדערע שטעדט.

די שנאה צו די מאראנען איז געווארען אלץ שטארקער. בעזונדערס האט די אינקוויזיטארען נישט געלאזט רוהען דער געדאנק, אז פיעל אייניקלעך פון די מאראנען פערנעהמען הויכע שטעלעס אלס

גייסטליכע, און די גאנצע ענערגיע איז אנגעווענדעט געוואָרען דערויף,
אז מען זאָל אָבריינינגען די קירך פון דעם גיפט פון יודענטום. פריהער
האָט מען אויפ׳ן גרונד פון דאָקומענטען און ארחיוו פון דער אינקוויזי=
ציע פערעפענטליכט א בוך, וואו עס זענען אויסגערעכענט געוואָרען
אלע פאמיליעס פון די מאראנען, וואָס האָבען געדארפט געפינען זיך
אין שטארקען פערדאכט. דערנאָך האָט מען אָנגעווענדעט א ניי מיטעל:
פובליקירט א געפעלשטע קאָרעספּאָנדענץ צווישען די מאראנען און די
קאָנסטאנטינאָפּאָלער יודען און דאָס האָט געדארפט שטארק קאָמפּראָמי=
טירען די מאראנען. די בלבול=מאכער האָבען אין זייער חשבון זיך נישט
גענארט. די געפעלשטע קאָרעספּאָנדענץ האָט ווירקליך געמאכט א רושם.
אלס ענטפער אויף די בריעף פון די שפּאנישע מאראנען, וואָס האָבען
זיך בעקלאָגט אויף זייער שווערע לאגע, האָבען די קאָנסטאנטינאָפּאָלער
יודען כלומר׳שט געענטפערט: „איהר זאָגט, אז דער שפּאנישער קעניג
צווינגט אייך צו ווערן קריסטען, — גיבט זיך אונטער, ווייל קיין אנ=
דער ברירה האָט איהר נישט. איהר זאָגט, אז ביי אייך נעהמט מען אָב
אייער גוטס, — מאכט אייערע קינדער פאר סוחרים, כדי זיי זאָלען קענען
אָבנעהמען ביי זיי (די קריסטען) זייער גוטס. זיי נעהמען ביי אייך צו
דאָס לעבען, — ווערט דאָקטוירים און אפּטעקערס, כדי איהר זאָלט קע=
נען צונעהמען דאָס לעבען ביי אייערע שונאים. זיי צערשטערען אייערע
שוהלען, — מאכט אייערע קינדער פאר גלחים און טעאָלאָגען, — און
איהר וועט צערשטערען זייערע קירכען. אייך פערשאפט מען אנדערע
יסורים, — סטארעט זיך, אז אייערע קינדער זאָלען ווערן אדוואָקא=
טען, פּראָקוראָרען, נאָטאריוסען און בעאמטע, כדי זיי זאָלען זיך בע=
טייליגען אין די געזעלשאפטליכע ענינים, — און איהר וועט זיך נוקם
זיין אין אייערע פיינד דערמיט, וואָס איהר וועט זיי פערשקלאפען און
בעהערשען דאָס לאנד". די דאָזיגע פאלסיפיקאציע איז געווען א קונ=
ציגע, ווייל באמת האָבען די מאראנען פערנומען א גרויסען פּלאץ אין
דעם קולטורעלען לעבען פון די קריסטען און דער געפעלשטער ראט
פון די טערקישע יודען האָט אויסגעזעהן ריכטיג. פיעל קריסטען האָ=
בען דעריבער געגלויבט אין דער קאָרעספּאָנדענץ און די רדיפות אויף
די מאראנען האָבען זיך נאָך פערשטארקט. די מאראנען האָבען אראָב=
געלאָזט די קעפּ, זיך צוגעפּאַסט ווי א סטאדע שעפּסען און שטי=
לער געוואָרען. די אונפאָרזיכטיגע מאראנען האָט די אינקוויזיציע נאָך
שטרענגער, ווי פריהער, פערפאָלגט; יעדעם יאָהר פלעגען איינ=

געאָרדענט ווערן אויטאָ=דע=פע׳ס, און פאר די שפאניער איז דאָס געווען א יום=טוב, אויף וועלכען עס פלעגען זיך צונויפפאָהרען אָנגעזעהענע קריסטען פון אלע שטעדט. דער פלאץ, וואו עס זענען פאָרגעקומען די אויטאָ=דע=פע׳ס, פלעגט זיין איבערפולט מיט מענשען און פון די ארומיגע הייזער, פון די פענסטער און באלקאָנען האָט מען געקוקט און זיך לוסטיג געמאכט אויף די אומגליקליכע „אונגלויביגע", וואָס מען האָט געברענט אויפ׳ן פייער. פערליערענדיג די האָפנונג, אז די לאגע זאָל זיך פערבעסערן, האָבען פיעל מאראנען עמיגרירט קיין טערקיי, איטאליען און אנדערע לענדער. איינינע האָבען עמיגרירט קיין אמעריקא, וואָס איז צו יענער צייט נאָר וואָס ענטדעקט געוואָרען. אָבער אויך אהין האָט זיי בעגלייט די שפאנישע אינקוויזיציע, און אין מעקסיקא און דרום=אמעריקא, וואָס האָבען זיך געפונען אונטער דער הערשאפט פון שפאניען, זענען איינגעפיהרט געוואָרען די אינקוויזיציאָנס=געריכטען, וועלכע האָבען אויך דאָרט פלייסיג געארבייט און אָבגעזוכט זייערע קרבנות.

נאָך טראגישער איז געווען די לאגע פון די פאָרטוגאלישע מאראנען. די לעצטע האָבען זיך געהאלטען גאָר אנדערש, איידער די שפאנישע מאראנען. ווייל אויב די שפאנישע מאראנען זענען אויסערליך שוין לאנג געווען פערדרעכענט אלס א טייל פון דער קריסטליכער בעפעלקערונג און ערפילט אלע קאטוילישע געזעצען, זענען די מאראנען אין פאָרטוגאל געווען אייגענטליך יודען, וואָס האָבען נאָר פאָרלויפיג אויף זיך ארויפגענומען די מאסקע פון קריסטען און דערנאָך במעט אָפען אראָבגעוואָרפען זי פון זיך. דאָס זענען געווען די שפאנישע מגורשים, וועלכע האָבען עמיגרירט פון שפאניען אין 1492 און פערהאָפט צו געפינען אין פאָרטוגאל א בית=מקלט אויפ׳ן גרונד פון דער הבטחה פון קעניג עמאנועל, וועלכער האָט זיי פערזיכערט, אז אין פערלויף פון 20 יאָהר וועלען זיי זיין פריי פון דעם אינקוויזיציאָנס=געריכט. גלויבענדיג אין דער הבטחה, האָבען די פאָרטוגאלישע מאראנען ערפילט די געבאָטען פון דער יודישער אמונה במעט אָפען, פיעל דרייסטער, ווי זייערע ברידער אין שפאניען. אין אָנהויב פון 16=טען יאָהרהונדערט האָבען זיי אין ליסאבאָן זאָגאר געהאט זייער אייגענע שוהל און געלעבט אין א קאָמפאקטער מאסע, אָבגעזונדערט פון די קריסטען. צוליעב דער דאָזיגער צווייזייטיגער ראָליע זייערער זענען די פאָרטוגאלישע מאראנען נאָך מעהר פערהאסט געווען אין די אויגען

פון די קריסטען. עס איז ענטשטאנען א טראגישע לאגע. ערלויבען די מאראנען פריי זיך האלטען אין זייער רעליגיע און אינגאנצען אראבווארפען פון זיך די קריסטליכע מאסקע — אזוי ווייט טאלעראנט און גערעכטיג האט די פארטוגאלישע רעגירונג נישט געקענט זיין; ארויסטרייבען זיי פון לאנד האט די רעגירונג אויך נישט געוואלט, ווייל די יודישע באנקירען, סוחרים, דאקטוירים, טעכניקער א. ד. גל. זענען געווען זעהר נויטיג פאר דעם ארימען אונקולטורעלען פארטוגאל און דער קעניג האט זאגאר ניט דערלאזען יודען עמיגרירען אין אנדערע לענדער. די מאראנען זענען פערבליבען אפיציעל קריסטען און אינערליך יודען, מיט דער דאזיגער צווייזייטיגקייט אויפגעהעצט געגען זיך די קריסטליכע בעפעלקערונג און דאס האט זיך פערענדיגט מיט א שרעקליכער קאטאסטראפע. אין 1506 האט מען אין ליסאבאן אין יודישען יום-טוב פסח געפונען ביי אייניגע מאראנען עסען מצה און מרור. די פערדעכטיגע מאראנען האט מען ארעסטירט, נאר דערנאך בעפרייט לויט דעם בעפעהל פון קעניג. דאס האט שטארק פערדראסען די פרומע קאטויליקען און מען האט זיך גענומען ארגאניזירען א פאגראם. אין פאסחא האבען די דאמיניקאנער מאנאכען ארויסגעשטעלט אין איינער פון די קירכען קריסטוס'עס בילד מיט דעם רעליקוויען-קאסטען פון וועלכע עס איז געגאנגען עפעס א געהיימניספולע שיין. איינער פון די געבילדעטע מאראנען, וואס איז געווען דאן אין קירך, האט זיך ערלויבט אבשפעטען פון דעם „נס" און געזאגט, אז דער וואונדער ערקלערט זיך איינפאך: פון אונטען שטעהט ערגעץ א לאמפ און פון דארט שלאגט זיך אב די שיין. לויט א אנדער נוסח, האט דער מאראן געזאגט אין שפאס, אז אין יענער צייט, ווען עס איז אויף די פעלדער קיין רעגענס נישט געווען, וואלט א וואסערנס געווען נויטיגער, איידער א פייער-נס. די אויפגעהעצטע קאטויליקען האבען זיך ארויפגעווארפען אויף דעם אפיקורסישען מאראן, איהם ארויסגעשלעפט אויפ'ן גאס און דארט דער'הרג'עט. די דאמיניקאנער האבען זיך דאן בענוצט מיט דער אויפרעגונג פון די מאסען און איינגעארדענט א שרעקליכע שחיטה. צוויי מאנאכען האבען זיך געלאזט איבער די גאסען מיט דעם קרייץ אין די הענד און געשריען: „אונגלויבען, אונגלויבען!" אלע מאראנען, וואס מען האט אויפ'ן וועג בעגעגענט, האט מען דער'הרג'עט. אין ערשטען טאג זענען בסך-הכל דער'הרג'עט און פערברענט געווארען העכער 500 מאראנען. אויפ'ן

צווייטען טאג האט דער פאגראם זיך אנגעהויבען מיט נאך מעהר האס-
טיגקייט. מען האט זיך אריינגעריסען אין די הייזער פון די מאראנען,
ארויסגעשלעפט די איינוואוינער און אלט און יונג געווארפען אויפ'ן
פייער. די מעוברת'ע פרויען האבען די מערדער ארויסגעווארפען דורך
די פענסטער אויף דער גאס ארויס און דארט האט מען זיי אונטער-
געכאפט מיט שפיזען. איבער די גאסען זענען ארומגעגאנגען די מא-
נאכען מיט דעם קרייץ אין די הענד און געשריען: „אפיקורסות!"
ווער עס איז פאר'ן קריסטליכען גלויבען און הייליגען קרייץ, זאל
געהן מיט אונז, אום צו קעמפפען מיט יודען און פערטיליגען זיי".
אויפ'ן דריטען טאג האט דער פאגראם זיך אריבערגעטראגען אין דער
אומגעגענד פון ליסאבאן, וואוהין די מאראנען זענען ענטלאפען. בסך-
הכל זענען אין פערלויף פון די דריי טעג דער'הרג'עט געווארען העכער
2000 מאראנען, דערביי זענען פארגעקומען מיאוסע געוואלדטהאטען
אויף פרויען און מיידלעך. צווישען די קרבנות זענען אויך געווען קריסטען,
וועלכע מען האט בטעות אנגענומען פאר מאראנען. די רעגירונג איז גע-
ווען אויפגעבראכט אויף דעם פאגראם. פיעל פון די אונטערהעצער האט מען
געהאנגען און געקעפט, צוויי מאנאכען-אונטערהעצער האט מען פער-
ברענט אויפ'ן פייער און אנדערע האט מען בעשטראפט און קאנפיס-
קירט זייער פערמעגען. נאר פאר יודען איז דאס געווען א קנאפע
נחמה און נאך דער שרעקליכער שחיטה האבען פיעל מאראנען אנגע-
הויבען עמיגרירען פון פארטוגאל. דער קעניג האט פריהער ערלויבט
די עמיגראציע, נאר דערנאך פערבאטען זי. ער האט צוגעזאגט די
מאראנען בעפרייען זיי פון דער אינקוויזיציע נאך אויף 16 יאהר, נאר
זיין ווארט האט ער נישט געהאלטען, און שפעטער האט ער געפיהרט
אונטערהאנדלונגען מיט דעם פויפסט וועגען איינפיהרען א אינקוויזיציע
פאר די מאראנען. נאר אויב עמאנועל האט זיך געהאלטען בנוגע צו
יודען פערהעלטניסמעסיג מיט חסד און זיי פון אינקוויזיציע פארט בע-
פרייט, האט זיין זוהן יאהאן דער דריטער (1522—57) שוין זיך בע-
צויגען צו יודען פיעל שטרענגער און „פרומער", איידער זיין פאטער.

נאך זייענדיג א אינפאנט האט יאהאן געהאלטען, אז זיין פאטער
איז צו-גוט צו יודען. ווען ער איז ארויפגעטרעטען אויפ'ן טראן,
האט איהם די קעניגין יעקאטערינא אנגעהויבען איינרעדען, אז ער זאל
איינפיהרען א אינקוויזיציע; פאר דעם האבען אויך שטארק אגיטירט
די דאמיניקאנער. דערצו האט זיך נאך געפונען איינער א פעררעטער פון

די מאראנען אליין, העניריך נונעס, וועלכער האט מיטגעהאָלפען דער דאָזיגער אגיטאציע דורך שפּיאָנאַזש. האבענדיג צוטריט אין פיעל מאראנישע הייזער, האט ער דאָרט נאָכגעשפּיאָנירט די מאראנען און וועגען אַלץ געמאָלדען דעם קעניג. אויפ'ן גרונד פון די מסירות האט דער קעניג יאָהאַן ארויסגעשיקט נונעס'ן צום שפּאנישען קעניג אויף צו פיהרען געהיימע אונטערהאנדלונגען וועגען איינפיהרען די אינקוויזיציע אין פּאָרטוגאַל. די מאראנען האבען זיך וועגען דעם דערוואוסט און בעשלאָסען נקמה נעהמען פון דעם מוסר. צוויי פון זיי האבען זיך איבערגעקליידעט אַלס מאָנאַחען, דעריאָגט דעם מוסר ביי דער שפּאנישער גרעניץ, וואו זיי האבען איהם דער'הר'געט און אָבגענומען ביי איהם די פּאַפּירען, וואָס ער האט געפיהרט. די מערדער האט מען אָבער ענטדעקט און פער'משפט צו א שרעקליכען טויט: זיי האט מען אָבגעהאַקט די הענד, צוגעבונדען צו די ווײדלען פון פערד און געשלעפּט זיי צום עשאַפאָט. דעם שפּיאָן נונעס האבען די גייסטליכע דערנאָך צוגערעכענט צו די קדושים. מיט דער ערמאָרדונג פון נונעס'ן האבען זיך בענוצט די שונאים פון די מאראנען, און די אגיטאציע איז געוואָרען שטאַרקער. די קאָרטעסען (פּאַרלאַמענט) האבען זיך בעקלאָגט פאַר'ן קעניג, אַז די מאראנען האבען פערחאַפּט אין זייערע הענד די ארענדע פון די גיטער און דעם תבואה־האַנדעל, אַז דער גרעסטער פּראָצענט דאָקטוירים און אפּטעקערס זענען יודען און אַלס אזעלכע זענען זיי געפעהרליך פאַר די קריסטען. די מאראנען האבען מיט אויפרעגונג געקוקט אויף דער אגיטאציע און געשפּירט, אַז א נייע חמאַרע רוקט זיך אָן אויף זייערע קעפּ.

אין יענער צייט האט אויף א ווײַלע זיך בעוויזען די שיין פון האָפנונג פאַר די פּאָרטוגאַלישע מאראנען: קיין פּאָרטוגאַל איז אָנגעקומען דוד הראובני, וועלכער האט פעראינטערעסירט דעם פּאָרטוגאַלישען קעניג מיט זיין פאַנטאַסטישען פּלאַן וועגען א מלחמה מיט טערקיי ביי דער שטיצע פון די יודען פון דער געהיימניספולער מלוכה. די מאראנען האבען געגלויבט אין די פאַנטאַזיעס פון דוד הראובני און געזעהן אין איהם זייער מלאך הגואל. די משיח־בעוועגונג האט ארומגעחאַפּט די געפּלאָגטע יודען און אין דער שפּיץ פון דער בעוועגונג האט זיך געשטעלט דער ענטוזיאַסטישער ר' שלמה מולכו. די התלהבות האט די מאראנען אויפגעמונטערט אויף אַזוי פיעל, אַז א גרופּע יונגע מאראנען איז אַוועק מיט געוועהר אין די הענד אין דער

גרענעץ־שטאָדט באַדאַיאָץ און זיך געפּרובט בעפרייען די אַרעסטירטע יודען. אָבער אין גיכען האָט יאָהאַן אויפגעהערט גלויבען אין דער מיסיע פון דוד הראובני, איהם דערוויטערט פון ליסאַבאָן און די פראַגע וועגען איינפיהרען אינקוויזיציע איז ווידער ארויפגעשוואומען.

אין 1531 האָט דער קעניג יאָהאַן בעפולמעכטיגט זיין געזאַנדטען אין רוים זיך משתדל זיין ביים פויפּסט וועגען גרינדען אַ אינקוויזיציע אין פּאָרטוגאַל. אין ענטפער פון פויפּסט צום קעניג איז מיט רמזים געוועזען געגעבען אָנצוהערעניש, אַז יאָהאַן איז ניט אַזוי אויסען די אינטערעסען פון דער קירכע, ווי זיינע פּערזענליכע אינטערעסען, ווייל אַ דאַנק דער אינקוויזיציע וועט ער קענען קאָנפיסקירען דאָס פערמעגען פון די מאַראַנען, נאָר דאָך האָט דער פויפּסט סוף כל סוף מסכים געווען אויף דער בקשה פון קעניג. דערוויסענדיג זיך וועגען דעם, האָבען די מאַראַנען אויסגענוצט אַלערליי מיטלען, סיי מיט געלד, סיי מיט אַגיטאַציע דורך הויכגעשטעלטע לייט און דער וויילהאַרציגער פויפּסט האָט געביטען זיין פריהעריגען בעשלוס. צוערשט האָט ער בעפוילען אויף אַ געוויסע צייט ניט אָנווענדען די בולאַ וועגען דער אינקוויזיציע און דערנאָך האָט ער ארויסגעגעבען אַ „בולאַ פון פערצייהונג", אין וועלכער ער האָט ער־קלערט פאָלגענדעס: די יודען, וואָס זענען אַמאָל מיט געוואַלד אָבגע׳שמד׳ט געוואָרען, קענען ניט גערעכענט ווערן אַלס מיטגלידער פון דער קירכע און דעריבער קען מען זיי אַלזאָ אויך ניט משפּט׳ן פאַר אונגלויבען; זייערע קינדער ווידער, וואָס זענען געטויפט געוואָרען ביים געבוירען, רעכענען זיך שוין פאַר קריסטען און דאַרפען. אין דער רעליגיע פערבלייבען; נאָר נעהמענדיג אין אכט, אַז זיי זענען ער־צויגען געוואָרען ביי דעם איינפלוס פון זייערע עלטערן־יודען, טאָר מען מיט זיי זיך ניט בעגעהן שטרענג דערפאַר, וואָס זיי זענען נוטה צום יודענטום, נאָר מען דאַרף זיי מקרב זיין מיט גוטען.

די דאָזיגע „בולאַ פון פערצייהונג" האָט די פּאָרטוגאַלישע רעגי־רונג ניט פערעפענטליכט און אָנגעהויבען זיך סטאַרען ביים פויפּסט וועגען מבטל מאַכען די בולאַ. אין מיטען דער אַגיטאַציע פאַר און געגען דער אינקוויזיציע איז דערווייל דער ליבעראַלער פויפּסט קלימענט דער 7־ער געשטאָרבען און ביי זיין פערטרעטער פּאַאול דער דריטער האָט דער קאַמפּף אָנגענומען נאָך אַ שאַרפערען כאַראַקטער. די פאָר־שטעהער פון קעניג און די געשיקטע אַגענטען פון די מאַראַנען האָבען אין רוים אינטריגירט איינע געגען די צווייטע. דער פויפּסט האָט גע־

הײסען איבערגעבען די פֿראגע אויף די בעטראכטונג פֿון א קאָמיסיע, וועלכע האָט זיך ארויסגעזאָגט לטובת די מאראנען. דערווײל האָט דער פּויפּסט בעקומען ידיעות פֿון פּאָרטוגאל, אז דער קעניג יאָהאן האָט ניט קוקענדיג אויף דער „בולא פֿון פֿערצײהונג" דאָך ניט בעפֿרײט די ארעסטירטע מאראנען און זאָגאר געמאכט נײע ארעסטען. פּאאול דער דריטער האָט דאן פֿאָרגעלעגט דעם קעניג, אז ער זאָל געבען אמנעסטיע אלע מאראנען און ערלויבען זײ אין פֿערלויף פֿון א יאָהר צו פֿערלאָזען דאָס לאנד. ווען יאָהאן האָט אויך דעם בעפֿעהל ניט ערפֿילט, האָט דער פּויפּסט ווידער ארויסגעלאָזט א בולא (1535), אין וועלכער ער האָט קאטעגאָריש ערקלערט, אז די מאראנען זענען פֿרײ פֿון דעם אינקוויזיציאָנס-געריכט און אלע אורטײלען פֿון די טריבונאלען געגען זײ האָבען קײן קראַפֿט נישט. דאָסמאָל האָט דער קעניג געמוזט נאָכגעבען און ער האָט בעפֿרײט אנ׳ערך 1800 ארעסטירטע מאראנען.

נאָכדעם האָבען די אונטערהאנדלונגען מכח דער אינקוויזיציע זיך ווידער אָנגעהויבען. דער פּויפּסט האָט מסכים געווען אײנצופֿיהרען די אינקוויזיציע אויף פֿאָלגענדע בעדינגונגען: אז מען זאָל ניט פֿערפֿיהרען קײן אויספֿאָרשונג וועגען רעליגיעזען פֿערראַט בלויז אויפ׳ן גרונד פֿון עדות-זאָגען פֿון די הויז-בעדיענטע אָדער פֿינסטערע לײט; אז די עדות זאָלען אויסגעהערט ווערען ניט געהײם, נאָר אין אָנוועזענהײט פֿון די ארעסטירטע; אז מען זאָל דערלאָזען די ארעסטירטע זעהן זיך מיט זײערע אײגענע; אז דאָס פֿערמעגען פֿון די פֿער׳משפּט׳ע מאראנען זאָל ניט קאָנפֿיסקירט ווערן לטובת דער מלוכה, נאָר איבערגעגעבען ווערן די געזעצליכע יורשים; אז אויף דעם אורטײל פֿון דעם אינקוויזיציאָנס-געריכט זאָל מען קענען אָנגעבען אַנ׳אפּעלאציע צו דער רוימישער קוריע. דער קעניג יאָהאן האָט אויף אזעלכע בעדינגונגען ניט געקענט בעשטעהן און ער האָט זיך געווענדעט נאָך שטיצע צום אלמעכטיגען דײטשען קײזער קארל דער 5-ער, וועלכער איז געווען א אָנהענגער פֿון א פֿאָלקאָם-פֿרײער אינקוויזיציע לויט דעם שפּאנישען מוסטער. קארל דער 5-ער האָט צו יענער צײט ערשט געהאַט אָבגעהאלטען זײן גלענצענדען נצחון איבער די טערקען, ארײנגעטרעטען קײן רוים אלס מנצח און דער פּויפּסט האָט ניט געהאַט די דרײסטקײט אָבצוזאָגען זײן בקשה. ער האָט געמוזט מסכים זײן אײנצופֿיהרען די אינקוויזיציע אין פּאָרטוגאל און נאָר אויסגעדונגען פֿאָלגענדע הנחות פֿאר די מאראנען: אז די ערשטע דרײ יאָהר זאָלען די אינקוויזיציאָנס-געריכטען אָבהיטען די פֿאָרמען פֿון די

צווילע געריכטען; אַז די נעמען פֿון די בעשולדיגער און די עדות זאָלען בעוואוסט ווערן די בעשולדיגטע און אַז די ערשטע 10 יאָהר זאָל דאָס פֿערמעגען פֿון די פֿער׳משפּט׳ע ניט קאָנספֿיסקירט ווערן לטובת דער מלוכה.

דער ערשטער גענעראַל=אינקוויזיטאָר פֿון פּאָרטוגאַל, דיעגאָ=דאַ=סילוואַ, האָט זיך נאָך געפֿיהרט מיט חסד און ווי וויים מעגליך אויסגעמיטען אַכזריות׳דיגע מעשים בנוגע צו די מאַראַנען. די מאַראַנען פֿון ליסאַבאָן האָבען ווידער געשיקט אַ דעפּוטאַציע קיין רוים און פֿאָרגעשטעלט דעם פּויפּסט אַן ערקלערונג, וואָס איז געשריבען געוואָרען אין אַ ענערגישען דרייסטען טאָן. „אויב אייער דורכלויכט — האָט זיך געזאָגט אין דער ערקלערונג — וועט זיך אָבווענדען פֿון די בקשות און טרעהרען פֿון יודישען פֿאָלק, אָדער, וואָס מיר ערוואַרטען ניכט, וועט זיך אָבזאָגען צו בעזייטיגען דאָס שלעכטס, פּראָטעסטירען מיר פֿאַר גאָט און מיט קרעכצען און יללות וועלען מיר אַרויסטרעטען פֿאַר דער גאַנצער וועלט. אַזוי ווי מיר האָבען נישט קיין איין אָרט, וואו מיר זאָלען קענען (מיט ריינעם געוויסען) אַריינטרעטען אין דער קריסטליכער געזעלשאַפֿט; אַזוי ווי אונזער לעבען, אונזער עהרע, אונזערע קינדער געפֿינען זיך אין שטענדיגער סכנה, נישט קוקענדיג דערויף וואָס מיר האָבען זיך געסטאַרעט (אויסערליך) זיך אָבהאַלטען פֿון יודענטום, — דעריבער, אויב די טיראַניע וועט נישט אויפֿהערען, וועלען מיר טאָן דאָס, וואָס קיינער פֿון אונז וואָלט ביי אַ אַנדער לאַגע נישט געטאָן: מיר וועלען זיך אומקעהרען צו אונזער יודישען גלויבען און זיך אָבזאָגען פֿון קריסטענטום... מיר אַלע וועלען פֿערלאָזען אונזערע אַלטע בעוואוינטע ערטער און געהן זוכען פֿאַר זיך שטיצע און זיכערהייט צווישען ווינציגער=ביזע פֿעלקער". די דאָזיגע ערקלערונג האָט געווירקט און דער פּויפּסט האָט אַרויסגעשיקט קיין ליסאַבאָן אַ נייעם שליח, וועלכער האָט געדאַרפֿט אַכטונג געבען, אַז די מאַראַנען זאָל מען נישט אָנטאָן קיין אומזיסטע בעליידיגונגען און זיי לאָזען פֿריי עמיגרירען. נאָר אין גיכען איז פֿאָרגעקומען אַ צופֿאַל, וואָס האָט ווידער פֿערערגערט די לאַגע. אין פֿעברואַר 1539 האָט מען אויף די טויערען פֿון פֿיעל קירכען אין ליסאַבאָן געפֿונען אויפֿגעקלעבט פּלאַקאַטען מיט אַזאַ אויפֿשריפֿט: „משיח איז נישט געקומען; יעזוס איז נישט געווען קיין אמת׳ער משיח". דאָס פֿאָלק איז אויפֿגערעגט געוואָרען און דער קעניג האָט מודיע געווען, אַז ער וועט געבען אַ גרויסע

מתנה דעם, וואָס וועט ענטדעקען דעם אויטאָר פֿון דער דאָזיגער גאָט-לעסטערנדער אויפֿשריפֿט. כּדי אָבצוציהען פֿון זיך די אויפֿמערקזאַמקייט, האָבען די מאַראַנען געהיים אַרויסגעהאַנגען אויף די קירכען אַזאַ מעלדונג: „איך, דער אויטאָר, בין נישט קיין שפּאַניער, נישט קיין פּאָרטוגעזער, נאָר אַ ענגלענדער, — און ווען איהר זאָלט אפילו אָנשטאָט 10 טויזענד בעשטימען 20 טויזענד קרוזאַד אַלס נאַגראַדע, וועט איהר מיין נאָמען נישט ענטדעקען”. נישט קוקענדיג אויף דעם קונץ-שטיק, האָט מען דעם אויטאָר דאָך ענטדעקט: דאָס איז געווען אַ מאַראַן מיט'ן נאָמען מאַנועל דאַ-קאָסטאַ. ער האָט זיך מודה געווען אין פֿערברעכען און מען האָט איהם עפֿענטליך פֿערברענט. פֿון דעמאָלט אָן האָט די שנאה צו די מאַראַנען זיך פֿערשטאַרקט. דער ווייכהערציגער אינקוויזיטאָר דאַ-סילוואַ איז אַראָב פֿון דער שטעל און אויף זיין אָרט איז בעשטימט געוואָרען דער ברודער פֿון קעניג, הענריך, אַ פֿערביטערטער שונא פֿון די מאַראַנען. די טורמעס זענען פֿול געוואָרען מיט אַרעסטירטע, די שייטערהויפֿענס האָבען געפֿלאַקערט. אומזיסט האָט דער פּויפּסט פּראָטעסטירט און גע'טענה'ט, אַז ער האָט מסכים געווען איינצופֿיהרען די אינקוויזיציע נאָר ביי געוויסע גאַראַנטיעס פֿון גערעכטיגקייט; עס האָבען נישט געהאָלפֿען די טענות, און דער גענעראַל-אינקוויזיטאָר האָט זיך געטאָן וואָס זיין האַרץ האָט געגלוסט. די פּאָרטוגאַלישע מאַראַנען זענען ענדליך אויסגעגלייכט געוואָרען אין די רעכטען מיט זייערע ברידער אין שפּאַניען.

וואָס עס האָט זיך דעמאָלט אָבגעטאָן אין פּאָרטוגאַל, קען מען זעהן פֿון דער גרויסער שריפֿטליכער ערקלערונג, וואָס אַ דעפּוטאַציע פֿון די מאַראַנען האָט פֿאָרגעשטעלט דעם פּויפּסט אין 1544. די אַרעסטירטע מאַראַנען האָט מען געהאַלטען פֿערשמאַכט אין פֿינסטערע קעלערס; די ענוים, דורך וועלכע מען האָט געצוואונגען די אומגליקליכע זיך מודה זיין אין פֿערברעכען, זענען בעשטאַנען דערין, וואָס די אַרעסטירטע פֿלעגט מען שלאָגען מיט שטעקענס, אָראָבשינדען די הויט, אונטערברענען די פּיאַטעס און נאָך אַזעלכע אַכזריות'דיגע מיטלען. דער הויפּט-אינקוויזיטאָר פֿון ליסאַבאָן איז דעמאָלט געווען יאָהאַן דע-מעלאָ, און ער האָט געהאַט אמת פֿערגניגען, ווען ער האָט געקאָנט שיקען אַ מאַראַן אויפֿ'ן פֿייער. דאָס קאָן מען זעהן פֿון דעם טאָן, אין וועלכען ער בעשרייבט אין אַ בריעף צום קעניג די פֿייערליכע אויטאָ-דע-פֿע: „די פּראָצעסיע איז בעשטאַנען פֿון אַנ'ערך 100 פֿער'משפּט'ע

װען מען איז צוגעקומען צום ארט פון דעם טויט־שטראף, האט מען
אנגעהויבען זינגען דעם הימן: ! Veni creator spiritus.

איין מאנאך איז ארויף אויף דער ביהנע, די דרשה איז געװען
קורץ, װײל אין דעם טאג איז נאך פארגעשטאנען פיעל ארבײט. מען
האט אנגעהויבען לײענען די אורטײלען, פריהער פון די, װאס זענען
פער׳משפט געװארען אויף פערשיקונג, דערנאך פון די פער׳משפט׳ע
אויף צײטװײליגע אדער אײביגע תפיסה און ענדליך פון די פער׳משפט׳ע
צום טויט. אזעלכע זענען געװען 20. 7 פרויענצימער און 12 מענער
זענען צוגעבונדען געװארען צו סטויפעס און לעבעדיגערהײד פערברענט
געװארען. נאר איין פרוי, װאס האט אינגאנצען תשובה געטאן, איז
בעגנעדיגט געװארען". — דער שפיאנאזש האט זיך פערשפרײט איבער׳ן
גאנצען לאנד און פיעל מאראנען זענען פער׳משפט געװארען בלויז אויפ׳ן
גרונד פון די שפיאנישע עדות. איינער פון די שפיאנען, א געװעזענער
קאטארזשניק, זשול, פלעגט בענוצען אזעלכע מיטלען: אין קירך,
בשעת זי איז געװען איבערפולט מיט מענשען, האט ער פלוצלינג פער־
מאכט די טהירען, בעפוילען די קריסטען זיך אבטײלען פון די מארא־
נען און שטרענג געפאדערט פון די קריסטען, אז זײ זאלען דערצעה־
לען אלץ, װאס זײ װײסען װעגען די מאראנען. אויב נאר עס האט
זיך געפונען איינער, װאס האט עפעס געפונען א חטא אויף א מאראן,
האט מען דעם לעצטען גלײך פון קירך ארויסגעשלעפט אין טורמע
ארײן. אויב עס זענען נישט געװען קײן שום בעװײזען, זאגאר פאלשע,
געגען די בעשולדיגטע, האט מען געפונען אנדערע מיטלען. אזוי,
למשל, װען דער אינקװיזיטאר האט בעשלאסען פערברענען דעם רײכען
מאראן שמעון אלװארעס און זײן פרוי און עס איז, צום פערדרוס פון
די ריכטער, פארט נישט געװען אפילו קײן איין עדות, װאס זאל זא־
גען שלעכטס אויף די בעשולדיגטע, האט מען גענומען דאס 6־יעהריגע
מײדעלע פון אלװארעס, אװעקגעשטעלט פאר איהר א שאל מיט אנ־
געגליהטע קויהלען און געסטראשעט זי צו פערברענען איהר הענטעל
אויף די קויהלען, אויב זי װעט נישט זאגען, אז זי האט געזעהן װי
די עלטערן איהרע האבען געשלאגען מיט א שטעקען די פיגור פון
געקרײצטען יעזוס. דאס מײדעלע האט געזאגט אלץ, װאס מען האט
פון איהר געפאדערט, און אויפ׳ן גרונד פון דעם עדות־זאגען האט מען
די אומגליקליכע עלטערן פערברענט אויפ׳ן פײער.

דער פויפסט פאאול דער דריטער האט געװאוסט װעגען די

שרעקליכע מעשים פון דער אינקוויזיציע און וויעדער אנגעהויבען ענערגיש
פאָדערן, אַז עס זאָלען אָבגעהיט ווערן די גאַראַנטיעס לויט דער בולא
פון 1536. דער קעניג האָט אײַנגעשטימט צו בעשטימען אַ קאָמיסיע פון
4 מאַראַנישע פאָרשטעהער, וועלכער זאָלען אויסאַרבײַטען אַ פראָיעקט,
ווי אַזוי אײַנצואָרדנען די לאַגע פון די מאַראַנען. די קאָמיסיע האָט
אַוועקגעשטעלט איהרע פריהעריגע בעדינגונגען: אַלגעמײַנע אַמנעסטיע
פאַר די אַרעסטירטע און ניט דערלאָזען קײַן פאַלשע אָדער געפעלשטע
עדות, ווי אויך שווערע ענוים, אַלס אַ מיטעל צו צווינגען דעם בע=
שולדיגטען, ער זאָל זיך מודה זײַן. אויף די דאָזיגע בעדינגונגען האָט
דער קעניג נישט געוואָלט אײַנשטימען און נאָך לאַנגע אונטערהאַנדלונגען
צווישען דעם קעניג און דעם פויפסט, איז דער לעצטער ענדליך אײַנ=
געגאַנגען אויף אַזאַ פשרה: אַלע בעשולדיגטע מאַראַנען, וואָס וועלען
זיך עפענטליך מתודה זײַן אין זייער חטא און צוזאָגען, אַז אויף ווײַטער
וועלען זיי שוין זײַן פרום און גוט, זאָלען בעפרײַט ווערן, נאָר דער
פאַר אויב זיי „זינדיגען" נאָך אַ מאָל, געהערען זיי שוין צום געריכט
פון דער אינקוויזיציע, וואָס דאַרף זיך מיט זיי נישט צערעמאָניען. אויפ'ן
גרונד פון דעם בעפעהל (1548) זענען טויזענדער מאַראַנען בעפרײַט
געוואָרען פון תפיסה. אָבער אין עטליכע יאָהר אַרום האָבען זיך וויעדער
געפונען זינדיגע צווישע די מאַראַנען, וואָס האָבען תשובה געטאָן,
און דאָסמאָל האָט די אינקוויזיציע מיט זיי שוין נישט געמאַכט קײַן
לאַנגע שהיות און די שײַטערהויפענס האָבען וויעדער זיך פונאַנדערגע=
פלאַקערט. בעזונדערס האָט זיך פערערגערט די לאַגע בײַם פויפסט
פאַאול דער 4=ער, וועלכער האָט געהאַלטען מיט דער רעאַקציע און
געוועזען אין אַלץ אײַניג מיט די פאָרטוגאַלישע קלעריקאַלען. נאָכ'ן טויט
פון יאָהאַן, אין 1557, איז קעניג פון פאָרטוגאַל געוואָרען זײַן ברודער
דער געוועזענער גענעראַל=אינקוויזיטאָר העגריק און ראָן איז די גאַנצע
מלוכה=פיהרונג איבערגעגאַנגען אין די הענד פון די דאָמיניקאַנער און
יעזואיטען, וועלכע האָבען בעקומען פרײַע פליגלען. בײַם קעניג סעבאַס=
טיאַן האָבען די יודען אָבגעקויפט פאַר אַ פיערטעל מיליאָן דוקאַטען די
גאַראַנטיע פון פערמעגענס=זיכערהײַט אויף 10 יאָהר. נאָך דער פעראײַניגונג
פון פאָרטוגאַל מיט שפּאַניען אונטער דער מאַכט פון טיראַן פיליפ
דער צווייטער (1580) האָט די הערשאַפט פון דער אינקוויזיציע דער=
גרייכט צו איהר העכסטען פונקט און די מאַראַנען האָבען שוין קײַן
קאָפּ נישט געקענט אויפהויבען. די צרות זענען געוועזען אונערטרעגליך.

קײן שום האָפֿנונג אויף אַ בעסערע צוקונפֿט איז שוין נישט געווען און דאָן האָבען די מאַראַנען אָנגעהויבען מאַסענווײַז עמיגרירען קײן איטאַליען, טערקײַ, אַפֿריקאַ און אַנדערע לענדער.

פּונקט אין יענער צײַט פֿון אונטערטרעגליכע רדיפֿות אויף יודען, ווען עס האָט זיך אויסגעוויזען, אַז עס איז שוין נישטאָ קײן אײן לאַנד, וואו יודען זאָלען קענען זײַן זיכער מיט זײער לעבען און פֿערמעגען, איז די הילף געקומען אונערוואַרטעט גאָר פֿון אַ אַנדער זײַט, פֿון אַ לאַנד, וואו יודען האָבען קײנמאָל ביז יעצט גאָר נישט געוואוינט. דאָס איז געווען דאָס קלײנע לאַנד האָלאַנד, וואו יודען האָבען צום ערשטען מאָל אָנגעהויבען געניסען פֿון כמעט פֿאָלקאָמער גלײַכבערעכטיגונג.

אין דאָזיגען קלײנעם ווינקעל פֿון אײראָפּאַ איז ביז דעם 16-טען יאָהרהונדערט כמעט קײן יודישער פֿוס נישט געווען. נאָר זעלטען פֿלעגען אַהין קומען געצעהלטע יודען צוליעב געשעפֿט, נאָר פֿון די דאָזיגע די געשיכטע אונז קײן זכר נישט איבערגעלאָזט. ווען נידערלאַנד (האָלאַנד און בעלגיען) איז אײַנגענומען געוואָרען דורך דעם שפּאַנישען קעניג קאַרל דער 5-ער, זענען דאָרט אײַנגעפֿיהרט געוואָרען די אַלע רעאַקציאָנערע מלוכה-יסודות, אויף וועלכע עס איז געשטאַנען די שפּאַנישע מלוכה, און צוזאַמען דערמיט איז אַהין אַרײַנגעפֿיהרט געוואָרען אויך די פֿערברענטע שנאָה צו יודען. קאַרל האָט אַרויסגעגעבען אַ בעפֿעהל, אַז מען זאָל יודען נישט אַרײַנלאָזען קײן נידערלאַנד און דאָס ביסעל יודען, וואָס געפֿינען זיך שוין דאָרט, זאָלען תיכּף אַרויסגעטריבען ווערן. יעדער בירגער איז געווען מחויב צו מעלדען דעם קעניג וועגען יעדען יודען, וואָס וועט זיך דאָרט בעזעצען געגען געזעץ. די מאַגיסטראַטען פֿון נידערלאַנד האָבען זיך געסטאַרעט פּינקטליך צו ערפֿילען די גזירות פֿון קעניג, ווײַל זײ האָבען מורא געהאַט, אַז צוליעב יודען וועט אויך אין נידערלאַנד אײַנגעפֿיהרט ווערן די אינקוויזיציע, וועלכע האָט אַרויפֿגעוואָרפֿען אַ שרעק אויף אויף אַלע קריסטען. אָבער אין גיכען האָט נידערלאַנד אָנגעהויבען אַ מלחמה מיט שפּאַניען און אײנע פֿון די הויפּט-סיבות פֿון דעם אויפֿשטאַנד איז געווען דער פּחד פֿאַר דער שרעקליכער אינקוויזיציע און די פּראָטעסטאַנטישע לעהרע, וואָס האָט זיך אײַנגעוואָרצעלט אין די מדינות פֿון נידערלאַנד. די דאָזיגע קלײנע מלוכה איז צו יענער צײַט געוואָרען אַ נעסט פֿאַר'ן פּראָטעסטאַנטיזם און צווישען דעם פֿרײַען, נאָר אָרימען נידערלאַנד און דער שטאַרקען, נאָר פֿינסטערען שפּאַניען האָט זיך אָנגעהויבען אַ פֿערב

טער קריעג, וואס האט געדויערט צעהנדליגער יאהרען. די וועלט האט פאר זיך א וואונדער געזעהן און ערשטוינט געוואָרען: די אל־מעכטיגע שפּאַנישע מלוכה האט נישט געקענט איינגעהמען דאָס אָרימע און קליינע פאָלק פון נידערלאַנד, וועלכעס איז געווען אָרים אין געלד און אין מענשען, אָבער רייך אין גייסט און אין העלדענמוט.

פון דעם דאָזיגען לאַנגיעהריגען קריעג צווישען דעם ריזיגען שפּאַניען און קליינעם נידערלאַנד האבען אויך יודען פיעל אויסגעשפּיעלט: נידערלאַנד איז געווען די ערשטע מלוכה, וואס האט יודען אויפגענומען באמת גאַסטפריינדליך און זיי געשאָנקען כמעט גלייכע רעכטען. פון דער צווייטער זייט האבען אויך די יודען, וואס האבען זיך דאָרט בעזעצט, מיט זייער רייכטום און בילדונג פיעל מיטגעהאָלפען דער אויפבליהונג פון נידערלאַנד און דעם נצחון איהרען אויף שפּאַניען. דער דעספּאָט פיליפּ דער צווייטער האט געקוקט אויף דעם דאָזיגען פערבאַנד צווישען די געפלאָגטע יודען און דעם פּראָטעסטאַנטישען נידערלאַנד מיט כעס און פערביטערונג, נאָר ער האט גאָרנישט געקענט אויפטאָן. יודען האבען געמעגט זיין העלכסט צופרידען מיט זייער נקמה, וואס זיי האבען דערלעבט אין זייערע שונאים: דאָס אל־מעכטיגע שפּאַניען האט אָנגעהויבען פאַלען אַלץ נידעריגער און נידעריגער און האלט נאָך אין פאַלען אויך ביי דער יעצטיגער צייט, וועהרענד דאָס קליינע נידערלאַנד האט א דאַנק יודען אָנגעהויבען בליהען אַלץ מעהר און מעהר און געוואָרען א מלוכה פון ערשטען ראַנג.

די מאַראַנען אין פּאָרטוגאַל און אין שפּאַניען האבען שוין לאַנג געהאַט געוואָרפען א אויג אויף נידערלאַנד. נאָך אין דער צייט, ווען נידערלאַנד האט געפיהרט דעם קאַמפּף פאַר דער פרייהייט מיט שפּאַניען, האט איינער א אָנגעזעהענער יוד, שמואל פּאַלאַחי, דער קאָנסול פון מאַראָקאָ אין נידערלאַנד, פאָרגעלעגט דעם מאַגיסטראַט פון מידעלבורג, אַז זיי זאָלען ערלויבען בעזעצען זיך דאָרט יודען, וועלכע ויעלען געוויס מיט זייער עשירות און האַנדעלס־פעהיגקייטען רייך מאַכען די שטאָדט. די שטאָדט־געמיינדע האט דערויף געון מסכים געווען, אָבער געגען דעם זענען געווען די פּאַסטאָרען, וועלכע האבען געקעמפּפט מיט דעם קאַטוליציזמוס און דאָך אַליין געווען פאַנאַטיקער און זיך געהאַלטען אין די אַלטע אַבערגלויבענס וועגען יודען. ערשט ווען נידערלאַנד האט ענדליך געזיעגט אין קאַמפּף מיט שפּאַניען און די האָלענדישע שטאַטען האבען זיך פעראייניגט אין א פרייע רע־

פּובליק אונטער דער פֿיהרונג פֿון פּרינץ הענריך פֿון אָראַניען,(1579), איז האָלאַנד בּיסלעכווייז געוואָרען אַ מקלט פֿאַר די געפּלאָגטע און גערודפ'טע מאַראַנען.

די ענטשטעהונג פֿון דער יודישער קאָלאָניע אין אַמסטערדאַם, דער צענטר פֿון האָלאַנד, איז פֿאָרגעקומען כּמעט אויף אַ ראָמאַנטישען אופֿן. וועגען דעם דערצעהלט מען אַזוי. אַ שיף מיט אַ קלייִנער גרופּע ענטלאָפֿענע מאַראַנען איז געשוואומען פֿון פּאָרטוגאַל אונטער דער אָנפֿיהרונג פֿון אייִנעם פֿון זיי, יעקב טיראַדאָ. די ענטלאָפֿענע האָבּען זיך געלאָזט, וואוהין די אויגען האָבּען געטראָגען, אָהן אַ בּעשטימטען ציעל. אין דעם שיף זענען געזעסען די יונגע מיטגליעדער פֿון אַ רייִכער אַריסטאָקראַטישער פֿאַמיליע: מאַנועל-לאָפּיעץ פּרייִראַ, זיין שוועסטער אַ בּעריהמטע שענהייט מאַריאַ נונעס און זייער פֿעטער לאָפּיעץ האָמען, אַלע מאַראַנען. אויפ'ן וועג איז זייער שיף געפֿאַנגען געוואָרען דורך ענגלענדער און געפֿיהרט געוואָרען קיין לאָנדאָן. דער שיפֿס-קאַפּיטאַן, אַ ענגלענדער, איז געוועזען אַזוי בּעצויבּערט פֿון דער שענהייט פֿון מאַריאַ, אַז ער האָט איהר פֿאָרגעלעגט חתונה האָבּען מיט איהר; נאָר דאָ האָט זי איהם ענטדעקט דעם סוד, אַז זי איז נישט קייִן שפּאַניערין, נאָר אַ יודיש קינד, וואָס איז ענטלאָפֿען פֿון דער אינקוויזיציע. אין לאָנדאָן איז די שענע מאַריאַ אַריינגעפֿאַלען אין די אַריסטאָקראַטישע קרייזען און דאָרט בּעריהמט געוואָרען. וועגען איהר האָט זיך דערוואוסט די קעניגין, וועלכע האָט זי אייִנגעלאַדען צו זיך אויף אַ אוידיענץ און דערנאָך געפֿאָהרען מיט איהר אין אַ אָפֿענער קאַרעטע איבּער די גאַסען פֿון לאָנדאָן. ווי עס ווייזט אויס, האָט אָבּער מאַריאַ אויסגעבּעטען פֿאַר זיך און איהר משפּחה אַ ערלויבּניש צו פֿאָהרען ווייטער. זיי האָבּען זיך געלאָזט קיין האָלאַנד. נאָך אַ שווערען וועג אויפ'ן ים איז זייער שיף אָנגעקומען אין פּאָרט פֿון קלייִנעם שטעדטעל עמדען. דאָרט האָבּען זיי זיך אָבּגעשטעלט און געהענדיג איבּער די גאַסען פֿון שטעדטעל האָבּען זיי אויף אייִנעם פֿון די הייזער בּעמערקט אַ אויפֿשריפֿט אויף העבּרעאיש און דערפֿון פֿערשטאַנען, אַז דאָרט וואוינט אַ יוד. דאָרט האָט געוואוינט דער רב ר' אורי הלוי. די וואַנדערער האָבּען איהם דערצעהלט, וואָס מיט זיי האָט פּאַסירט, און געבּעטען, אַז ער זאָל זיי מגייר זיין. דער רב האָט אָבּער זיי ערקלערט, אַז דאָ איז אַ געפֿאַהר דאָס צו טאָן, ווייל דאָס שטעדטעל איז קלייִן, און די קריסטליכע בּעפֿעלקערונג וועט זיך געוויס דערוויסען וועגען דעם; ער האָט זיי געראַטען פֿאָהרען קייִן אַמסטערדאַם.

וואו די פרייהייט איז א גרעסערע און קיין סכנה איז נישטא, צוזאגענדיג זיי, אז נאכדעם וועט ער אליין אויך זיך אריבערציהען אהין. די וואנדערער זענען אבגעפאהרען קיין אמסטערדאם, אהין זענען אויך באלד געקומען זייערע קרובים און נאהענטע, אהין איז אויך געקומען ר׳ אורי הלוי און אויף אזא אופן איז דארט געגרינדעט געווארען די ערשטע יודישע געמיינדע. זייער גייסטיגער מנהיג איז געוועזן ר׳ אורי הלוי.

אוים שטענדיגער געוועהנהייט צו בעהאלטען זיך פון פרעמדע אויגען, האבען די מיטגלידער פון דער געמיינדע אויך אין אמסטערדאם נישט ארויסגעטרעטען אלס אפענע יודען. די האלענדער האבען פריהער געמיינט, אז דאס זענען שפאנישע קאטוליקען, גאר די געהיימניספולע און פערבארגענע מאניערען האבען ארויסגערופען א חשד, אז זיי זענען פערמאסקירטע פאפיסטען פון שפאניען, און מען האט אנגעהויבען זיי נאכשפירען. איינמאל, אין יום־כפור, ווען די מאראנען האבען זיך פערזאמעלט תפלה צו טאן, האבען זיך אין זייער שוהל אריינגעריסען סאלדאטען, געמאכט א רעוויזיע און ארעסטירט דעם רב ר׳ אורי הלוי. דעמאלט איז יעקב טיראדא אוועק צו דער אמסטערדאמער מאכט און אויף לאטייניש מיט זיי זיך צונויפגערעדט, ערקלערענדיג, אז די עמיגראנטען זענען נישט קיין קאטוליקען, נאר יודען, וואס זענען ענטלאפען פון דער אינקוויזיציע, אז זיי האבען מיטגעבראכט מיט זיך גרויסע קאפיטאלען, און אז נאך זיי וועלען קומען פרישע פארטיעס עמיגראנטען, וואס וועלען מיטהעלפען דער אויפבליהונג פון האלענדישען האנדעל. דאן האט מען דעם ארעסטירטען רב בעפרייט און אנגעהויבען זיך בעציהען צו די מאראנען מיט מעהר צוטרוי. די עמיגראנטען ווידער האבען זיך שוין אנגעהויבען האלטען אפען אלס יודען און אין גיכען איז דער צוטרוי צו זיי שוין געוועזן אזוי גרויס, אז זיי האבען זיך בעשלאסען בעטען ביי דער אמסטערדאמער מאכט א ערלויבניש אויף צו בויען א אייגענע שוהל. די ערלויבניש איז געגעבען געווארען און אין 1598 איז אין אמסטערדאם אויסגעבויט געווארען די ערשטע יודישע שוהל מיט דעם נאמען „בית יעקב", צום אנדענקען פון איהר גרינדער יעקב טיראדא. דער רב ר׳ אורי הלוי, א דייטשער יוד, האט דארט געהאלטען זיינע דרשות אויף דייטש און זיין זוהן פלעגט זיי איבערזעצען פאר די צוהערער אויף שפאניש.

די ידיעות וועגען דער יודישער געמיינדע אין האלאנד האבען אהין צוגעצויגען מאסען ענטלאפענע פון שפאניען און פארטוגאל. די

מאַראַנען אין די לענדער פֿון דער אינקוויזיציע האָבען אויפֿגעהויבען דעם קאָפּ, געוואָרען שטאָלצער ביי זיך און ביי זיך אין דערהיים שוין אָנגעהויבען אָפֿענער און דרייסטער אַרויסטרעטען אַלס יודען. נאָר טויזענדער מאַראַנען, וועלכע עס איז נמאס געוואָרען צו טראָגען אויף זיך אַ מאַסקע, האָבען אינגאַנצען פֿערלאָזען זייער פֿאָטערלאַנד און אַריבער־געפֿאָהרען קיין האָלאַנד, און זיי זענען געוואָרען אָפֿענע יודען. אין אַ פּאָר צעהנדליג יאָהר אַרום איז אין אַמסטערדאַם שוין געווען 400 יודישע פֿאַמיליעס. דאָס רוב פֿון זיי זענען געווען פּאָרטוגאַלישע מאַראַנען און דעריבער האָט זיך די געמיינדע גערופֿען „פּאָרטוגאַלישע“. אין 1608 האָט זיך אין אַמסטערדאַם געגרינדעט אַ נייע שוהל מיט'ן נאָמען „נוה שלום“ און אין 10 יאָהר שפּעטער האָט זיך געעפֿענט נאָך אַ דריטע שוהל „בית ישראל“.

צווישען די מאַראַנען, וואָס האָבען זיך בעזעצט אין האָלאַנד, זענען געווען פֿיעל גרויסע סוחרים, וועלכע האָבען נישט ווינציג מיטגעהאָלפֿען דערצו, אַז דאָס אָרימע לאַנד, וואָס איז נאָך אָרימר געוואָרען צוליעב דער לאַנגיעהריגער מלחמה מיט שפּאַניען, זאָל אַזוי אויפֿבליהען אין מסחר. זיי האָבען געפֿיהרט, הויפּטזעכליך, אַ עקספּאָרט־האַנדעל מיט טערקיי און מאַראָקאָ, זיך בעטייליגט אין דער וועסט־אינדישער קאָמפּאַניע און זיך פֿערנומען מיט באַנק־אָפּעראַציעס. צווישען די מאַראַנען זענען אויך געווען נישט ווינציג דאָקטוירים, יוריסטען און שריפֿטשטעלער. די האָלענדער רעפּובליק האָט געגעבען די יודען פֿאָלקאָמע פֿרייהייט פֿון רעליגיע און פֿון געמיינדע־פֿערוואַלטונג. זיי איז נאָר פֿערבאָטען געוואָרען חתונה צו האָבען מיט קריסטען און אָפֿען אַרויסטרעטען געגען קריסטענטום.

די אָרדנונג פֿון דער געמיינדע־פֿערוואַלטונג איז געווען אַ מוסטערהאַפֿטע. די דריי אַמסטערדאַמער יודישע שוהלען זענען פֿריהער געווען דריי בעזונדערע קאָנגרעגאַציעס, וואָס יעדע פֿון זיי האָט געהאַט זייער רב אָדער „חכם“. די ערשטע צייט זענען צווישען די דריי שוהלען פֿאָרגעקומען רייבונגען, נאָר דערנאָך האָבען זיי זיך אַלע פֿעראייניגט אין איין געמיינדע. די ספרדים מיט זייער ליעבע צו אָרדנונג און זייער געבוירענער אינטעליגענץ האָבען אַרויפֿגעלעגט זייער שטעמפּעל אויף דער אָרגאַניזאַציע פֿון דער געמיינדע. עס זענען אויסגעאַרבייט געוואָרען 42 בעזונדערע פּונקטען, וואָס זענען בעשטעטיגט געוואָרען דורך דעם מאַגיסטראַט. דער אָנפֿיהרער פֿון דער געמיינדע איז געווען דער ראַט

(מעמד), וואָס איז בעשטאַנען פון רבנים און עלטסטע (פּרנסים); נאָר
די רעליגיעזע פראַגען זענען געלעזען געוואָרען בלויז דורך די רבנים
אַליין. די אָרטיגע מאַכט האָט געגעבען דעם „מעמד״ דאָס רעכט אַרויפ=
צולעגען שטראָפען אויף די מיטגלידער פון דער געמיינדע, וואָס פאָל=
גען נישט דאָס יודישע געזעץ, און מיט דעם רעכט פלעגט די גע=
מיינדע=פערוואַלטונג זיך נישט זעלטען בענוצען. די אַמסטערדאַמער
יודען, געוועזענע מאַראַנען, האָבען אַ לאַנגע צייט זיך נישט געקענט אָב=
געוועהנען פון זייערע קאַטוילישע שטימונגען, וואָס זיי האָבען מיט זיך
מיטגעבראַכט פון די לענדער פון דער אינקוויזיציע. אַזוי, למשל,
האָבען די מאַראַנען געהאַט אַ לאַנגע צייט די קאַטוילישע געוועהנהייט
צו קוקען אויף דעם רב, ווי אויף אַ גייסטליכען, וואָס איז בכח צו
פערגעבען די זינד; עס איז געווען נאָר זיך מתודה זיין פון צייט צו
צייט און דאַן ווערן די זינד פערגעבען און מען קאָן איבערנעמען אָנ=
הויבען זינדיגען. אַזאַ שטאַנדפּונקט, לויט וועלכען די רעליגיעזע צע=
רעמאָניע שטעהט העכער פון די ריינע מדות, איז לחלוטין פרעמד
דעם יודענטום, נאָר די מאַראַנען האָבען נישט ווילענדיג זיך איינגעלעבט
מיט די דאָזיגע קאַטוילישע געוועהנהייטען אין דער צייט, ווען זיי האָבען
אויף זיך געטראָגען די מאַסקע פון קריסטען, און די רבנים האָבען
דעריבער געמוזט האַרט קעמפּפען געגען דעם. די ערשטע אַמסטער=
דאַמער רבנים ר׳ יוסף פאַרדאָ און ר׳ יהודה וויגאַ האָבען זיך נאָך גע=
רעכענט אַביסעל מיט די געוועהנהייטען פון די מאַראַנען און זיי נישט
בעשטראָפט, נאָר דער דריטער רב ר׳ יצחק עוזיאל איז שוין ענערגיש
אַרויסגעטרעטען געגען דעם און געקעמפּפט געגען די אַנטי=יודישע
בעגריפען.

וואָס מעהר דער „מעמד״ האָט זיך פערפעסטיגט, אַלץ שטרענ=
גער זענען געוואָרען די מיטלען געגען די, וואָס האָבען זיך ערלויבט
צו דענקען פריי אָדער אַנדערש פון דעם אָפיציעלען יודענטום. צום
בעדויערן, האָבען די מאַראַנען פון זייער פריהעריגען פאָטערלאַנד, וואו
עס האָט געהערשט דער רעזשים פון אינקוויזיציע, אויך אַראָבגע=
בראַכט די מיאוס׳ע מדה פון פאַנאַטיזם און איבעריגער פאָרזיכטיגקייט,
וואָס זוכט אומעטום כפירה און איז אַלץ און אַלעמען חושד. דער
אַמסטערדאַמער רבנים=קאָלעגיום, וואָס איז בעשטאַנען פון די רבנים:
ר׳ דוד פאַרדאָ, ר׳ שאול מאַרטיירא, ר׳ יצחק אַבוהב דע=פאָנסעק,
האָט געשפּיעלט אַ ראָליע פון אַ העכסטען גייסטיגען טריבונאַל, וואָס

דארף שטרענג אכטונג געבען, אז די מיטגלידער פון דער געמיינדע זאלען חלילה נישט אבטרעטען פון דער רעליגיע, און וואס בעשטראפט מיט חרם און אנדערע שטרענגע מיטלען פאר יעדען פונק פון פרייזין.

בעפרייענדיג זיך פון אויסערליכען יאך, איז די גייסטיגע ענערגיע פון די מאראנען אויך פריי געווארען און אין פערלויף פון ערשטען העלפט יאהרהונדערט פון איהר עקזיסטענץ האט די האלענדישע קאלאניע ארויסגעוויזען א אינטענסיווע ענערגישע טעטיגקייט אין דער ליטעראטור און אין גייסטיגען לעבען. אין דער ליטעראַרישער שאפונג פון די האלענדישע יודען האבען זיך אבגעשפיגעלט צוויי פערשידענע שטרעמונגען: דא האבען זיך בעגעגענט דער שמאלער רעליגיעזער דאגמאטיזם מיט דעם עקסטען פריידענקען, די אבערגלויביגע קבלה מיט דער סקעפטישער פילאזאפיע, דאס פאעטישע בעזינגען די יודישע מיסיע מיט דער שארפסטער קריטיק פון די יסודות פון יודענטום. אין די ליטעראַרישע ווערק פון דער ערשטער צייט פערנעהמט נאך ביי די יודישע שריפטשטעלער אין האלאנד דעם ערשטען פלאץ די ליריק און די מיסטישע שטימונג. אין זיי הערען זיך די נאכוועהענישען פון דער שרעקליכער דראמא פון מאראנענטום. יעקב בעלמאנטע, איינער פון די ערשטע גרינדער פון דער אמסטערדאמער יודישער קאלאניע, האט אין פערזען בעזונגען אויף שפאניש די ליידען פון זיינע ברידער אונטער דער הערשאפט פון דער אינקוויזיציע. דער פאעט דוד אבענטאר מעלא האט איבערזעצט דעם תהלים אויף שפאניש; דערביי האט דער איבערזעצער אין איינינע קאפיטלעך פון תהלים אריינגעשטעלט זיין איינענע ליריק וועגען דעם שיקזאל פון יודישען פאלק און וועגען זיינע פערזענליכע ליידען אלס מאראן. א צווייטער פאעט, ישורון, אדער פאול דע־פינא לויט זיין קריסטליכען נאמען, איז בעוואוסט נישט אזוי מיט זיין ליטעראַרישער טעטיגקייט, ווי מיט זיין לעבענס־געשיכטע. א געבוירענער פון ליסאבאן, א אייניקעל פון א מאראנישער פאמיליע, איז פאאול דע־פינא אין דער יוגענד געווען א גוטער קאטוילישער און זאגאר זיך געגרייט צו ווערן א מאנאך. ער איז צו דעם צוועק אוועקגעפאהרען קיין רוים, נאר דארט האט ער זיך בעגעגענט מיט איינעם א נעבילדעטען דאקטאר פון די מאראנען, וועלכער האט איהם דערפון אבגערעדט. דערווייל האט זיך געמאכט א מעשה, אז איינער א אלטער פראנציסקאנער האט לויט זיין אינערליכער איבערציינונג אנגעהויבען

עפענטליך פרעדיגען די יודישע רעליגיע. דערפאר איז ער אבגעזעסען
אין תפיסה א לאנגע צייט און ענדליך לעבעדיגערהייד פערברענט גע=
ווארען, פערבלייבענדיג ביי זיין איבערצייגונג. די דאזיגע געשיכטע
האט געמאכט א גרויסען איינדרוק אויף אלע מאראנען און צווישען זיי
אויך אויף פאאול דע=פינא, וועלכער האט פערזענליך געקענט דעם
פראנציסקאנער. ער האט בעשלאסען זיך אומקעהרען צום יודענטום
און איז אבגעפאהרען קיין אמסטערדאם, וואו ער האט זיך מגייר גע=
ווען. — צווישען די שריפטשטעלער פון יענער צייט האט זיך אויס=
געצייכענט מיט זיין הויכען יחוס און גייסטיגע פעהיגקייטען אברהם
דע=גערארא, א אייניקעל פון בעריהמטען גאנזאלא=דע=קארדאווא, דער
געאפאליטאנער וויצע=קעניג. גערארא האט זיך אריינגעטאן אין דער
קבלה, וואס ער האט געלערנט ביי די תלמידים פון אר"י. אין זיין
ווערק „שערי שמים“ האט ער ערקלערט דאס סיסטעם פון דער פראק=
טישער קבלה אין צוזאמענהאנג מיט דער פילאזאפיע. דאס דאזיגע
ווערק, וואס איז געשריבען געווארען אויף שפאניש, איז דערנאך אי=
בערזעצט געווארען אויף העברעאיש דורך דעם רב ר' יצחק אבוהב
דע=פאנסעקא.

דאס לעבען פון דעם לעצטען איז אויך געוועזען רייך אין פאסי=
רונגען. אין די קינדער=יאהרען איז ער איבערגעפיהרט געווארען פון
פארטוגאל קיין אמסטערדאם, וואו ער האט געלערנט תורה ביי'ם אל=
טען חכם ר' יצחק עוזיאל. ער האט געמאכט אזעלכע ריזיגע פאר=
שריטען אין לערנען, אז אויפ'ן 21=טען יאהר האט ער שוין אליין בע=
קומען דעם טיטול „חכם“. נאך דער פעראייניגונג פון די דריי יודישע
געמיינדעס אין אמסטערדאם איז ר' יצחק אבוהב געווארען איינער פון
די טיכטיגסטע מיטגלידער צווישען די רבנים. אין 1642 איז ער אין
דער שפיץ פון א פארטיע יודישע עמיגראנטען אוועק קיין בראזיליען,
וואס האט זיך דעמאלט געפונען אונטער דער הערשאפט פון האלאנד.
דארט איז ער געווארען רב אין דער שטאדט פערנאמבוקא, וואו עס
האבען געוואוינט פיעל פארטוגאלישע מאראנען. נאר נישט לאנג איז
איהם אויסגעקומען צו בלייבען אויף זיין שטעל. אין 1646 איז צווישען
פארטוגאל און האלאנד אויסגעבראכען א מלחמה צוליעב דער הערשאפט
איבער בראזיליען און מנצח געוועזען האבען די פארטוגעזער. די יודען
האבען זיך ווידער געפונען אין די נעגעל פון דער אינקוויזיציע, צו=
ליעב וועלכער זיי זענען ענטלאפען פון אייראפא, און די געמיינדע אין

בראַזיליען איז זיך צופאַלען. ר׳ יצחק אַבוהב איז אָבגעפאָהרען קיין אַמסטערדאַם און ווידער פערנומען די שטעל פון אַ חכם. מיט זיינע דרשות אין שוהל האָט ער צוגעצויגען פיעל צוהערער. ער האָט געלייענט לעקציעס אין דער אַמסטערדאַמער ישיבה, וואו מען האָט דאַן געלערנט תלמוד, ביבעל, דקדוק און העברעאיש. דער טעקסט פלעגט איבערגעזעצט ווערן אויף פּאָרטוגאַליש, וואָס איז נאָך אויף אַ לאַנגע צייט פערבליבען די שפּראַך פון דעם גרעסטען טייל האָלענדישע יודען. אַנ׳ערך 50 יאָהר איז ר׳ יצחק אַבוהב געשטאַנען אין דער שפּיץ פון דער „פּאָרטוגעזישער” געמיינדע אין אַמסטערדאַם און געשטאָרבען אין טיפער עלטער (1693). ביי זיין לעבען זענען אָבגעדרוקט געוואָרען זיינע פירושים צום חומש און זיינע דרשות אויף דער שפּאַנישער שפּראַך. אויף העברעאיש האָט ער נאָר געשריבען זיינע ערינערונגען פון דער מלחמה צווישען האָלאַנד און פּאָרטוגאַל.

דער טיכטיגסטער ליטעראַרישער און געזעלשאַפטליכער טוער פון יענער צייט איז געווען ר׳ מנשה בן ישראל (1604—57), אַ חבר פון ר׳ יצחק אַבוהב. ער איז געווען אַ זוהן פון פּאָרטוגאַלישע מאַראַנען, וואָס זענען ענטלאָפען פון דער אינקוויזיציע קיין האָלאַנד. איהם האָט מען געבראַכט קיין אַמסטערדאַם נאָך אַ קינד. דאָרט האָט ער געלערנט ביי ר׳ יצחק עוזיאל תורה, נאָר דערביי האָט ר׳ מנשה אויך געלערנט אַנדערע זאַכען, ווי לאַטיין, אייראָפּעאישע שפּראַכען און געלעזען די ווערק פון קריסטליכע שריפטשטעלער. נאָך אין די יונגע יאָהרען האָט ער אַרויסגעוויזען אַ רעדנערישען טאַלענט און שוין צו 18 יאָהר האָט ער געהאַלטען דרשות אין שוהל און קאָנקורירט אויף דעם געביעט מיט זיין חבר ר׳ יצחק אַבוהב. אין 1627 האָט ער געעפענט אַ יודישע דרוקעריי און שפּעטער איז ער געוואָרען דער אָנפיהרער פון דער ישיבה, וואָס איז געגרינדעט געוואָרען אויף די מיטלען פון דער רייכער פאַמיליע פּערייראַ. ר׳ מנשה בן ישראל האָט געהאַט אַ סך וויסענשאַפט, געווען דער פּראָדוקטיווסטער צווישען אַלע שריפטשטעלער פון יענער עפּאָכע, הגם ער איז נישט געווען קיין טיעפער מענש. אַ דאַנק זיינע גרויסע קענטני־שען האָט ער געהאַט פערבינדונגען מיט די בעריהמטעסטע קריסטליכע געלעהרטע פון יענער צייט; אַ געוויסע צייט האָט ער אויך געפיהרט אַ קאָרעספּאָנדענץ מיט דער שוועדישער קעניגין חריסטינאַ, וואָס איז געווען אַ ליעבהאָבערין פון דער וויסענשאַפט. בעזונדערס זענען מיט איהם געווען בעפריינדעט די פּראָטעסטאַנטישע טעאָלאָגען און מיסטיקער,

די דאָזיגע פּאָפּולאַריטעט האָט ר׳ מנשה בן ישראל ערוואָרבען אַ דאַנק זיינע ווערק אויף לאַטייניש, שפּאַניש און העברעאיש. זיין גרויס ווערק „Conciliador“ (דער שלום־מאַכער), אַ מיסטיש־פילאָזאָפישער פירוש צו דער ביבעל, איז איבערגעזעצט געוואָרען אויף לאַטייניש און ענגליש, הגם אין דעם ווערק איז דאָ ווינציג אָריגינעלע געדאַנקען. אין אַ צווייט גרויס ווערק, וואָס איז דערנאָך אָנגעשריבען געוואָרען אויף העברעאיש, „נשמת חיים“, טרעט אַרויס ר׳ מנשה בן ישראל אַלס מקובל. דאָרט ווערען אָפּט ציטירט די קריסטליכע מיסטיקער און די יודישע מקובלים, דאָרט ווערען די אַלע פאָרשטעלונגען וועגען שדים, מכשפים, „געהיימניספולע קרעפטען“ אין אַ גאַנץ ערנסטען טאָן און דאָס בעווייזט, אַז נישט קוקענדיג אויף זיין ענציקלאָפּעדישער וויסענשאַפט, האָט ר׳ מנשה בן ישראל געפעהלט דער קריטישער חוש און ער איז נישט וויט אַוועקגעגאַנגען פון דעם אר״יס תלמידים. אויף דעם סמך פון אַ ערצעהלונג פון עפּעס אַ רייזענדען אַוואַנטוריסט, אַז צווישען די אינדיאַנער אין אַמעריקאַ האָט ער געזעהן די רעשטען פון די פערלוירענע עשרת השבטים, האָט ר׳ מנשה בן ישראל געבויט אַ גאַנצען בנין און אָנגעשריבען אַ ווערק „תקות ישראל“, וואו ער בעווייזט, אַז די נבואה וועגען דער אייביגקייט פון יודישען פאָלק איז שוין מקוים געוואָרען און דעריבער קאָן מען האָפען, אַז אין גיכען וועט משיח קומען. ביי די אַלע מיסטישע שטימונגען איז ר׳ מנשה בן ישראל אָבער אויך געוועזען אַ רעאַלער מענש, נישט פערגעסען די ווירקליכקייט און די לעצטע יאָהרען פון זיין לעבען האָט ער געפיהרט אַ שטאַרקע אַגיטאַציע וועגען דעם בעזעצען זיך פון יודען אין ענגלאַנד. נאָר וועגען דעם — אין די שפּעטערדיגע קאַפּיטלען.

אַזעלכע מענשען מיט גרויסע קענטנישען, ווי ר׳ מנשה בן ישראל, האָט מען צווישען די האָלענדישע יודען געקענט געפינען נישט ווינציג. האָלאַנד איז געוואָרען אַ צענטר פון יודישער גייסטיגער טעטיגקייט, די צאָהל פון די געלעהרטע און שריפטשטעלער איז געוועזען אַ בעדייטענדע, און פון דער דאָזיגער סביבה איז אויך אַרויסגעוואַקסען דער גייסטיגער ריז ברוך שפּינאָזאַ. אָבער נישט קוקענדיג אויף דער געבוירענער אינטעליגענץ פון די שפּאַנישע און פּאָרטוגאַלישע אנוסים, נישט קוקענדיג אויף זייערע קענטנישען, זענען זיי דאָך נישט דערוואַקסען צו דער שטופע פון רעליגיעזער פרייהייט און טאָלעראַנץ. פון זייער פאָטערלאַנד האָבען זיי אַהער אַראָבגעבראַכט דעם גייסט פון דער

אינקוויזיציע, די געוועהנהייט צו בעשטראפען און רודפ'ן יעדען, וואס ערלויבט זיך אבצוטרעטען פון דער אפיציעלער רעליגיע, און בעקומענדיג פרייהייט פון רעליגיע און געמיינדע־אויטאנאמיע, זענען די פיהרער פון יודענטום אליין געווארען אונטערדריקער פון יעדען פרייען גייסט און שטרענג בעשטראפט די „אפיקורסים". דאס האט געבראכט צו טראגעדיעס, און איינער פון די קרבנות פון דער ארדנונג איז געוועזען אוריאל אקאסטא.

אקאסטא איז געוועזען א מאראן, וואס איז געבוירען געווארען אין אפארטא, פארטוגאל, אין יאהר 1590. אין דער יוגענד האט ער בעקומען א שטרענג־קאטוילישע ערציהונג, און צו 25 יאהר האט ער זאגאר פערנומען א שטעל פון א שמש אין איינער פון די קירכען אין זיין שטאדט. אבער די לעהרע פון קריסטענטום האט נישט בעפרידיגט זיין קריטישען שכל, וואס האט געזוכט דעם אבסאלוטען אמת. אקאסטא האט זיך דאן פערטיעפט אין ערלערנען די ביבעל און דאס האט אין איהם ערוועקט א שטארקען פערלאנג, זיך אומצוקעהרען צו דער רעליגיע פון זיינע עלטערן. מיט דער אידעע האט ער געהיים פערלאזען די שטאדט און אוועק קיין אמסטערדאם, וואו ער האט אפען אנגענומען די יודישע רעליגיע צוזאמען מיט זיינע ברידער און מוטער, וועלכע ער האט אנגערעדט דערצו (1618).

אין גיכען האט ער זיך אבער איבערצייגט, אז דאס אידעאלע יודענטום, וועגען וועלכען אקאסטא האט געטרוימט, איז זעהר ווינציג ענליך אויף דעם פראקטישען ווירקליכען יודענטום, וואס ער האט פאר זיך געזעהן אין אמסטערדאם. ער האט דערזעהן, אז דאס יודענטום פון די רבנים בעשטעהט נאר אין אויסערליכע דינים, אין א בעגרענצטען קוק אויף דער וועלט, און אקאסטא האט ווידער אנגעהויבען זוכען און פארשען. ער האט אויפגעהערט מקים זיין די יודישע דינים און פלעגט זאגאר אפען ארויסטרעטען געגען דער לעהרע פון רבנים, אדער „צבוע'קעס", ווי ער האט זיי אנגערופען, וואס געהען, לויט זיין מיינונג, אויף א פאלשען וועג. די אמסטערדאמער „חכמים" האבען מיט רעכט מורא געהאט, אז אזא פראפאגאנדע קען זיין געפעהרליך ביי די דעמאלטיגע בעדינגונגען, ווען די יודישע געמיינדע איז נאך געוועזען יונג און נישט ארגאניזירט, ווען די מאראנען האבען

זיך נאָך נישט אָבגעוועהנט פון די קאטוילישע מנהגים און בעגריפען. זיי האָבען דעריבער מזהיר געווען אַקאָסטאַ, אז ער זאל אָנהויבען זיך פיהרען בעסער, נאָר ער האָט נישט געפאָלגט. ווען אַקאָסטאַ איז דער־נאָך אויסגעשלאָסען געוואָרען פון דער געמיינדע, האָט ער זיך בע־שלאָסען אויף א געפעהרליכען שריט: אַרויסטרעטען אָפען געגען אָפי־ציעלען יודענטום אין דער ליטעראַטור. גראָד האָט זיך געמאַכט, אַז דער אַמסטערדאַמער דאָקטאָר שמואל דאַ־סילוואַ האָט צו יענער צייט אַרויסגעגעבען אַ ביכעל „אַ בעטראַכטונג וועגען השארת הנפש", וואו ער איז שאַרף אַרויסגעטרעטען געגען די בעגריפען פון די אפיקורסים, ווי אַקאָסטאַ, למשל. דאַן האָט אוריאל אַקאָסטאַ אָבגעענטפערט מיט אַ ווערק אויף פאָרטוגעזיש „אַ אָבהאַנדלונג וועגען די צבוע'שע טראַ־דיציעס אין פערגלייך מיט דער תורה שבכתב" (1624). אין דעם ווערק האָט אַקאָסטאַ אָבגעוואָרפען די תלמודישע טראַדיציעס און אויך בעוויזען, אז די תורה אָנ'ערקענט נישט קיין השארת הנפש און קיין שכר און עונש אויף יענער וועלט. אַזא אפיקורסות האָט אויפגעבראַכט אַלע רבנים. די פערוואַלטער פון דער געמיינדע האָבען גע'מסר'ט אַקאָסטאַ פאַר דער אָרטיגער מאַכט, אָנ'ווייזענדיג אויף דעם האָלענדישען געזעץ, לויט וועלכען עס ווערט פערבאָטען צו פערשפרייטען אַנטי־רע־ליגיעזע אידעען. אַקאָסטאַ'ן האָט מען אַרעסטירט, נאָר דערנאָך בע־פרייט און נאָר אַרויפגעלעגט אויף איהם אַ געלד־שטראָף. פון יענער צייט איז דאָס לעבען פון אַקאָסטאַ געוואָרען פאַר איהם אַ גיהנם. ער איז געוואָרען עלענד, דערווייטערט פון אַלעמען און ווען איהם איז נמאס געוואָרען זיין איינזאַמקייט און עלענד, איז ער איינמאָל אַוועק צו די רבנים און געבעטען מחילה. מען האָט איהם מוחל געווען, נאָר אין גיכען איז אַקאָסטאַ ווידער אַריינגעפאַלען אין אפיקורסות און דאָס מאָל שוין דערגאַנגען אַזוי ווייט, אַז ער האָט שוין אויך געלייקענט אין דער תורה שבכתב, נישט געהאַלטען שבת, געגעסען טרפות א. א. וו. עס זענען געגאַנגען קלאַנגען, אַז ער האָט אָבגערעדט צוויי קריסטען, וואָס האָבען געוואָלט אָננעהמען די יודישע רעליגיע. נאָך א הזהרה האָבען די רבנים אַריינגעלעגט דעם געפעהרליכען אפיקורס אין חרם אַריין. אַלע האָבען זיך אָבגעזונדערט פון איהם, אפילו זיינע קרובים האָבען מיט איהם נישט געוואָלט האָבען מיט איהם קיין בעציהונגען. זיין שרעקליכע איינזאַמ־קייט און אָרימקייט האָבען איהם געצוואונגען ווידער תשובה טאָן און ער האָט געמוזט איינגעהן אויף דער שרעקליכער פראָצעדור: עפענטליך

זיך מתודה זיין און בעלייִדיגט ווערן. אין שוהל האָבען זיך פֿערזאַמעלט די רבנים, די מיטגלידער פֿון דער געמיינדע און פֿיעל אַנדערע יודען. אַקאָסטאַ האָט אויף אַ הויך קול איבערגעלייענט די פֿאָרמעל פֿון תשובה און זיך אָבגעזאָגט פֿון זיינע אַפּיקורסישע איבערצייגונגען; נאָכדעם האָט מען איהם געגעבען 39 מלקות, און ווען דאָס האָט זיך שוין געענדיגט, האָט אַקאָסטאַ אַריבערגעטראָגען אַ נייע בעלייִדיגונג: זיך לעגען מיט׳ן פּנים אַראָב אויף דער שוועל פֿון שוהל און יעדער זאָל אַריבערטרעטען איבער זיין פּלייצע. אָט די אַלע בעלייִדיגונגען האָבען געמאַכט אַ שרעקליכען איינדריק אויף דעם אומגליקליכען פֿריידענקער און איינמאָל האָט ער, אין אַ שטימונג פֿון פֿערצווייפֿלונג און צאָרן, זיך גענומען דאָס לעבען דורך סמ׳ען (1640). פֿאַר זיין טויט האָט ער אָנגעשריבען זיין אויטאָביאָגראַפֿיע, אין וועלכער ער האָט אויסגעגאָסען זיין גאַנצען צאָרן אויף די, וואָס האָבען איהם געבראַכט צו אַזאַ שענדליכער בעלייִדיגונג.

# זעקסטעס קאפיטעל.

## דער קאזאקען=אויפשטאנד און דער אונטערגאנג פון פוילען.

---

אין דער צייט, ווען די ספרדים אין מערב=אייראפא האבען אנגעהויבען ביסלעכווייז צו=זיך צו קומען נאך די שרעקליכע חורבנות און אין האלאנד האט וויעדער אנגעהויבען בויען זיך א נייער יודישער צענטר, איז אויף די אשכנזים, וואס האבען שוין געהאט אויסגעבויט פאר זיך א פעסטע נעסט אין פוילען, געקומען א אונגעוועהנליכער אומגליק, וואס האט צו זיך כמעט קיין גלייכען נישט אין דער געשיכטע פון די יודישע רדיפות. דאס איז געוועזען דער שרעקליכער קאזאקען=אויפשטאנד, וואס האט געמאכט א סוף צו דער פעסטקייט און גרויסקייט פון פוילען און צוזאמען חרוב געמאכט דעם יודישען גרויסען צענטער אין פוילען. דעם טרויער=צוג, וואס זייערע ברידער אין מערב=אייראפא האבען דורכגעמאכט אין מיטעל=אלטער, האבען די פוילישע יודען געמוזט דורכמאכען יעצט אין 17=טען יאהר=הונדערט און דער וועג איז געוועזען פול מיט מערטירער און קרבנות.

די סיבה פון דעם דאזיגען שרעקליכען קריזיס איז געוועזען די עקאנאמישע לאגע פון פוילען בכלל און יודען בפרט. די יודישע לאגע, ווי מיר האבען אויבען געזעהן, אין פוילען געוועזען אבהענגיג פון די פערשידענע קאמבינאציעס און צוזאמענשטויסען פון די ארומיגע קלאסען. אויב דער קעניג און די גרויס=שליאחטע האבען מעהרסטענטייל געשטיצט די יודען, צו וועלכע זיי האבען געדארפט אנקומען אין עקאנאמישען לעבען, האבען מיט די יודען שטענדיג געקעמפפט זייערע קאנקורענטען, די שטעדט און די האנדווערקער=צעכען. די גייסטליכע

ווידער האָבען פיינד געהאַט יודען אַלס „אונגלויביגע“ און געפיהרט געגען זיי אַ אַגיטאַציע פון די קירך-טריבונען. יודען איז דעריבער שטענדיג אויסגעקומען צו קאָמבינירען, זיך צופאַסען צו די אָרומיגע בעדינגונגען און אויסנוצען אין זייער טובה אַלע גינסטיגע אומשטענ-דען. יודען האָבען שטענדיג געמוזט שטעהן אויף דער וואַך, שטענדיג פערטיידיגען זייערע אינטערעסען מיט דער הילף פון זייערע „בעלי-טובות“, דער קעניג און די שליאַכטע, און אין דעם קאַמפף האָבען יודען נישט זעלטען געליטען צרות און בזיונות, נישט איינמאָל איבער-געלעבט אַ עלילת-דם און טייער בעצאָהלט פאַר דעם. זינט די גייסט-ליכע האָבען אָנגעהויבען בעקומען אַ גרויסע השפעה, בעזונדערס אין דער צייט פון פרומען קעניג סיגיזמונד דער דריטער, זענען די בלוט-בלבולים געוואָרען אַ אָפטע זאַך און די רדיפות אויף יודען האָבען זיך פערגרעסערט. אָבער נאָך דעם אַלעמען האָט יודען דאָך זיך געלעבט אין פוילען בעסער, איידער אין מערב-אייראָפּאַ. דאָס רוב פון זיי האָבען דאָך געהאַט פּרנסה בהרחבה, הגם זעהר רייך זענען זיי נישט געוועזען, און בעזונדערס פעסט זענען די יודען געווען אינערליך, אַ דאַנק זייער זעלבסט-פערוואַלטונג און זעלטענער אָרגאַניזאַציע. אָבער אויב אין די צענטראַל-געגענדען פון פוילען האָבען די יודען געפיהרט דעם קאַמפף נאָר אויף איין פראָנט און געהאַט אויף וועמען זיך אָנצושפּאַ-רען, אַלס פערטיידיגער פון זייערע אינטערעסען, איז דער דאָזיגער קאַמפף געווען פיעל קאָמפּליצירטער און שווערער אין די דרום-מזרח'ישע געגענדען פון פוילען, אין אוקראַינאַ. דאָרט האָבען יודען שוין געהאַט צו טאָן נישט מיט די פּאָליאַקען, נאָר מיט אַ דריטען עלעמענט, די רוסישע פּראַוואָסלאַוונע פּויערען, וואָס זענען געווען פרעמד אי די פּאָליאַקען, אי די יודען. די דאָזיגע קאָמפּליצירטע לאַ-גע האָט געמוזט פיהרען צו אַ גרויזאַמער טראַגעדיע.

בשעת ליטא האָט זיך פעראייניגט מיט פוילען און געוואָרען איין מלוכה, זענען צו פוילען איבערגעגאַנגען די געגענדען פון וואָהלין, פּאָדאָליע און אוקראַיינאַ. די דאָזיגע געגענדען זענען פּאָליטיש געשטאַ-נען אונטער דער הערשאַפט פון די פּוילישע קיסרים, און עקאָנאָמיש — אונטער דער הערשאַפט פון די פּוילישע „פּריצים“. די פיעל גיטער מיט די גרויסע דערפער, וואָס זענען געווען בעזעצט דורך רוסישע פּויערען, האָבען זיך דאָ געפונען אין די הענד פון די פּוילישע מאַג-נאַטען, וואָס זענען געווען פאָלקאָמע הערשער איבער זייערע לייב-אייגענע,

דא האט געהערשט דיזעלבע שרעקליכע עקאנאמישע אונטערדריקונג פון די שוואכע, וואס אין אלע לענדער פון שקלאפעריי, נאר אויב ערגעץ=אנדערש זענען די ערד=בעזיצער געוועזן וויינציגסטענס פערבונדען מיט זייערע לייב=אייגענע דורך דער אלגעמיינער רעליגיע, וואס האט אבגעשוואכט אביסעל דעם קלאסען=קאמפף, האט דא, אין אוקריינא, דער עקאנאמישער דרוק געמוזט זיך פערשארפען ביז די אויסערסטע פארמען. די לייב=אייגענע פויערען, אדער „חלאפעס", זענען געוועזען פרעמד זייערע הערשער סיי לויט דער רעליגיע, סיי לויט דער נאציע. די פראוואסלאוויע איז פאר די פוילישע פריצים געוועזן א„חלאפסקע רעליגיע", וועלכע מען האט זיך געסטארעט אויסצוווארצלען דורך פערשידענע צוואנגס=מיטלען. דער פאליאק האט געקוקט אויף די רוסען, ווי אויף א נידעריגערע ראסע, וואס פערדיענט נישט קיין אכטונג און קיין מיטלייד. אויסער דער געוועהנליכער „פאנשטשיזנא" האבען די פריצים נאך ארויפגעלעגט אויף די פויערען פיעל קלענערע שטייערען און אבצאהלונגען. די פוילישע פריצים האבען געוועהנליך געוואוינט ווייט פון זייערע גיטער, וועלכע זיי האבען איבערגעגעבען אין רשות פון פערוואלטער און ארענדארען. צווישען די ארענדארען זענען געוועזן פיעל יודען, וואס פלעגען מעהרסטענטייל נעהמען אין ארענדע דאס רעכט פון „פראפינאציע", ד. ה. האנדלען מיט משקאות. צוזאמען מיט דער ארענדע איז צו יודען איבערגעגאנגען א טייל פון די רעכטען, וואס די פריצים האבען געהאט איבער זייערע לייב=אייגענע. דערביי פלעגט דער יודישער ארענדאר געוועהנליך זיך סטארען ארויסבעקומען פון די גיטער וואס מעהר הכנסות און שטארק עקספלאאטירען די פויערען. דער דרום=רוסישער פויער האט דעריבער געטראגען אין הארצען א טיעפע שנאה צום פוילישען ערד=בעזיצער, אלס א פריץ און אלס א„ליאח"; אבער נישט וויניגער, און אפשר נאך מעהר, האט ער פיינד געהאט דעם יודישען ארענדאר, מיט וועלכען עס איז איהם אויסגעקומען צו טרעפען זיך, ווייל אין איהם האט ער געזעהן אי א בייזען שליח און פערטרעטער פון פריץ, אי א „ניעחריסט", וואס איז איהם פרעמד לויט זיין רעליגיע און לויט זיין ארט לעבען. יודען זענען דא געשטאנען צווישען צוויי פייערן: צווישען דעם פאן און חלאפ, פאליאק און פראוואסלאוונעם. און עס איז געקומען די צייט, ווען דער איניערליכער ברענעדיגער האס אין די הערצער פון די פויערען האט זיך פערוואנדעלט אין א שטורם און בשעת עס איז אויסגעבראכען די שרעקליכע

קאטאסטראפע, זענען יודען געשטאנען אויפ'ן ערשטען פייער און געליטען מעהר פון די פריצים אליין.

די בעפעלקערונג פון דער אוקריינא, וואס איז פאליטיש און עקאנאמיש געווען פערשקלאפט ביי די פאליאקען, איז כלל נישט געווען אזא דערשלאגענע סטאדע, א „בידלא", ווי מען האט פון איהר געוואלט מאכען. געוויסע היסטארישע אומשטענדען האבען געבראכט דערצו אז די בעפעלקערונג זאל ווערן א מיליטערישע מאכט און אז אין די שקלאפען זאל זיך ענטוויקלען א שטארקע שטרעבונג צו פרייהייט. א דאנק דער נאהענטקייט צו די סטעפעס און צו קרים, פון וואנען די טאטארען פלעגען אפט אנפאלען אויף די פוילישע גרעניץ-געגענדען, האט די בעפעלקערונג פון אוקריינא געמוזט זיך פערראייניגען אין קאמפפס-דרוזשינעס, וואס זאלען קענען זיך פערטיידיגען פון די טאטארען. די פוילישע רעגירונג האט געשטיצט די דרוזשינעס, וואס האבען געהיט די גרעניץ. אזוי ערנאך זענען ענטשטאנען די אוקריינער קאזאקען וואס זענען געווארען א האלב-פויערשער, האלב-מיליטערישער קלאס, מיט זייער בעזונדערען העטמאן אין דער שפיץ און מיט א בעזונדער אויטאנאמיע. אויסער די אוקריינער קאזאקען, וואס האבען זיך געפונען אונטער דער הערשאפט פון דער פוילישער רעגירונג, זענען נאך געווען קאזאקען פון „זאפאראזשיע"-- איינגאנצען פרייע מיליטער-לייט, וואס האבען געוואוינט אונטער דעם דניעפר, אין די סטעפעס, און געלעבט פון די אפטע מלחמות און אנפאלען אויף די טאטארען און טערקען. דאס זענען געווען איינגאנצען פרייע מענשען, וואס האבען נישט אנערקענט קיין שום הערשאפט איבער זיך, געליעבט נאר די פרייהייט און געלעבט בלויז פון רויב און מלחמה. אין דער מחנה פון די זאפאראזשער קאזאקען „סיעטש" פלעגען אוועק פון אוקריינא די אלע פויערען, וואס האבען געוואלט בעסער פיהרען א פריי לעבען, איידער בעארבייטען די ערד; אהין זענען נישט דערלאזען געווארען קיין פרויען און קינדער; די („סיעטש") איז געווען א מין אורואלטע רעפובליק, וואו מעהר פון אלץ האט מען געשעצט די טאפפערקייט, גבורה און רויבעריי. די אוקריינער און זאפאראזשער קאזאקען האבען שטענדיג געהאט בעציהונגען צווישען זיך און די פויערשע אוקריינער בעפעלקערונג האט מיט שטאלץ און האפנונג געקוקט אויף זייער נאציאנאלער גווארדיע אין די גרויסע סטעפעס, וואס האט סוף כל סוף געדארפט זיי אויסלעזען פון דער קנעכטשאפט פון די „ליאחעס און זשידעס". די פוילישע רעגירונג האט נישט

פערשטאנען, אז דארט קלייבט זיך אן אלץ מעהר א ברען-מאטעריאל, וואס וועט מיט דער צייט זיין א סכנה פאר דער גאנצער מלוכה, און אויך די יודען האבען נישט פערשטאנען, אז אויף זיי רוקט זיך אן א גרויזאמע קראפט, וואס וועט אנשרייבען פיעל נייע בלוטיגע בלעטלעך אין דער יודישער געשיכטע. פון צייט צו צייט האט די אינערליכע פאלקס-אויפרעגונג געלאזט צו וויסען געבען וועגען זיך דורך קליינע אגרארע אונרוהען, און נאך אין 1638 האבען די זאפאראזשער קאזאקען, אונטער דער אנפיהרונג פון קאזאק פאווליוק, זיך אביסעל „פונאנדערגעשפיעלט" און אין לובני האבען זיי חרוב געמאכט עטליכע יודישע שוהלען און דער'הרג'ט אנ'ערך 200 יודען, נאר די רעכטע שחיטה האט זיך אנגע-הויבען פונקט אין 10 יאהר ארום.

אין פריהלינג 1648 איז אין טשיגירין אויפגעשטאנען איינער פון די פאפולערע קאזאקען, דער סאטניק באגדאן חמעלניצקי. ער איז געווען רייך אין שאף און רינדער, האט בעזעסען א שטארקען ווילען, א גרוי-סע שטרעבונג צו מאכט, געווען שלעכט און חיטרע, מיט א געבוי-רענעם טאלאנט צו פיהרען נאך זיך גרויסע פאלקס-מאסען. איהם איז בעשערט געווען אויפצוהויבען די פאהן פון אויפשטאנד אין אוקריינא און אין זאפאראזשיע. די לעגענדע דערצעהלט, אז דער פאדסטאראסטא טשאפלינסקי האט צוראבירט זיין גוט, צוגענומען ביי איהם זיין גע-ליעבטע און דער'הרג'עט זיין זוהן. עס האט זיך געפונען א יוד זכריה סאבילענקי, א ארענדאר, וואס האט איינגערעדט טשאפלינסקי'ן, אז ער זאל מאכען א בלבול אויף חמעלניצקי'ן, כדי פטור צו ווערן פון איהם. דערזועלבער יוד האט אויך ענטדעקט, אז חמעלניצקי מאכט הכנות צו א אויפשטאנד, און איהם האט מען געחאפט און ארעסטירט. דא האט זיך געפונען א צווייטער יוד, יעקב סאבילענקי, חמעלניצקי'ס א פריינד, וועלכער האט איהם געהאלפען ענטלויפען פון תפיסה. מען האט איהם ווידער געחאפט און ארעסטירט, נאר איהם האט נאך אמאל געלונגען צו ענטלויפען קיין זאפאראזשיע און פון דארטען האט ער געגעבען דעם ערשטען סיגנאל צום אויפשטאנד. „ווייסט און זעהט, — האט חמעלניצקי געשריבען אין זיין אויפרוף צו די קאזאקען, — אז די דאזיגע פוילישע אומה פערשטארקט זיך און פערשקלאפט אונז אלץ מעהר, אבער נאך ווינציג וואס די פאנעס פערשקלאפען אונז, נאר אויך די נידעריגסטע צווישען אלע אומות (יודען) הערשען איבער אונז".

די אוקריינער קאזאקען האבען געהיים אויסגעקליבען חמעלניצקי'ן אלס

זייער העטמאַן און איהם בעפֿאָלמעכטיגט צו פֿיהרען אונטערהאַנדלונגען מיט די זאַפּאַראָזשער קאָזאַקען. קומענדיג אין דער „סיעטש״, האָט חמעלניצקי אָנגעהויבען אָרגאַניזירען קאַמפּפֿס־דרוזשינעס און געשלאָסען אַ אָבמאַך מיט דעם קרימער חאַן, וועלכער האָט זיך מתחייב געוועזען צוצושטעלען פֿיעל מיליטער אויף הילף. אין אַפּריל 1648 האָבען די פֿעראייניגטע קאָזאַקען און טאַטאַרען זיך געלאָזט צו די גרעניצען פֿון אוקריינאַ. ביי „זשאָלטי וואָדי״ האָט חמעלניצקי׳ס אַרמעע אָבגעהאַלטען אַ גרויסען נצחון אויף דער אַרמעע פֿון פּאָטאָצקי און קאַלינאָווסקי, און דאָס האָט געדיענט אַלס סיגנאַל צו אַ אויפֿשטאַנד אין גאַנץ אוקריינאַ. די רוסישע פּויערען און שטאָדטישע לייט האָבען אַוועקגעוואָרפֿען זייערע הייזער, חרוב געמאַכט די פּריצישע גיטער און דער׳הרג׳עט זייערע בעזיצער צוזאַמען מיט זייערע פֿערוואַלטער און יודישע אַרענדאַרען. אין פּערעיאַסלאַוו, פּיריאַטין, לאָחוויצי, לובני און אין די אומגעגענדען זענען אויסגע׳הרג׳עט געוואָרען טויזענדער יודען און זייער פֿערמעגען איז צוראַבירט געוואָרען. די יודען פֿון איינינע שטעדט אין קיעווער ראַיאָן זענען מיט׳ן גוטען ווילען איבערגעלאָפֿען אין לאַגער פֿון די טאַטאַרען און זיך געלאָזט נעהמען אין געפֿענגניש, ווייל די טאַטאַרען פֿלעגען מעהרסטענטהייל נישט דער׳הרג׳נען זייערע געפֿאַנגענע, נאָר זיי אָבשיקען קיין טערקיי און דאָרט זיי פֿערקויפֿען אַלס שקלאַפֿען, און אין טערקיי האָבען די געפֿאַנגענע יודען געקענט האָפֿען אויסגעקויפֿט צו ווערן דורך די טערקישע יודען.

אין דערזעלבער צייט (מאַי) איז געשטאָרבען דער פּוילישער קעניג ולאַדיסלאַוו דער 4־טער און אין לאַנד האָט זיך אָנגעהויבען די אונרוהיגע צייט פֿון קעניג־וואַהלען. אין פּוילען פֿלעגט דאָס לאַנג זיך פֿערציהען ביז מען האָט אויסגעקליבען אַ נייעם קעניג און דערווייל זענען פֿאָרגעקומען צווישען די מאַגנאַטען און פּריצים רייבונגען, אינטריגעס און סכסוכים. פֿאַר די אויפֿגעשטאַנענע איז דאָס געוועזען זעהר גינסטיג און דער אויפֿשטאַנד האָט פֿערחאַפּט גאַנץ אוקריינאַ, וואָהלין און פּאָדאָל. די אָבטיילונגען פֿון די קאָזאַקען און רוסישע פּויערען, אונטער דער אָנפֿיהרונג פֿון חמעלניצקי׳ס מיטהעלפֿער, האָבען זיך פֿערשפּרייט איבער די שטעדט און מיט אַכזריות דער׳הרג׳עט די פּאָליאַקען און יודען. דער רוסישער היסטאָריקער פֿון יענער צייט דערצעהלט: „די ערמאָרדונגען פֿלעגען אויסגעפֿיהרט ווערן דורך באַרבאַרישע ענוים: מען האָט אַראָבגעשונדען די הויט פֿון די לעבעדיגע, צעשניטען די קערפּערס אויף

צוויי העלפטען, אריינגעקלאפט פלאקענס, געבראטען אויף קויהלען, אבגעגאסען מיט זודיגע וואסער; מען האט נישט געשאנקען דאס לעבען אפילו די זויג-קינדער. די שרעקליכסטע אכזריות האט דאס פאלק ארויסגעוויזען בנוגע צו יודען: זיי זענען געווען פער'משפט אויף פאלקאמער פערניכטונג, און יעדע רחמנות אויף זיי האט זיך גערעכענט פאר א פעררעט. די ספרי-תורות זענען ארויסגעשלעפט געווארען פון די שוהלען; די קאזאקען האבען אויף זיי געטרונקען בראנפען און געטאנצט, דערנאך געווארפען אויף זיי די יודען און געשאכטען אהן רחמנות; טויזענדער יודישע קינדער זענען אדיינגעווארפען געווארען אין גריבער און פערשיט געווארען מיט ערד". דער יודישער היסטאריקער פון יענער צייט איז מוסיף, אז די ווילדע חיות האבען בכיון נישט דער'הרג'עט זייערע קרבנות מיט איין מאל, כדי זיי זאלען וואס מעהר זיך מוטשען; האבען זיי אבגעהאקט די הענד און די פיס, געבראטען די קינדער אויפ'ן פייער, אויפגעעפענט די בייכער פון די פרויען, דארט אריינגעלעגט א לעבעדיגע קאץ און דערנאך צוריק פערנעהט.

בעזונדערס טראגיש איז געווען די לאגע פון די יודען, וואס זענען זיך אנגעלאפען פון די שטעדטלעך און דערפער אין די פערפעסטיגטע שטעדט, פערהאפענדיג צו געפינען דארט א גרעסערע שוץ. דערשטעדט, פערפעסטיגט, אז אין נעמיראוו, אין פאדאל, האבען זיך פערפעסוויסענדיג זיך, אז אין נעמיראוו, אין פאדאל, האבען זיך פערפעסטיגט עטליכע טויזענד יודען, האט חמעלניצקי אהין ארויסגעשיקט א אטריאד קאזאקען אונטער דער אנפיהרונג פון קאזאק האניא. אזוי ווי די שטאדט איז געווען גוט בעפעסטיגט און איינגעהמען זי מיט אטאקע איז געווען שווער, האבען די קאזאקען אנגעווענדעט א חיטרע מיטעל: זיי זענען צוגעקומען צו דער פעסטונג מיט פוילישע פעהנער און געבעטען זיי עפנען. די יודען האבען געמיינט, אז דאס איז פויליש מיליטער, וואס געהט זיי אויף הילף, און זיי אריינגעלאזט. דאן (כ' סיון) האבען די קאזאקען געמאכט דארט א שרעקליכען חורבן. די מענער האט מען אלע אויסגעשאכטען; די פרויען האט מען מאנס געווען. דער נעמיראווער רב און ראש-ישיבה ר' יחיאל מיכל בן אליעזר מיט זיין אלטער מוטער האבען זיך בעהאלטען אויפ'ן בית-הקברות, וועלענדיג ווינציגסטענס צו קבורה קומען נאכ'ן טויט. דארט האט זיי געטראפען איינער פון די פאגראמשטשיקעס און מיט א שטיק האלץ אונמענשליך דער'הרג'עט פריהער דעם רב, דערנאך די מוטער. די יודישע יונגע פרויען האבען די קאזאקען אפט געלאזט לעבען, זיי אבגע'שמד'ט און דערנאך גענומען

פֿאַר ווײַבער. אָבער נישט פֿיעל זענען געבליבען אין זײערע הענד. אײנע אַ שײן יודיש מײדעל, וואָס אַ קאָזאַק האָט זיך פֿאַר אַ ווײַב געוואָלט נעהמען, האָט איהם אײַנגערעדט, אַז זי ווײסט אַזאַ כשוף, וואָס פֿערהיט פֿון יעדע קויל, און כדי איבערצוצײַגען איהם, האָט זי געבעטען, ער זאָל אין איהר שיסען. דער קאָזאַק האָט געשאָסען און דאָס שענע מײדעל איז געפֿאַלען טויט. אַ צווײטע יודיש מײדעל האָט זיך געקויפֿט דעם טויט דורך אַ אַנדער חיטרע מיטעל. זי האָט גע'פועל'ט בײַ איהר קינפֿטיגען מאַן, אַז ער זאָל פֿאָהרען מיט איהר זי אָבשמד'ען דורך אַ וואַסער און דורכפֿאָהרענדיג איבער דעם בריק האָט זי זיך אין וואַסער געוואָרפֿען און דערטרונקען געוואָרען. בסך=הכל זענען אין נעמיראָוו דער'הרג'עט געוואָרען 6000 יודען.

נאָך אַ שרעקליכערע דראַמע האָט זיך אָבגעשפּיעלט אין דעם בעלאַגערטען טולטשין, וואוהין יודען זענען ענטלאָפֿען פֿון די קאָזאַקען. אין טולטשין, וואָס איז געווען בעלאַגערט דורך אַ גרויסער אָבטײלונג קאָזאַקען, האָבען זיך געפֿונען 2 טויזענד יודען און עטליכע הונדערט פּאָליאַקען. די יודען און די פּאָליאַקען האָבען געשוואוירען, אַז זײ וועלען נישט פֿערלאָזען אײנע די צווײטע און זיך שלאָגען ביז דעם לעצטען טראָפּען בלוט. די יודען האָבען די פֿעסטונג פֿערטײדיגט מוטיג און נישט צוגעלאָזט דעם שונא נאָהענט צו דער שטאָדט. נאָך אַ לאַנגער בעלאַגערונג האָבען די קאָזאַקען זיך בעשלאָסען אויף אַזאַ מיטעל: זײ האָבען געלאָזט וויסען די פּאָליאַקען, אַז זײ זענען אויסען נאָר די יודען און אויב די פּאָליאַקען וועלען זײ, די יודען, אַרויסגעבען, וועט מען די פּאָליאַקען לאָזען צו רוה. די פּוילישע פּריצים, וואָס אין זײער שפּיץ איז געשטאַנען דער פֿירשט טשעטווערטינסקי, האָבען פֿערגעסען אָן זײער שבועה און געוואָלט אַרויסגעבען די יודען. די לעצטע האָבען זיך דערוואוסט וועגען דעם פֿערראַט און געוואָלט זיך אָבּרעכענען מיט די פֿעררעטער, וואָס זענען געווען אין דער מינדערהײט. נאָר דער ראש הישיבה ר' אהרן האָט זיך בײַ זײ געבעטען, אַז זײ זאָלען דאָס נישט טאָן לטובת די אינטערעסען פֿון די איבעריגע יודען, אָן וועלכע די פּאָליאַקען וועלען שפּעטער געוויס זיך נוקם זײַן. „לאָמיר בעסער שטאַרבען — האָט דער פֿרומער ר' אהרן זיך געבעטען, — ווי אונזערע נעמיראָווער ברידער זענען געשטאָרבען, נאָר לאָמיר נישט שטעלען אין סכנה אונזערע ברידער אין גלות". די יודען האָבען אך אונטערגעגעבען: זײ האָבען אָבגעגעבען זײער גאַנצען פֿערמעגען

דעם פירשט טשעטווערטינסקי, וועלכער זאל דאס געבען די קאזאקען אלס אויסקויף פאר זייער לעבען. ווען די קאזאקען האבען זיך אריינ־געריסען אין שטאדט אריין, האבען זיי פריהער צוגענומען דאס גאנצע יודישע פערמעגען, דערנאך פערטריבען אלע יודען אין א גארטען אריין, דארט אריינגעשטעקט א פאהן און ערקלערט: ווער עס וויל בלייבען לעבען, זאל זיך שטעלען אונטער דער פאהן און זיך אבשמד'ען. די רבנים זענען ארומגעגאנגען צווישען די יודען און איינגערעדט, אז מען זאל בעסער אננעהמען א מערטירער־טויט און נישט פעררעטען די יודי־שע רעליגיע. עס האט זיך נישט געפונען קיין איין און איינציגער פעררעטער און 1500 יודען זענען אויס'געהרג'עט געווארען אויף א אכזריות־דיגען אופן. די קאזאקען האבען אויך נישט געשאנקען די פאליאקען און אויסגעהרג'עט אלע, צווישען זיי אויך דעם פירשט טשעטווערטינסקי. די פאליאקען האט מען פאר פעררראט בעצאהלט מיט פעררראט.

פון פאדאל זענען די קאזאקען אוועק קיין וואהלין און דארט האט די שחיטה געדויערט דעם גאנצען זומער און הערבסט פון 1648. אין פאלאנאיע זענען געפאלען הרוגים און גענומען געווארען אין גע־פענגניש ביז 16 טויזענד יודען. צווישען די דער'הרג'עטע איז געוועזען דער פאפולערער מקובל ר' שמשון אסטראפאלער. ער צוזאמען מיט נאך 300 יודען האבען זיך אנגעטאן אין קיטלען און טליתים, אוועק אין שוהל אריין און דארט ערווארטעט דעם שונא. דארט זענען זיי טאקע אלע ביז איינעם אויסגעהרג'עט געווארען. אזעלכע שחיטות זענען אויך פארגעקומען אין זאסלאוו, אסטראה, באר, אלט־קאנסטאנטין, קרעמע־ניץ און פיעל אנדערע שטעדט.

דאס פוילישע מיליטער האט אין איינצעלענע ערטער איינגע־שטילט דעם בונט און געצעהלטע באנדעס פון די קאזאקען און פויערען אויסגעראמט. בעזונדערס האט זיך אויסגעצייכענט דער ענערגישער און טאלאנטפולער פירשט ווישניעוועצקי, וועלכער איז געוועזען א גרויזאמע קראפט פאר די קאזאקען. ווי עס דערצעהלט דער יודישער היסטא־ריקער, האט ווישניעוועצקי, זיך בעצויגען צו יודען, „ווי א פאטער צו קינדער", און אומעטום, וואוהין עס איז אריינגעטרעטען זיין מיליטער, זענען געוועזען יודען אויסער געפאהר. אבער ווישניעוועצקי איז געוועזען נאר איינער און ער איז נישט אימשטאנד געוועזען אליין צו דערשטיקען דעם בונט; די הויפט־אנפיהרער פון דער פוילישער ארמעע האבען געהאלטען אין איין רייסעניש צווישען זיך, מקנא געוועזען ווישניעוועצקי'ן פאר זיינע

נצחונות, נישט ארויסגעוויזען די נויטיגע ענערגיע און טאלענט און חמעלניצקי איז געווען גערעכט, ווען ער האט זיי געגעבען אזא חא-ראקטעריסטיק: „פערינא" (פערענע), „דעטינא" (קינד), „לאטינא" (געלעהרטער), ד. ה. איינינע פון זיי זענען פויל און צארט, אנדערע זענען נאאיוו ווי קינדער, די דריטע זענען געלעהרטע, מענשען פון קאבינעט און טויגען גארנישט צו פיהרען קיין מלחמות.

פון אוקריינא איז א באנדע פויערען אדער „היידאמאקען" אריינ-געדרונגען אין די דערבייאיגע שטעדט פון ווייס-רוסלאנד און ליטא. פון טשערניגאוו און סטאראדוב, וואו מען האט אויסגעהרג'עט די יודישע איינוואוינער, זענען די רויבער געגאנגען אויף האמעל, און דא איז פארגעקומען א שרעקליכע שחיטה, וועגען וועלכער דער היסטאריקער פון יענער צייט דערצעהלט: „די בונטאוושטשיקעס האבען איבערגע-קויפט דעם נאטשאלניק פון שטאדט... און יענער האט ארויסגעגעבען די יודען. עס האבען זיי ארומגערינגעלט די פראוואסלאווע מיט ענט-בלויזטע שווערדען, מעסערס און שפיזען און געזאגט: „פראוואס גלויבט איהר אין אייער גאט, וואס האט נישט קיין רחמנות אויף זיין ליידענ-דען פאלק און ראטעוועט איהם נישט פון אונזערע הענד? ענטזאגט זיך פון אייער גאט — וועט איהר ווערן הערדען!... איהר אלע וועט אומקומען, אויב איהר וועט זיך האלטען אין דער אמונה פון אייערע עלטערן, ווי עס זענען אומגעקומען אייערע ברידער אין אוקריינא, פאקוטיא און ליטא"... דעמאלט האט אויסגעשריען ר' אליעזר, דער מנהיג אונזערער, דער ראש בית-דין: „ברידער, דערמאנט זיך אין טויט פון אונזערע ברידער, וואס זענען אומגעקומען אויף קדוש-השם! לאמיר אויך אויסשטרעקען אונזערע העלזער צום שווערד פון שונא! קוקט אויף מיר און טוט, ווי איך!" און תיכף האבען טויזענדער זיך אבגעזאגט פון לעבען, פערהאסט די וועלט און מקדש השם געווען. דער ראש-ישיבה האט דער ערשטער אבגעגעבען זיין קערפער אלס קרבן... די זקנים און יונגע לייט, יונגלעך און מיידלעך האבען גע-זעהן די ענוים, ליידען און וואונדען פון רבי'ן, וועלכער האט נישט אויפגעהערט רופען צו זיי, אז זיי זאלען אויך אננעהמען דעם מערטי-רער-טויט אין נאמען פון דעם, וואס האט די וועלט בעשאפען. אלע, ווי איין מענש, האבען אויסגעשריען: „לאמיר איינער דעם אנדערן מוחל זיין די פערזענליכע בעליידיגונגען, לאמיר אבגעבען אונזער נשמה דעם בעשעפער, און דעם קערפער — דער ווילדער סטיחיע, אונזערע שונאים,

די פּראוואָסלאַוונע״... דערהערענדיג דאָס, האָבען די שונאים געמאַכט אַ שרעקליכע שחיטה; זיי האָבען געשלאָגען די אומגליקליכע מיט העל־צער, כדי זיי זאָלען שטאַרבען לאַנגזאַם. הויפענס זענען געפאַלען, מע־נער, פרויען, קינדער. און זיי זענען נישט צו קבורה געקומען, און הינט און חזירים האָבען געגעסען די טויטע קערפער״.

אין סעפּטעמבער איז חמעלניצקי אַליין, אין שפּיץ פון די קאָזאַ־קען צוזאַמען מיט די טאַטאַרען, צוגעגאַנגען צו די ווענט פון דער גאַ־ליציאַנער הויפּט־שטאָדט לעמבערג און זי בעלאַגערט. די קאָזאַקען האָ־בען זיך אַריינגעריסען אין דער פאָרשטאָדט און זי צוראַבירט, נאָר דער צענטר פון שטאָדט איז געווען גוט בעפעסטיגט און אַהין האָבען די קאָזאַקען נישט געקענט אַריינדרינגען. חמעלניצקי האָט פאָרגעלעגט דעם מאַגיסטראַט, ער זאָל אַרויסגעבען אַלע יודען און זייער פערמעגען און דאַן וועט ער אָבטרעטען פון שטאָדט, נאָר דאָרמאָל האָט דער מאַ־גיסטראַט געהאַלטען מיט יודען און דאַן האָט חמעלניצקי איינגעשטימט אָבצוטרעטען פון שטאָדט פאַר אַ גרויסע סומע אויסקויף־געלד, וואָס דעם גרעסטען טייל פון איהר האָבען געגעבען יודען. פון לעמבערג איז חמעלניצקי מיט׳ן מיליטער אוועק קיין זאַמאָשטש און לובלין, דער־נעהנטערענדיג זיך צו וואַרשא, וואו עס איז דעמאָלט אויסגעקליבען גע־וואָרען אַלס קעניג דער קאַרדינאַל יאַן־קאַזימיר, דער ברודער פון וולאַ־דיסלאַוו דעם 4־טען. דער נייער קעניג האָט אָנגעהויבען פיהרען מיט חמעלניצקי׳ן אונטערהאַנדלונגען וועגען שלום, נאָר אַזוי ווי די קאָזאַקען האָבען געשטעלט גרויסע פאָדערונגען, זענען די אונטערהאַנדלונגען אי־בערגעריסען געוואָרען און אין פריהלינג 1649 האָט זיך ווידער אָנגעהויבען די בלוטיגע מלחמה און ווידער זענען חרוב געוואָרען עטליכע יודישע שטעדט. נאָך אַ רייהע מפּלות פון פולישען מיליטער איז ענדליך געשלאָ־סען געוואָרען אין זבאָראָוואָ אַ שלום, וואָס איז געווען גינסטיג פאַר די קאָזאַקען. אין דעם אָבמאַך וועגען שלום איז אויך געווען, לויט דער פאָדערונג פון די קאָזאַקען, אַ פונקט, אַז יודען טאָרען נישט וואוינען אין דער קאָזאַקען־אוקריינא, ד. ה. אין טשערניגאָווער, פּאָלטאַווער, קיעווער און אַ טייל פּאָדאָלער ראַיאָנען.

נאָך אָנדערטהאַלבען יאָהר פון צרות און שחיטות האָבען די יודען ענדליך פרייער אָבגעעטעמט. דער קעניג יאַן־קאַזימיר האָט ערלויבט די יודען, וואָס האָבען אָנגענומען קריסטענטום צוליעב דעם פּחד פאַר׳ן טויט, ווידער זיך אומקעהרען צום יודענטום. מאַסען יודישע טעכטער,

וואָס זענען מיט געוואַלט אָבגעשמד'ט געוואָרען, זענען ענטלאָפען פון זייערע געצוואונגענע מאַנען, די קאָזאַקען, און זיך אומגעקעהרט צו זייערע פאַמיליעס. דער „ועד ארבע ארצות”, וואָס האָט אָבגעהאַלטען זיינע זיצונגען ווינטער 1650 אין לובלין, האָט אויסגעאַרבייט אַ רייהע תקנות, אום צו ברענגען אין אָרדנונג דאָס גיזעלשאַפטליכע און פאַמיליען-לעבען פון די יודען. דער טאָג פון דער נעמיראָווער שחיטה (כ' סיון), וואָס איז שוין לאַנג אַ תענית-טאָג צום אָנדענקען פון די מערטירער בעת די קרייץ-צוגען, איז אָנערקענט געוואָרען פאַר אַ טרויער-טאָג אויך צום אָנדענקען פון די קרבנות פון דעם קאָזאַקען-אויפשטאַנד. די רבנים פון יענער צייט האָבען פערפאַסט אַ רייהע תפילות און האַרצ-רייסענדע סליחות, וואָס זענען געלייענט געוואָרען אין די יודישע שוהלען אין יענעם טרויער-טאָג. אָבער נישט לאַנג האָט געדויערט דער שטיל-שטאַנד. דער שלום אין זבאָראָווא האָט נישט צופרידענגעשטעלט נישט די קאָזאַקען, נישט די פאָליאַקען, די געגענזייטיגע שנאה האָט געבראַכט צו נייע צוזאַמענשטויסען און אין 1651 האָט די מלחמה ווידער אויפגע-פלאַקערט. די פוילישע רעגירונג האָט מאָביליזירט אַ גרויסע אַרמעע, אין וועלכער עס איז אַריינגעגאַנגען אויך אַ יודישע אָבטיילונג פון 1000 מענשען. דאַסמאָל האָבען די פאָליאַקען גובר געווען און אין סעפ-טעמבער 1651 איז ביי בעלאָצערקאָוו געשלאָסען געוואָרען אַ שלום, וואָס איז געווען גינסטיג פאַר די פאָליאַקען. לויט דעם שלום זענען פיעל פריהעריגע פאָדערונגען פון די קאָזאַקען אָבגעוואָרפען געוואָרען און צווישען אַנדערעס איז אויך צוריקגעשטעלט געוואָרען דאָס רעכט פון יודען צו וואוינען אין אוקריינאַ. דעמאָלט האָבען די אונרוהען צווישען די קאָזאַקען און פראַוואָסלאַווניע פויערען זיך ווידער אָנגעהויבען. חמעלניצקי האָט אָנגעהויבען פיהרען אונטערהאַנדלונגען מיט דעם רוסישען צאַר אַלעקסיי מיכיילאָוויטש וועגען פעראייניגען, אויף אויטאָ-נאָמישע יסודות, די קאָזאַקען-אוקריינאַ צו דער מאָסקווער מלוכה, מיט'ן נאָמען קליין-רוסלאַנד. דער אָבמאַך איז געשלאָסען געוואָרען אין 1654 און אין דעם זעלבען יאָהר האָט דאָס רוסישע מיליטער אָנגעהויבען פיהרען אַ מלחמה מיט פוילען. יעצט איז געקומען די צייט פון הריגות און שחיטות פאַר די יודען פון בעלאָרוסיע און ליטא.

דאָס רוסישע מיליטער צוזאַמען מיט די קאָזאַקען 'האָבען אין פערלויף פון צוויי יאָהר גע'בעל'הבת'עוועט איבער ליטא און ווייס-רוסלאַנד און דאָרט געמאַכט שרעקליכע חורבנות. ווען עס זענען איינ-

גענומען געוואָרען די הויפּט-שטעדט, האָט מען שטענדיג די יודען פון דאָרטען אַרויסגעטריבען אָדער אויסגע'הרג'עט. ווען עס איז אייִנגענומען געוואָרען די שטאָדט מאָהילעוו, האָט דער רוסישער צאַר געהייסען אַרויסטרייבען פון דאָרטען אַלע יודען און זייערע הייזער צוטיילען צווישען דעם מאַגיסטראַט און דער רוסישער מאַכט. די יודען האָבען געהאָפט, אַז דאָס פּוילישע מיליטער וועט צוריק אָבשלאָגען די שטאָדט, און זיי האָבען דעריבער נישט תיכּף זיך אַרויסגעצויגען פון שטאָדט. נאָר דערפאַר האָבען זיי טייער בעצאָהלט. ענדע זומער 1655 האָט דער נאַטשאַלניק פון רוסישען גאַרניזאָן אין מאָהילעוו, פּאָלקאָווניק פּאָקלאָנסקי, דערוויסענדיג זיך, אַז צום שטאָדט געהט דאָס פּוילישע מיליטער, בעפוילען די יודען פערנעהמען זייער האָב און גוטס און אַרויסטרעטען פון שטאָדט. אָבער ווי נאָר די יודען זענען אַרויס פון שטאָדט און זיך געלאָזט אין לאַגער פון פּוילישען מיליטער, זענען די רוסישע סאָלדאַטען, לויט דעם בעפעהל פון פּאָקלאָנסקי, בעפאַלען די יודען, צוראַבירט זייער גאַנץ פערמעגען און כמעט אַלע אויסגע'הרג'עט.

אין וויטעבסק האָבען יודען גענומען אַ ענערגישען אַנטייל אין דער פערטיידיגונג פון שטאָדט. זיי האָבען געגראָבען גריבער, פערפעסטיגט די זוענט, צוגעשטעלט געוועהר און פערד, נאָר דערפאַר ווען די שטאָדט איז ענדליך אייִנגענומען געוואָרען דורך דעם רוסישען מיליטער, זענען די יודען אינגאַנצען צוראַבירט געוואָרען; אַ טייל פון זיי זענען מיט געוואַלט אָבגע'שמד'ט געוואָרען און אַ טייל זענען פערשיקט געוואָרען אין די רוסישע גובערניעס אַלס געפאַנגענע. נישט ווינציג האָבען יודען אויך געליטען, ווען עס איז אייִנגענומען געוואָרען די הויפּט-שטאָדט פון ליטא, ווילנא. דאָרט האָבען די קאָזאַקען געמאַכט אַ שרעקליכען פּאָגראָם און אויסגע'הרג'עט 25 טויזענד פּאָליאַקען. פון די יודען האָט דער גרעסטער טייל זיך געראַטעוועט דורך ענטלויפען, נאָר די איבערגעבליבענע זענען אָדער אַרויסגעטריבען אָדער אויסגע'הרג'עט געוואָרען.

נאָך ווינציג זענען געוועזען די אומגליקען, וואָס זענען געקומען אויף יודען פון די קאָזאַקען, רוסען און טאַטאַרען, איז נאָך צוגעקומען אַ נייער שונא, דער שוועדישער קעניג קאַרלוס דער 10-ער, וועלכער האָט זיך אַריינגעריסען קיין פּוילען פון צפון-זייט, אין סאַמע צענטער פון לאַנד. דער שוועדישער קעניג האָט אייִנגענומען איין שטאָדט נאָך דער אַנדערער; איהם האָבען זיך אויך אונטערגעגעבען די פּוילישע רעזידענץ-שטעדט קראַקוי און וואַרשא. דער גרעסטער טייל פון גרויס- און

קליין-פוילען איז געווען אין די הענד פון די שוועדען און דער קעניג יאַן-קאַזימיר האָט געמוזט אַנטלויפען קיין שלעזיען. פוילען איז געוואָרען אַ מין גיהנם, וואו עס האָבען זיך צונויפגעמישט פערשידענע פעלקער: קאָזאַקען, רוסען, שוועדען, טאַטאַרען און יעדער איינציגער האָט געוואָלט אָברייסען אַ חלק פאַר זיך. עס איז כמעט געווען בולט, אַז די היסטאָריע האָט שוין פער'משפט דאָס אַמאָליגע שטאַרקע פוילען צום אונטערגאַנג. פון דער שוועדישער אַרמעע האָבען יודען געליטען צוגלייך מיט דער קריסטליכער בעפעלקערונג, אָבער אויף זייער חלק זענען אויסגעפאַלען אויך ספּעציעלע ליידען. דער אָנפיהרער פון דער פוילישער אַרמעע, דער בייזער דיקטאַטאָר טשאַרנעצקי, איז געווען אַ שונא-ישראל און זיך בעגאַנגען מיט זיי אַכזריות'דיג. יודען האָט מען בעשולדיגט אין געהיימע בעציהונגען מיט די שוועדען און זיך אָן זיי נוקם געווען דערפאַר, אַזוי אַז די יודען זענען געשטאַנען צווישען צוויי פייערען: דאָרט, וואו די שוועדען האָבען זיי געלאָזט צו רוה, זענען זיי בעפאַלען געוואָרען פון די פּאָליאַקען. צו דער שרעקליכער מלחמה איז נאָך צוגעקומען די דזשומאַ, וועלכע האָט דעמאָלט געהערשט אין פוילען. די יודען פון קראָקויער, פּויזנער, קאַלישער, פּעטראָקאָווער און לובלינער געגענדען, וואָס זענען געווען אויסגעמוטשעט פון דער מלחמה, זענען מאַסענווייז אויסגעשטאָרבען פון דזשומאַ. ערשט אין 1658, נאָך גרויסע פערלוסטען און בזיונות, האָט פוילען געשלאָסען אַ שלום מיט גרויסע הנחות פאַר רוסלאַנד און שוועדען, און דאָס לאַנד האָט אָנגעהויבען ביסלעכווייז זיך בערוהיגען.

די רעזולטאַטען פון די בלוטיגע 10 יאָהר (1648–58) זענען פאַר יודען געווען שרעקליכע. לויט דער מיינונג פון יודישען היסטאָריקער פון יענער צייט, זענען דעמאָלט אומגעקומען העכער אַ האַלב מיליאָן יודען; נאָר אפילו ווען מען זאָל די ציפער פערקלענערן אויף אַ העלפט, וועט דאָך בלייבען אַ ריזיגע צאָהל קרבנות. אַזאַ גרויסען אומגליק האָבען יודען נישט געהאַט אפילו בעת די קרייץ-צוגען און דעם „שוואַרצען טויט" אין מערב-אייראָפּאַ. אַנ'ערך 700 יודישע געמיינדעס זענען דעמאָלט חרוב געוואָרען. אין די שטעדט פון קאָזאַקען-אוקריינאַ זענען די יודישע געמיינדעס אינגאַנצען פערניכטעט געוואָרען. אין וואָהלין און פּאָדאָל איז געבליבען גאַנץ אַנ'ערך אַ צעהנטעל פון דער יודישער בעפעלקערונג; די איבעריגע זענען אָדער אומגעקומען בעת דעם אויפשטאַנד, אָדער זענען גענומען געוואָרען אין געפענגניש און אָבגעפיהרט

געוואָרען קײן טערקײ, אָדער ענטלאָפען אין אנדערע לענדער. אין אלע לענדער פון אזיען און אײראָפּא האט מען אין יענער צײט געקענט טרעפען ענטלאָפענע יודען פון פּוילען, וואָס האָבען דערצעהלט הארצרײסענדע סצענעס וועגען זײערע ברידער אין דעם פּוילישען גיהנם.

אײנער פון די, וואָס האָבען אלײן איבערגעלעבט די שרעקליכע שחיטה אין אוקראײנא, ר' נתן נטע האנאָווער פון זאסלאוו, האָט אונז איבערגעלאָזט א אויסגעצײכענטע חראָניק פון יענער צײט אין זײן ווערק „יון מצולה". דער גאון ר' שבתי כהן (ש"ך) האָט זיך געווענדעט מיט א אויפרוף וועגען דער שחיטה אין פּוילען צו אלע יודען פון דער גאנצער וועלט און צום אויפרוף זענען בײגעלעגט געוואָרען תפלות צום אנדענקען פון די קדושים. פיעל אנגעזעהענע רבנים פון יענער צײט, ווי ר' ליפּמאן העלער, ר' שעפּטעל האָרוויץ, ר' מאיר פון שעברשין און ר' גבריאל שוסבורג האָבען אין הארצרײסענדע חבורים בעווײנט דעם חורבן פון די פּוילישע יודען, און א טיעפע פערצווײפלונג הערט זיך פון זײערע פערפאסטע תפילות און סליחות: עס האָט אויסגעזעהען, אז אלץ איז שוין פערפאלען, אז דער יודישער צענטר אין פּוילען איז שוין אויף שטענדיג חרוב און קײנמאָל וועלען יודען דאָרט שוין נישט אויפגעבויט ווערן צוריק.

די נבואה פון די קלאָגערס איז נישט מקוים געוואָרען. די יודישע בעפעלקערונג אין פּוילען איז פעראָרימט און פערקלענערט געוואָרען, אָבער פערניכטעט זענען זײ נישט געוואָרען און דער הויפּטצענטר פון די יודען איז דאָך געבליבען פּוילען. עס האָט זיך א איבעריגעס מאָל ארויסגעוויזען, ווי ווײט די יודישע נאציע איז לעבענספעהיג: ווי נאָר אין לאנד האָבען אויפגעהערט די מהומות, האָבען די יודען זיך אומגעקעהרט אין זײערע צערשטערטע נעסטען, אנגעהויבען ביסלעכווײז אויפבויען זײערע חורבות און א קלײנע צײט נאָך דעם שרעקליכען אומגליק זענען די יודען ווידער צו-זיך געקומען. דער קעניג יאן-קאזימיר, וואָס האָט זיך אומגעקעהרט און ווידער גענומען די ממשלה אין זײנע הענד, האָט אין א בעפעהל וועגען פרײהײט פון האנדעל פאר די יודען אין קראקוי ערקלערט, אז זײן הויפּט-זאָרג איז האָטש עטוואָס בעלוינען דער בעפעלקערונג פאר די צרות, וואָס זי האָט איבערגעלעבט, און מיטהעלפען איהר אויפצובויען איהרע חורבות. פיעל יודישע שטעדט, וואָס האָבען אממעהרסטען געליטען פון די מלחמות, האָבען בעקומען פערשידענע לגאָטעס און עס איז פאר זײ

אויך פערלײַכטערט געוואָרען דאָס צאָהלען שטײַערען. דאָס האָט עט=וואָס פערלײַכטערט די לאַגע, אָבער דער קריזיס האָט דאָך איבער=געלאָזט גרויסע שפורען, און נישט אַזוי גיך האָבען יודען זיך ווידער אײַנגעאָרדענט. בעזונדערס בולט זענען געווען די רעזולטאַטען פון קריזיס אין דרום, אין ראיאָן פון דעם אויפשטאַנד. לויט דעם אָבמאַך אין אַנדרוסאָוואָ, בײַ סמאָלענסק (1667), האָבען פוילען און רוסלאַנד אײַנגעטײַלט צווישען זיך אוקראַינע, אַזוי אַז וואָהלין און פּאָדאָל זענען פערבליבען בײַ פוילען און פּאָלטאַווע, טשערניגאָווער און א טײל פון קיעווער ראיאָן זענען איבערגעגאַנגען צו מאָסקווא. די קאָזאַקען אַלײן האָבען געהאַלטען אין אײן ארומרײַסען זיך, ווײַל אײניגע האָבען גע=צויגען צו פוילען, אַנדערע — צו רוסלאַנד, אַזוי אַז אוקראַינע איז נאָך א לאַנגע צײַט געווען א אָרט פון אינטריגעס און צוזאַמענשטויסען. יודען האָבען פון די אַלע רײַבונגען און צוזאַמענשטויסען, נאַטירליך, גאָר פערלוירען. פון קלײן=רוסלאַנד זענען יודען אינגאַנצען אַרויס=געשטויסען געוואָרען און אין דעם טײל אוקראַינע, וואָס האָט געהערט צו פוילען, זענען יודען זעהר פערמינערט געוואָרען. אין אַלגעמײן איז דער צענטער פון די יודען אין פוילען איבערגערוקט געוואָרען פון דרום=מערב=ראיאָן צו ביעלאָרוסיע און ליטא, וועלכע האָבען פיעל ווינציגער געליטען פון די אונרוהען. דער דרום=מערב=ראיאָן, וואו יודען האָט זיך אַמאָל געלעבט אַזוי גוט, האָט געהאַלטען אין אײן פאַלען.

אין 1669 האָט יאָן=קאַזימיר זיך אָבגעזאָגט פון טראָן און אַלס פוילישער קעניג איז אויסגעקליבען געוואָרען מיכאַאיל ווישניעוועצקי, דער זוהן פון פוילישען העלד יערעמיע ווישניעוועצקי. ווי זײַן פאָטער, וואָס האָט אָבגעראַטעוועט פון חורבן נישט אײן יודישע געמײנדע, האָט אויך דער נײַער קעניג זיך בעצויגען צו יודען פרײַנדליך און אין קאָראָנאַציאָנס=סײם האָט ער בעשטעטיגט אַלע פּריווילעגיעס פון די פוילישע און ליטווישע יודען. אָבער די עהרליכע שטרעבונגען פון קעניג האָט געשטערט דער פוילישער סײם, אויף וועלכען עס האָט זיך געלאָזט דײַטליך הערן די שטימע פון די קאַטולישע גײַסטליכע מיט זײַער אַלטער שנאה צו יודען. אויף דעם סײם פון 1670 זענען אָבגעפרישט געוואָרען די אַלטע בעגרענצונגען פאַר יודען: נישט צו האַלטען קײן קריסטליכע דינערשאַפט און נישט אַרויסגעהן פון די הײַזער בעת די קריסטליכע פּראָצעסיעס. און דאָס אַלץ האָט דער

סיים געטאָן אין אַ צייט, ווען די מלוכה האָט געהאַט פאַר זיך פיעל וויכטיגע אויפגאַבען, אין אַ צייט, ווען דאָס לאַנד איז געווען צעריסען אויף שטיקער, און די געזעצגעבער וואָלט, דאַכט זיך, נישט געדאַרפט ליגען אין קאָפּ די דאגה וועגען יודישע בעגרענצונגען!

דער לעצטער פוילישער קעניג, וואָס האָטווירקליך געשיצט די יודען, איז געווען יאַן סאָביעסקי (1674—96), דער פוילישער העלד, וואָס האָט צוריק אויפגעשטעלט דעם פוילישען פרעסטיזש אין אייראָפּאַ. איהם איז אויסגעקומען אָפט צו קעמפפען געגען די יודענפיינדליכע שטימונגען פון דער שליאַכטע, פון די מאַגיסטראַטען און צעחען. אין 1681 איז אין ווילנא פאָרגעקומען אַזאַ פאַל. דאָרט איז געמאַלט געוואָרען אַ פאָלקס-צעהלונג, און דער ווילנער מאַגיסטראַט האָט בעפוילען די יודען אַרויסצוגעהן הינטער דער שטאָדט און דאָרט געצעהלט וועררן צוזאַמען מיט די קריסטען. די יודען האָט מען פערזיכערט, אַז זיי וועט הינטער דער שטאָדט קיין שלעכטס נישט געשעהן. אָבער ווי נאָר זיי זענען אַרויס אויפ'ן פעלד, זענען אויף זיי אָנגעפאַלען די קריסטען, אָנגעהויבען שיסען אויף זיי, שלאָגען און בעראַבעווען. דער מאַגיסטראַט האָט נישט בלויז נישט געשטערט, נאָר אויך געקוקט אויף דער הריגה מיט פערגניגען, און יודען וואָלטען דעמאָלט געווען אָבגעשניטען זעהר שלעכט, ווען אויף זיי זאָלען זיך נישט געווען דערבאַרימען די שילער פון די יעזואיטישע שולען, וואָס האָבען זיי אַרויסגעראַטעוועט פון המון. נישט שטענדיג זענען אָבער די יעזואיטישע שילער געווען אַזעלכע רחמנים און נישט זעלטען זענען זיי אַליין געווען די איניציאַטאָרען פון פיעל אונרוהען אין די יודישע קוואַרטאַלען. די „שילער-געלויפען" זענען דעמאָלט געווען אַ געוועהנליכע ערשיינונג אין די פוילישע שטעדט: די שילער פלעגען פערטשעפען די יודען אויף דער גאַס, מאַכען סקאַנדאַלען און אויך זיך אַריינרייסען אין די יודישע קוואַרטאַלען און מאַכען קליינע פאָגראָמען. אַזעלכע אונרוהען פלעגען מעהרסטענטייל פאָרקומען דורך די יעזואיטישע שילער אין פויזנא, לעמבערג, ווילנא און בריסק. די אָרטיגע מאַכט האָט געקוקט דורך די פינגער אויף דער דאָזיגער „שטיפעריי" פון דער יוגענד, וועלכע האָט אָפט אָנגענומען אַ געפעהרליכען כאַראַקטער. אין 1687 האָט אין פויזנא צו די „שטיפערישע" שילער זיך פעראייניגט דער פשוט'ער המון, און די איינוואוינער פון יודישען קוואַרטאַל האָבען געמוזט מיט געוועהר אין די הענד זיך פערטיידיגען אין פערלויף

פון דריי טעג. כדי צו פערהיטען זיך פון אזעלכע אנפאלען, האבען די יודישע געמיינדעס פון פיעל שטעדט געצאהלט א יעהרליכען צינז לטובת די קאטוילישע שולען, און דער שטייער איז געווארען א געזעצליכע זאך. די סיימען פלעגען אפילו ארויסטרעטען געגען אזעלכע אנפאלען און צוזאגען יודען פרייהייט פון פערזאן, בעזונדערס ווען מען האט געדארפט איינפיהרען נייע אדער פערגרעסערן די אלטע שטייערען, אבער דער פאקטישער פערטיידיגער פון יודען איז געוועזען נאר דער קעניג אליין. אין קעניגליכען הויף פלעגען קומען בעפאלמעכטיגטע פון די יודישע געמיינדעס מיט פערשידענע ביטעס און ווי וויים מעגליך פלעגט יאן סאביעסקי די בקשות ערפילען. אין סענאט און אויף די סיימען פלעגט מען דעם קעניג אויפווארפען, וואס ער איז אזא יודענפריינד. אין 1693 האט מען אויפ'ן סיים אין גראדנא אויף דעם קעניג'ס ליעבלינג, דעם יוד בצלאל, וואס פלעגט אבנעהמען אין ארענדע די מלוכה-אבצאהלונגען, ארויפגעווארפען א רייהע בעשולדיגונגען אין בערויבען דער מלוכה, אין גאט-לעסטערונג א. ד. גל. דאס האט מען געטאן אויף להכעים דעם קעניג, נאר יאן סאביעסקי האט געפאדערט, אז מען זאל דעם יוד בצלאל ערלויבען דורך א שבועה אראבווארפען פון זיך די בעשולדיגונגען, און נאך היימע דעבאטען האט דער קעניג אויסגעפיהרט.

אויב ביי יאן סאביעסקי האבען די יודען זיך צוריק פערפעסטיגט נאך דער שווערער עפאכע פון שחיטות און הריגות, האט די יודישע לאגע זיך וויעדער פערערגערט ביי די קעניגען פון דער זאקסישער דינאסטיע, אויגוסט דער־צווייטער און דער דריטער (1697—1763). די פאליטישע אנארחיע צוזאמען מיט די מפלות אין דער מלחמה מיט שוועדען האבען ארויסגעוויזען, אז די מלוכה, וואס איז געגרינדעט אויף קלאסען-אינטערעסען, אויף דעם ווילקיר פון אויבען און שקלאפערייי פון אונטען, איז אינערליך דורך און דורך פערפוילט. די ירידה פון דער פוילישער מלוכה האט אנגענומען א גרויזאמען חאראקטער. אין א לאנד, וואו יעדער קלאס האט אין זינען געהאט נאר זיינע שמאלע עגאאיסטישע אינטערעסען, וואו די בעשלוסען פון סיים האבען געקענט בטל ווערן, ווען נאר איין דעפוטאט האט נישט איינגעשטימט צו זיי (וועטא-רעכט), אין אזא לאנד האט אויך די רעגיערונג נישט געזארגט זיך וועגען די אלגעמיינע אינטערעסען, נאר וועגען איהר פערזענליכער טובה. נאטירליך, זענען ביי אזא ארדנונג שוצלאזער און

מאַכטלאָזער פון אַלע געווען די יודען. אויגוסט דער צווייטער און דער דריטער האָבען אפילו אָפיציעל בעשטעטיגט די יודישע רעכטען, אָבער ביי דער אַלגעמיינער מהומה און אַנאַרכיע אין לאַנד איז אַזאַ אָפיציעלע בעשטעטיגונג בלויז אויפ'ן פאַפיער געווען ווינציג. עס איז נויטיג געווען, אַז די העכערע מאַכט זאָל פערטיידיגען די יודישע רעכטען פון די פיינדליכע עלעמענטען נישט בלויז אויפ'ן פאַפיער, נאָר אין לעבען; אָבער די קיסרים פון דער זאַקסישער דינאַסטיע, וואָס האָבען אפילו די אַלגעמיינע מלוכה-אינטערעסען נישט אין זינען געהאַט, האָבען נאָך ווינציגער, נאַטירליך, געקענט טראַכטען וועגען די יודישע אינטערעסען. די קעניגען האָבען זיך נאָר געזאָרגט, אַז די יודען זאָלען פינקטליך צאָהלען זייערע שטייערען, און נישט קוקענדיג דערויף, וואָס צוליעב די מהומות זענען יודען רואינירט געוואָרען, האָט מען די שטייערען דאָך פערגרעסערט.

די אַגענטען פון דער רעגירונג, די וואָיעוואָדעס און סטאַראָסטעס, זענען געווען די אונ'ברחמנות'דיגסטע אונטערדריקער פון דער יודישער בעפעלקערונג. זיי האָבען געקוקט אויף יודען, ווי אויף אַ מעלקענדיגע קוה, און אויב אַ סטאַראָסטאַ האָט זיך גענויטיגט אין געלד, האָט ער פשוט זיך געווענדעט צום יודישען קהל מיט אַ סטראַשונעק, אַז אויב די נויטיגע סומע וועט איהם נישט צוגעשטעלט ווערן, וועט ער אָנווענדען רעפּרעסיעס. נאַטירליך, האָט דער סטראַשונעק געהאָלפען און קהל האָט באַלד אריינגעטראָגען די נויטיגע סומע. עס זענען געווען אַזעלכע, וואָס האָבען אונטערדריקט יודען נִיט צוליעב געלד, נאָר צוליעב פערגניגען, אוים פשוט'ען ווילקיר. אַזוי, למשל, האָט דער קאַניעווער סטראָסטאַ זיך אַמאָל ערלויבט אָנצעוואַרפען אַ הויפען יודען אויף אַ פוהר, צופיהרען זיי צום הויז פון זיינעם אַ פריינד אַ גוט-בעזיצער און דאָרט זיי אויסשיטען, ווי מען שיט אוים זעק מיט קאַרטאָפעל. דערזעלבער סטאַראָסטאַ פלעגט אָפט זיך מאַכען אַזאַ „פערוויילונג": ער האָט צונויפגענומען יודישע פרויען, בעפוילען זיי אַרויפקריכען אויף אַ בוים און שרייען „קוקו", און דערנאָך האָט ער אין זיי געשאָסען; די פרויען זענען פערוואונדעטע געפאַלען פון בוים און דער פריץ האָט פרעהליך געלאַכט און זיי געוואָרפען געלד.

דער שטאַרקסטער קלאַס אין דער מלוכה, די שליאַחטע, האָט געשטיצט יודען נאָר דאָרט, וואו זי האָט זיך אין זיי גענויטיגט. אויף די יודען האָבען די פריצים געקוקט, ווי אויף זייערע שקלאַפען, לייב-

אייגענע. פּונקט ווי דער פּויער האָט בעאַרבײַט די ערד פֿון פּריץ, אַזוי האָט דער יודישער אַרענדאַר פֿערוואַלטעט די בעל=הבתישקײַט פֿון פּריץ און פּאַקטיש איז צווישען זיי ביידע קיין גרויסער אונטערשיעד נישט געווען. די פּריצים האָבען זאָגאַר געוואָלט פֿערשקלאַפֿען די יודען אויפֿ'ן געזעצגעבערישען אופֿן און אויפֿ'ן סיים פֿון 1740 האָבען די אַדעליגע אַרײַנגעטראָגען אַ פּראָיעקט, אַז די יודען, וואָס וואוינען אין די גיטער פֿון די פּריצים, זאָלען אָנערקענט ווערן אַלס זייער אייגענטום, וואָס גייעהט=איבער בירושה פֿון דור צו דור. דער דאָזיגער ווילדער פּראָיעקט איז אָבגעוואָרפֿען געוואָרען, אָבער פּאַקטיש איז דער יוד געווען אַ עבד נאמן בײַם פּריץ. בײַ די דעמאָלטיגע ווילדע אָרדנונגען, ווען איין פּריץ מיט זײַן סוויטע פֿלעגט פּלוצלונג אָנפֿאַלען אויפֿ'ן גוט פֿון צווייטען פּריץ, פֿלעגען מעהר פֿון אַלץ לײַדען די יודען. דער פּריץ האָט געהאַט דאָס רעכט צו משפּט'ען זײַנע יודען און טאָן מיט זיי, וואָס זײַן האַרץ בעגעהרט. בעת די פּראָווינציעלע סיימען און צוזאַמענפֿאָהרען פֿון דער שליאַכטע איז אײַנגעפֿיהרט געוואָרען אַ מנהג צו „פֿערווײַלען זיך" דורך אָנפֿאַלען אויף די יודישע הײַזער און שוהלען. געגען די דאָזיגע ווילדע פֿערווײַלונגען האָט שאַרף פּראָטעסטירט דער וואַרשאַווער סיים פֿון 1717 און געדראָהט מיט בעשטראָפֿונגען, אָבער נישט אַזוי לײַכט איז געווען אויסצעוואָרצלען דעם דאָזיגען מנהג.

אין די שטעדט ווידער האָט זיך געפֿיהרט דער אַלטער קאַמפּף צווישען די יודען און די קריסטליכע סוחרים און האַנדווערקער. כּדי צו קאָנקורירען מיט די יודישע הענדלער און בעלי=מלאכות, האָבען די קריסטען צוגעגעבען זייער קאַמפּף אַ רעליגיעזען כאַראַקטער און אָפֿט אָנגערייצט דעם המון געגען די יודען. זיי צו הילף איז געקומען דער אַלטער שונא פֿון יודען: די גײַסטליכע. דער זאָמען, וואָס די יעזואיטען האָבען פֿערזייהט, האָט געגעבען גוטע פֿרוכטען. די אַגיטאַציע געגען די „אונגלויביגע" איז געוואָרען איינע פֿון די הויפּט=קרעפֿטען אין דער אינערליכער פּאָליטיק פֿון פּוילען אין יענער צײַט. די בעשלוסען פֿון די קאַטוילישע סינאָדען זענען לויט זייער טאָן און אינהאַלט דורכגעדרונגען מיט פֿערביסענער שנאה צו יודען. דער לאָוויטשער סינאָד פֿון 1720 האָט אַרויסגעגעבען אַ בעפֿעהל, „אַז די יודען זאָלען זיך נישט דערוועגען אין ערגעץ צו בויען נײַע שוהלען און רעמאָנטירען די אַלטע", אַזוי אַז אין פֿערלויף פֿון אַ געוויסער צײַט זאָלען

די יודישע שוהלען אינגאנצען פערשוואונדען ווערן דורך שרפות אדער דורך איינפאלען. פון ענדע 17-טען יאהרהונדערט זענען זעהר אפט געווארען די בלוט-בלבולים אויף יודען און נישט-זעלטען זענען די בלבולים פראוואצירט געווארען דורך דער קלעריקאלער פארטיי. די ריטועלע פראצעסען פלעגען בעטראכט ווערען אין העכסטען געריכט — אין לובלינער טריבונאל, און נישט-זעלטען האבען זיי זיך געענדיגט מיט טויט-שטראף פאר אונשולדיגע מענשען.

די גרעסטע פראצעסען פון דעם סארט (דער סאנדאמירער 1698—1710, פויזנער 1736, זשיטאמירער 1753, וואיסלאוויצער 1760) זענען געפיהרט געווארען אויפ'ן שטייגער פון דער אינקוויזיציע. דער סאנדאמירער פראצעס איז ארויסגערופען געווארען דורכדעם, וואס א קריסטין האט אונטערגעווארפען איהר נישט-געזעצליך געבוירענעם קינד הינטער דער טהיר פון א יודען און געגעבען די גייסטליכע א מעגליכקייט צו פערפיהרען א פראצעס וועגען א כלומר'שט ריטועלער ערמארדונג. דער פראצעס איז דורכגעגאנגען אלע געריכט-אינסטאנציעס און שטארק פערפלאנטערט געווארען א דאנק דער אגיטאציע פון פאנאטישען קסיאנדז סטעפאן זשוהאווסקי. אין פויזנא האט דער פראצעס וועגען בלוט-בלבול זיך געצויגען גאנצע 4 יאהר. אין דער ערמארדונג זענען בעשולדיגט געווארען 2 פרנסים פון קהל, א שתדלן און א בעל-דרשן. די אלע 4 האט מען ארעסטירט און שרעקליך געפייניגט. דער שתדלן און דער דרשן זענען פון די עינוים געשטארבען אין תפיסה, די איבעריגע זענען דורכ'ן ווארשאווער געריכט פריי-געשפראכען געווארען, מיט דעם תנאי, אז זיי און נאך דריי אנגעזעהענע קריסטען זאלען שווערען, אז יודען בענוצען נישט קיין קריסטליך בלוט צו די מצות. אין זשיטאמירער פראצעס זענען געוועזען אנגעקלאגטע 24 יודען; זיי האט מען אזוי לאנג געפייניגט, ביז זיי האבען זיך מודה געוועזען אין פערברעכען, וואס זיי זענען נישט בעגאנגען, און זענען פער'משפט געווארען צום טויט. 11 פון זיי האט מען אבגעשונדען די הויט לעבעדיגערהייד, די איבעריגע האבען זיך געראטעוועט פון טויט א דאנק דעם, וואס זיי האבען זיך אבגע'שמדט. אין וואיסלאוויצער פראצעס זענען שוין אלס בעשולדיגטע ארויסגעטרעטען דער גאנצער קהל. צום געריכט האט מען אנגעקלאגט די רבנים און די פיהרער פון קהל. איינער פון די בעשולדיגטע, א רב, האט אין טורמע זיך גענומען דאס לעבען, די איבעריגע 4 זענען פער'משפט געווארען צום טויט. פאר'ן טויט האבען די גלחים איינגערעדט די

געפּײַניגטע, אַז זיי זאָלען זיך אָב'שמד'ען, און דערפאַר האָט מען זיי פערלײַכטערט דעם טויט: זיי האָט מען אָבגעהאַקט די קעפּ. אויפגע־רעגט דורך די דאָזיגע אינקוויזיציאָנס־פּראָצעסען, האָבען די יודען גע־שיקט אַ דעפּוטאַטציע צום פּויפּסט אין רוים מיט אַ ביטע, אַז ער זאָל ערקלערען די בעשולדיגונגען אין געברויכען קריסטליך בלוט אַלס אַ בלבול. דער פּויפּסט האָט בעפוילען זײַן פאָרשטעהער אין וואַרשאַ, אַז ער זאָל זעהן ווירקען געגען די בלבולים. דאָסזעלבע האָט געטאָן אויך דער קעניג אויגוסט דער דריטער, אָבער די אַבערגלויבענס אין די פאָלקס־מאַסען זענען שוין געוועזען אַזוי פעסט, אַז עס איז שווער געוועזען זיי אויסצוואָרצלען. זאָגאַר די געבילדעטע קלאַסען פון פוילען האָבען געגלויבט אין די שקרים און איינער אַ שריפטשטעלער פון יענער צײַט דערצעהלט בתמימות: „פּונקט ווי די שליאַכטישע פרײַהײַט איז נישט מעגליך אָהן וועטאָ, אַזוי איז די יודישע מצה נישט מעגליך אָהן קריסטליך בלוט”.

דערווײַל איז פוילען אַלץ מעהר און מעהר געפאַלען און מיט שנעלע טריט זיך דערנעהענטערט צו איהר אונטערגאַנג. שוין ווען אַלס קעניג איז אויסגעקליבען געוואָרען סטאַניסלאַוו־אויגוסט פּאָניאַטאָווסקי (1764) האָט פוילען פאַקטיש זיך געפונען אונטער דער הערשאַפט פון רוסלאַנד. דורך גרינדליכע רעפאָרמען וואָלט מען נאָך אפשר געקענט אָבראַטעווען די מלוכה פון אונטערגאַנג, אָבער דער אַלטער רעזשים פון קלעריקאַליזם און קלאַסען־אינטערעסען האָט נישט געקענט און נישט געוואָלט זיך אַליין פער'משפּט'ען צום טויט און עס האָט זיך ווײַטער געפיהרט די אַלטע פּאָליטיק. בײַ סטאַניסלאַוו־אויגוסט איז פאָרטגעזעצט געוואָרען די אַלטע פּאָליטיק אויך בנוגע צו יודען. אָנשטאָט צו זאָר־גען זיך וועגען גרינדליכע אויסבעסערונגען אין דער לאַגע פון יודען, אַלס איינעם פון די וויכטיגסטע עלעמענטען פון דער בעפעלקערונג, האָט די פּוילישע רעגירונג נאָר געטראַכט, ווי אַזוי וואָס בעסער אויס־נוצען די יודען אַלס אַ מעלקעדיגע קוה פאַר שטײַערען און ציגזען. דער וואַרשאַוער סײם פון 1764, וועלכער האָט זיך פערנומען מיט אויס־אַרבײַטען אינערליכע רעפאָרמען, האָט געפונען פאַר נויטיג צו רעפאָר־מירען אין דער לאַגע פון די יודען נאָר דאָס סיסטעם פון מלוכה־שטײַערען. אָנשטאָט דעם, וואָס פריהער האָט מען יעהרליך בעשטימט איין אַלגעמיינע סומע פון שטײַערען אויף אַלע יודען און דער „ועד” האָט שוין דערנאָך פונאַנדערגעטיילט די סומע צווישען די בעזונדערע

קהילות, האָט מען יעצט, לויט דער נייער „קאָנסטיטוציע", איינגעפיהרט א שטייער פון צוויי גילדען אויף יעדען נפש און פאר דער סומע איז פעראנטוואָרטליך געוועזען יעדע קהילה בעזונדער. די דאָזיגע רעפאָרם האָט נאָר פערגרעסערט די אַלגעמיינע סומע שטייערען, וואָס איז שוין אַזוי אויך געוועזען גענוג גרויס, וועהרענד פאַר יודען האָבען זיך פאַר־מאַכט פיעל קוועלען פון פרנסות. די שליאַכטע האָט גוט געהיט איהרע אינטערעסען און ביים אויסקלייבען דעם קעניג האָט זי איהם געשטעלט אַ בעדינג, אַז יודען זאָלען נישט טאָרען נעהמען אין ארענדע די מלוכה־גיטער און די מלוכה־שטייערען. לויט דעם פערלאַנג פון די קריסטליכע סוחרים האָט דער סיים פון 1768 אויך צוריק איינגעפיהרט יענעם פונקט פון דער אַלטער קאָנסטיטוציע, לויט וועלכען אין פיעל שטעדט האָבען יודען נישט געטאָרט זיך פערנעהמען מיט האַנדעל סיידען דורך אַ ספעציעלער ערלויבניש פון מאַגיסטראַט.

אין דער צייט האָט דערוויַיל אין אוקריינאַ, אין דעם טייל, וואָס איז נאָך געוועזען אין די פוילישע הענד, זיך אויפגעהויבען אַ שטאַרקע בעוועגונג געגען די פּאָליאַקען און יודען. די רוסישע „חלאָפּעס" האָבען נישט געקענט אַזוי גיך פערגעסען די צייטען פון חמעלניצקי, ווען זיי, די פערשקלאַפטע פויערען, האָבען זיך געבאָדען אין בלוט פון די פריצים און יודען און רייך געוואָרען פון אָנגעראַבעוועטען גוטס. אין מאָמענטען פון אינטריגעס און מהומות, מיט וועלכע עס איז אַזוי רייך געוועזען די פוילישע מלוכה, האָט די דאָזיגע ערינערונג וועגען די אַלטע צייטען זיך געלאָזט הערען. די ענטלאָפענע פּראַוואָ־סלאַווגע פויערען־לייב־אייגענע, זאַפּאָראָזשער און קאָזאַקען פלעגען זיך פעראייניגען אין פרייע דרוזשינעס פון הײַדאַמאַקען און פון צייט צו צייט אָנפאַלען אויף די פוילישע גיטער און יודישע שטעדטלעך. אין מאָמענטען פון אונרוהען אין דער מלוכה אָדער פון פּאָליטישע קריזיסען האָבען די דאָזיגע אָנפאַלען אָנגענומען אַ חאַראַקטער פון גרויזאַמע רוי־בערייען. אַזוי, צום ביישפּיעל, האָבען הײַדאַמאַקען, וואָס זענען געוועזען גוט אָרגאַניזירט אונטער דער אָנפיהרונג פון קאָזאַקען־פּאָלקאָווניקעס, אין 1734 און 1750 פערוויסטעט פיעל דערפער און שטעדט אין וואָהלין, פּאָדאָל און קיעווער ראַיאָן און אויסגעהרג'עט פיעל פריצים און יודען. נאָר מיט אַ בעזונדער קראַפט האָט די בעוועגונג פון די הײַדאַמאַקען זיך ענטוויקעלט אין 1768. רוסלאַנד, וואָס האָט שוין פון לאַנג פאַקטיש געהאַט די ממשלה אויף פוילען, האָט דאַן געשטעלט דער פוילישער

רעגירונג א פֿאָדערונג, אַז די פּראַוואָסלאַוונע אונטערטאַנען אין פּוילען זאָל געגעבען ווערן פֿאָלקאָמע רעליגיעזע פֿרייהייט און פּאָליטישע רעכטען. א גרויסער טייל פֿון דער שליאַכטע און גייסטליכע זענען געווען געגען דער פֿאָדערונג און, אָבטיילענדיג זיך פֿון דער פּוילישער רעגירונג, וואָס איז אין אַלץ געווען נאָכגעביג פֿאַר דער רוסישער מאַכט, האָט די שליאַכטע זיך פֿעראייניגט אין דער בעוואוסטער „קאָנפֿעדעראַציע“, וואָס איהר ציעל איז געווען צו בעשיצען די אַלטע פּוילישע אָרדנונג פֿון די פֿרעמדע פֿעלקער. אין דער צייט, ווען דאָס פֿעראייניגטע מיליטער פֿון רוסלאַנד און פֿון פּוילישען קעניג האָט זיך געשלאָגען מיט די „קאָנפֿעדעראַטען“, האָבען אין אוקריינא אויסגעבראָכען אונרוהען. די אַגיטאַטאָרען פֿון די פּראַוואָסלאַוונע גייסטליכע און זאַפּאָראָזשער האָבען אונטערגעהעצט די פּויערען, וועלכע מען האָט איינגערעדט, אַז די קאָנפֿעדעראַטען ווילען אויסוואָרצלען די פּראַוואָסלאַוויע, און צווישען די מאַסען איז אַרומגעגאַנגען א געפֿעלשטער בעפֿעהל פֿון דער רוסישער קייזערין יעקאַטערינאַ וועגען „פֿערטיליגען די זשידעס און די ליאַחעס“.

אין דער שפּיץ פֿון דער בעוועגונג איז געשטאַנען דער זאַפּאָראָזשער קאָזאַק זשעלעזניאַק. אָנהויבענדיג פֿון אַפּריל 1768, האָבען די באַנדעס פֿון זשעלעזניאַק זיך געהאַלטען אין דעם ראַיאָן פֿון דער יעצטיגער קיעווער גובערניע און געראַבירט און געהרג'עט די פּריצים און די יודען. אויף א בוים האָבען די היידאַמאַקען אויפֿגעהאַנגען א פּאָליאַק, א יודען און א הונט און געמאַכט א אויפֿשריפֿט: „א ליאַח, א זשיד און א הונט האָבען אַלצאַיינע אמונה“. א שרעקליכע שחיטה צווישען יודען האָבען די היידאַמאַקען געמאַכט אין די שטעדטלעך ליסיאַנקא און געטיעוו. פֿון דאָרטען זענען זיי אַוועק קיין אומאַן, וואָס איז געווען גוט בעפֿעסטיגט און וואוהין עס זענען ענטלאָפֿען צעהנדליגער טויזענדער פּאָליאַקען און יודען. די שטאָדט איז אויף אַזוי ווייט געווען איבערפֿולט מיט אַנגעלאָפֿענע, אַז די נייע אָנגעקומענע האָבען שוין קיין אָרט נישט געהאַט. אומאַן האָט געהערט צום וואָיעוואָדאַ פּאָטאָצקי און זיך געפֿונען אונטער דער הערשאַפֿט פֿון גובערנאַטאָר מלאַדאַנאַוויטש. אין זיין רשות איז געווען א אָבטיילונג פֿון דער קאָזאַקען-מיליציע ביי'ם הויף, אונטער דער אָנפֿיהרונג פֿון סאָטניק גאָנטאַ. דעם דאָזיגען גאָנטא האָט מען נאָך פֿריהער חושד געווען, אַז ער האָט פֿערבינדונגען מיט די היידאַמאַקען, נאָר דאָך האָט מלאַדאַנאַוויטש איהם אַרויסגעשיקט

מיט א אבטהיילונג קאזאקען געגען מיליטער פון זשעלעזניאק. ווי מען האט גערארפט ערוווארטען, האט גאנטא זיך פעראייניגט מיט די חיידאמאקען, און ביידע אנפיהרער זענען געגאנגען אויף אומאן. דעם ערשטען טאג האט די שטאדט זיך פערטיידיגט ענערגיש. די פאליאקען צוזאמען מיט די יודען האבען איינוג געארבייט ביי'ם פערפעסטיגען די וועגט און געשאסען פון הארמאטען און ביקסען. אבער נישט אלע פאליאקען זענען געוועזען גרייט צו פערטיידיגען זיך. פיעל האבען גאר געטראכט וועגען דעם, ווי אזוי צו ראטעווען זיך אליין. ענדליך האט דער גובערנאטאר אליין אנגעהויבען פיהרען פריינדליכע אונטערהאנדלונגען מיט די היידאמאקען, און ווען יענע האבען איהם פערזיכערט, אז זיי זענען נאר אויסען די יודען, האט מלאדאנאוויטש זיך בערוהיגט און זיי געעפענט די טויערען. צוערשט האבען די היידאמאקעןווירקליך זיך גענומען צו די יודען, מיט אכזריות זיי גע'הרג'עט, געטרעטען מיט די פיס פון די פערד, אראבגעווארפען פון די דעכער, געשטאכען מיט שפיזען. העכער דריי טויזענד יודען האבען זיך פערמאכט אין דער גרויסער שוהל. ווען די היידאמאקען זענען צוגעקומען צו דער שוהל, זענען איינינגע יודען אויף זיי אנגעפאלען מיט מעסערס און עטליכע פון זיי דער'הרג'עט. די איבעריגע יודען האבען נאר גאט געבעטען און פערהילכט די שוהל דורך יללות. כדי צו מאכען פון די יודען וואס גיכער א סוף, האבען די היידאמאקען צוגעשטעלט צו דער שוהל א הארמאט, אויפגעריסען די טהיר און געמאכט פון דער שוהל א בלוט־באד. ווען זיי האבען געענדיגט מיט די יודען, האבען די היידאמאקען זיך גענומען צו די פאליאקען; פיעל פון זיי האבען זיי אויסגעשאכטען אין קאסציאל; צווישען אנדערע איז אויך דער'הרג'עט געווארען דער גובערנאטאר מלאדאנאוויטש. די גאסען פון שטאדט זענען געוועזען איבערפולט פון טויטע קערפער און א טייך בלוט האט פערפלייצט די שטאדט. אין דער דאזיגער שחיטה זענען אומגעקומען אנ'ערך 20 טויזענד פאליאקען און יודען.

אין דערזעלבער צייט האבען די קלענערע דרוזשינעס פון די היידאמאקען געמאכט בלוט־בעדער אין אנדערע שטעדט, ווי פאסטאוו, זשיוואטאוו, גראנאוו און טולטשין. דארט, וואו עס האט אמאל געשוועט חמעלניצקי, האט יעצט ווידער זיך געגאסען יודיש בלוט. נאר דאסמאל האט די קאטאסטראפע נישט אנגענומען אזא שרעקליכען כאראקטער, ווי אין 1648. דאס רוסישע מיליטער און דאס מיליטער פון

פּוילען האָבען ענערגיש געאַרבייט צו דערשטיקען דעם בונט. באַלד
נאָך דער אומאַנער שחיטה האָט מען געחאַפּט זשעלעזניאַק'ן און גאָנ=
טאַ. דער לעצטער איז געטויט געוואָרען דורך אַ שרעקליכען טויט:
פֿון איהם האָט מען פּאַסעגווייז אַראָבגעריסען די הויט און דערנאָך צו=
שניטען אויף 4 שטיקלעך. די איבעריגע היידאַמאַקען זענען אויסגע=
הרג'עט געוואָרען אָדער גענומען געוואָרען אין געפֿענגניש דורך דעם
פּוילישען מיליטער=אָנפֿיהרער סטעמפּקאָווסקי.

סוף כל סוף האָט די פּוילישע מלוכה, וואָס איז געווען צוריסען
אויף שטיקער, אָבגעשוואַכט דורך די פֿיעל מפּלות און דורך דער אי=
נערליכער רייסעניש צווישען די בעזונדערע קלאַסען אין פֿערלויף פֿון
הונדערטער יאָהרען, געמוזט אונטערגעהן. אין 1772 זענען די פּוילישע
גרעניץ=פּראָווינצען דאָס ערשטע מאָל פֿונאַנדערגעטיילט געוואָרען צווי=
שען די דריי נאָהענטע מלוכות: רוסלאַנד, עסטרייך און פּרייסען. רוס=
לאַנד האָט בעקומען אַ גרויסען טייל פֿון ביעלאָרוסיע, עסטרייך -- גאַ=
ליציען און אַ טייל פּאָדאָליען, פּרייסען — פּאָמעראַניען. דער גרעסטער
טייל פֿון דער יודישער בעפֿעלקערונג איז אַריינגעפֿאַלען צו רוסלאַנד און
עסטרייך. דאָס איז געווען דער ערשטער גרויסער קלאַפּ פֿאַר פּוילען.
די פּאָליאַקען האָבען לויט דער איניציאַטיוו פֿון רוסלאַנד דאַן געגרינדעט
אַ העכערען רעגירונגס=אָרגאַן — „דער שטענדיגער ראַט" (1775–88), וואָס
האָט געדאַרפֿט זוכען עצות, ווי אַזוי צו רעפֿאָרמירען דאָס אינערליכע
לעבען פֿון פּוילען. די בעסטע פֿאָרשטעהער פֿון דער געזעלשאַפֿט האָבען
בעשלאָסען אָנהויבען די רעפֿאָרמען פֿון דער יוגענד=ערציהונג. אין 1773
האָט דער פּויפּסט מבטל געמאַכט דעם יעזואיטישען אָרדען אין פּוילען
און דערמיט אָבגעראַטעוועט די פּוילישע יוגענד פֿון דער שעדליכער
יעזואיטישער ווירקונג. עס איז געגרינדעט געוואָרען אַ ריי נייע שולען
און די אַלטע זענען רעפֿאָרמירט געוואָרען. איינער פֿון די מיטגליעדער
פֿון דער קאָמיסיע, וואָס האָט בעטראַכט די מיטלען צו רעפֿאָרמירען
די מלוכה, אַנדזשיי זאַמאָיסקי, האָט אויך אויסגעאַרבייט אַ פּראָיעקט
וועגען רעפֿאָרמירען די געזעצען וועגען יודען. לויט דעם פּראָיעקט האָ=
בען יודען געדאַרפֿט בעקומען פֿרייהייט פֿון פּערזאָן און פֿערמעגען און
אין אַ געוויסער מאָס אויך פֿרייהייט פֿון רעליגיע; נאָר אין די שטעדט
האָבען יודען געדאַרפֿט וואוינען אָבגעזונדערט פֿון די קריסטען; די יודען,
וואָס האָבען נישט קיין בעשטימטע בעשעפֿטיגונג אָדער קאַפּיטאַלען,
דאַרפֿען דערווייטערט ווערן פֿון דער מלוכה; יודען ווערט אויך ער=

לויבט צו פערנעהמען זיך מיט ערד-ארבייט, אבער זיי טארען נישט זיין קיין ערד-בעזיצער. דער דאזיגער קאנסערוואטיווער פראיעקט בעווייזט, ווי ווייט אפילו די בעסטע פארשטעהער פון דער דעמאלטיגער פוילי-שער געזעלשאפט זענען געווען פרעמד פון א גערעכטיגער בעציהונג צו יודען. ערשט אין די סאמע לעצטע יאהרען פון דער פוילישער מלוכה זענען אין דער פוילישער געזעלשאפט, אונטער דער השפעה פון דער איירָאפעאישער בעפרייאונגס-בעוועגונג, ענטשטאנען אמת-הומאנישע און גערעכטיגע בעציהונגען צו יודען. אבער דעמאלט איז שוין געווען צו-שפעט. פוילען האט שוין דאן אבגעלעבט איהרע לעצטע טעג, נאך געמאכט איינינגע הערָאאישע פראבעס זיך אויפצוהויבען, אויפלעבען, אבער די פוילישע מלוכה איז שוין נישט געווען אימשטאנד צו בעפרייען זיך פון די שארפע נעגעל פון די פרעמדע מלוכות, וואס האבען ווי רויבער זיך ארומגעזאמעלט ארום איהר און אבגעווארט איהר טויט. עס האט זיך אנגעהויבען די גסיסה, דערנאך דער טויט און צוזאמען מיט דעם אונטערגאנג פון פוילען איז אויך דער געוועזענער צענטר פון פוילישען יודענטום אריינגעטרעטען אין א נייעם היסטארישען פאזיס.

---

אין דער צייט, ווען צווישען די פוילישע קלאסען און פארטייען האט געהערשט אזא רייסעניש און דעזארגאניזאציע, וואס האט געבראכט צום אונטערגאנג פון פוילען, זענען יודען געווען שטארק מיט זייער אינערליכער אחדות און שטרענגער צענטראליזאציע, וואס האט געהאל-טען פעסט אין איהרע הענד דעם יחיד און איהם געמאכט אונטערטעניג פאר'ן כלל. צי די דאזיגע שיטה פון שטרענגער צענטראליזאציע, ווען דער יחיד האט כמעט קיין פרייהייט נישט, איז א גוטע שיטה אדער נישט, דערווייל האט דאס דאזיגע סיסטעם אין יענער צייט געבראכט פיעל נוצען און ווער ווייסט, צי יודען אין פוילען וואלטען געווען ארוים אזוי פערהעלטניסמעסיג גאנץ, ווען נישט זייער אינערליכע פעסטע ארגאניזאציע. זענענדיג אבגעזונדערט פון אלע ארומיגע קלאסען, ארומגערינגעלט מיט שונאים, האבען די פוילישע יודען געפיהלט און פערשטאנען, אז זיי מוזען זיין אייניג אינערליך און מיט געמיינזאמע קרעפטען קעמפפען געגען די אויסערליכע פיינדליכע עלעמענטען. איינער פון די אויפרופען, מיט וועלכע דער „ועד ארבע ארצות” אין יאהר 1676 האט זיך געווענדעט צו די קהילות, הויבט זיך אן מיט

אזעלכע ווערטער: „שווער האָבען מיר געזינדיגט פֿאַר גאָט. די מהומה וואַקסט פֿון טאָג אויף טאָג; עס ווערט אַלץ שווערער צו לעבען; אונזער פֿאָלק האָט נישט קיין ווערט צווישען אַלע אַנדערע אומות. עס איז זאָגאַר אַ וואונדער, ווי אזוי, נישט קוקענדיג אויף אַלע אומגליקען, עקזיסטירען מיר נאָך. דאָס איינציגע, וואָס אונז איז געבליבען צו טאָן, איז — פֿעראייניגען זיך אין איין פֿערבאַנד, אין גייסט פֿון שטרענגער אחדות מיט גאָטס געבאָטען און מיט די בעפֿעהלען פֿון אונזערע צדיקים און מנהיגים". ווייטער געהט אַ רייהע בעפֿעהלען צו די מיטגלידער פֿון די קהילות, אַז זיי זאָלען פֿאָלגען אין אַלץ זייערע געמיינדע-פֿערוואַלטונגען, נישט נעהמען אין אַרענדע שליאַכטישע אי־מעניעס און נישט מאַכען קיין שותפֿות-האַנדעל מיט קריסטען אָהן דער ערלויבניש פֿון קהל, ווייל אזעלכע זאַכען קענען אַרויסרופֿען אַ כעס און צאָרן מצד די קריסטען; עס ווערט אויך פֿערבאָטען „אָבצוגעבען דאָס יודישע גוטס אין פֿרעמדע הענד", אַרויסרופֿען מחלוקת און סכסוכים אין די קהילות א. א. וו. די קהל-אַדמיניסטראַציע האָט געשטרעבט צו פֿאָלקאָמער ממשלה איבער דעם יחיד, אזוי אַז ער זאָל ווי ווייט מעגליך זיין אָבגעשלאָסען פֿון דער אויסערליכער וועלט. די רעגירונג אַליין האָט אויך געשטיצט די דאָזיגע אָרדנונג, ווייל פֿאַר איהר איז דאָס געווען זעהר גינסטיג. פֿאַר איהר איז בעסער געווען האָבען צו טאָן מיט אָרגאַניזירטע קהילות, איידער ווי מיט איינצעלנע יודען, דעריבער האָט די רעגירונג געגעבען דעם קהל ברייטע אַדמיניסטראַטיווע און געריכטליכע פֿאָלמאַכטען. דער קהל איז געווען פֿעראַנטוואָרטליך פֿאַר דער רעגירונג פֿאַר יעדען חטא פֿון יחיד, אזוי אַז די מאַכט פֿון קהל האָט געמוזט אַלץ זיך פֿערברייטערן. דאָס האָט געבראַכט צו אַ שטרענגער דיסציפּלין, אָבער אויך מיטגעהאָלפֿען צו פֿערפֿעסטיגען די יודישע געזעלשאַפֿטליכקייט.

ביי דער רעגירונג איז דער קהל געווען בעזונדערס טייער דער־מיט, וואָס דורך איהם זענען אויפֿגעמאָהנט געוואָרען די שטייערען פֿון די יודען. יעדער יאָהר האָבען די סיימען בעשטימט די אַלגעמיינע סומע שטייערען פֿון דער יודישער בעפֿעלקערונג און די קהילות האָבען שוין אַליין פֿונאַנדערגעטיילט די דאָזיגע סומע צווישען זיך און געווען פֿער־אַנטוואָרטליך פֿאַר דער רעגירונג, אַז די סומע זאָל פּינקטליך אריינ־געטראָגען ווערן. די רעגירונג איז אויף אזאַ אופֿן געווען פֿעראינ־טערעסירט, אַז די קהל-אַדמיניסטראַציע זאָל האָבען ביי יודען אַ אוי־

טאָריטעט און דעריבער איהר געגעבען ברייטע רעכטען. אין 1672 האָט דער קעניג געגעבען די קהילות פון ליטא דאָס רעכט אויסצושליסען פון די געמיינדעס אָדער בעשטראָפען מיט אנדערע שטרענגע מיטלען יענע איינצעלנע יודען, וועלכע רייצען אויף מיט זייערע פערדאָרבענע מעשים די יודישע בעפעלקערונג. אין 10 יאָהר אַרום האָט דער בריס־קער סטאַראָסטאַ ארויסגעגעבען אַ בעפעהל, אַז קיינער פון די פריצים זאָל נישט לייהען קיין געלד פריוואַטע פערזאָנען פון דער יודישער בע־פעלקערונג אָהן דער ידיעה פון קהל. דער דאָזיגער בעפעהל איז ארויסגעגעבען געוואָרען לויט דער ביטע פון קהל אַליין, וועלכער איז געווען פעראַנטוואָרטליך פאַר די באַנקראָטען פון זיינע מיטגלידער. דער לעמבערגער וואָיעוואָדאַ האָט אַרויסגעגעבען אַ בעפעהל (1692), אַז אָהן דער ידיעה פון די קהל־פרנסים וועגען דער אָרענטליכקייט פון די אַרענדאַרען זאָל מען קיינעם פון די יודען נישט אָבגעבען אין אַרענדע די פערשידענע מלוכה־אָבצאָהלונגען. פריוואַטע פערזאָנען האָבען געקענט אָבקויפען אָדער נעהמען אין אַרענדע אונבעוועגליכע גיטער נאָר מיט דער ערלויבניש פון קהל (חזקה). אָהן זיין ערלויבניש און אָהן אָבצאָהלען אַ ספּעציעלען שטייער (חזקת ישוב) האָט קיינער נישט געקענט זיך בעזעצען און צוגעשריבען ווערן צו אַ געוויסער קהילה.

די גרענעצען פון דער געמיינדע־אויטאָנאָמיע פלעגען בעשטימט ווערן דורך דער אָרטיגער מאַכט און נישט אומעטום זענען זיי געווען גלייך. אַלס מוסטער פון אַ פרייער געמיינדע־קאָנסטיטוציע קען דיענען דער אוסטאַוו, וואָס דער וואָיעוואָדאַ פון „טשערוואָנאַ רוס" האָט אין 1692 אַרויסגעגעבען דעם לעמבערגער צענטראַל־קהל. לויט דעם דאָזיגען אוסטאַוו, האָט די געמיינדע פון צייט צו צייט געוועהלט איהרע אָנפיהרער „לויט זייערע מנהגים און רעכטען" און די אַדמיניסטראַציע האָט נישט געהאַט קיין רעכט זיך אַריינצומישען און די וואַהלען. די אויסגעוועהלטע פאָרשטעהער פון קהל ווערן אָנערקענט אַלס פאָלקאָמע באַטשאַלניקעס און ריכטער פון זייער געמיינדע. די פראָצעסען צווישען איין יודען און צווייטען דאַרפען בעטראַכט ווערן נאָר אין בית־דין, וואָס בעשטעהט פון רבנים און געמיינדע־פאָרשטעהער. אויב ווידער אַ יוד האָט געוואָלט אָנגעבען אַ אַפּעלאַציע אויפ'ן פסק פון בית־דין, אָדער אויב אַ יוד האָט געהאַט אַ פראָצעס מיט אַ קריסט, זענען אַזעלכע פראָצעסען בעטראַכט געוואָרען אין געריכט פון פאָד־וואָיעוואָדאַ, דורך אַ ספּעציעלען „יודישען ריכטער", ד. ה. אַ קריסט, וואָס פער־

נעהמט זיך ספּעציעל מיט יודישע ענינים. דער דאָזיגער „יודישער ריכטער“ ווערט בעשטימט דורך דעם פאָד=וואָיעוואָדאַ פון צוויי קאַנדידאַטען, וואָס ווערן אָנגעוויזען דורך דעם יודישען קהל. די פּראָצעסען פון דעם דאָזיגען געריכט דאַרפען פאָרקומען נאָהנט פון דער שוהל, אין דער אָנוועזענהייט פון יודישע פאָרשטעהער און דערביי דאַרף דער דער „יודישער ריכטער“ זיך רעכנען נישט בלויז מיט די אַלגעמיינע געזעצען, נאָר אויך מיט די יודישע דינים. דאָס געריכט האַלט אָב זיצונגען צוויי מאָל אַ וואָך, נאָר ביי אויסנאַהמען ווערט בעשטימט אַ עקסטרע זיצונג, אויסער אין די יודישע ימים טובים. אויפ׳ן געריכט רופט מען אַרויס דעם בעשולדיגטען דורך אַ שמש. די פּראָטאָקאָלען פון געריכט ווערן אָבגעהיט אין דעם „געריכטס=שטיבעל“. די אַפּעלאַציעס אויף דעם אורטייל פון דעם געריכט ווערן בעטראַכט דורך דעם וואָיעוואָדאַ.

די וואַהלען אין קהל פלעגען, ווי פריהער, פאָרקומען יעהרליך אין חול=המועד=פסח. דער דאָזיגער מנהג איז מיט דער צייט געוואָרען אַ געזעץ און ווען דער בריסקער קהל האָט איינמאָל צוליעב פערזענליכע פניות אָבגעלעגט די וואַהלען אויף שפּעטער, איז אָנגעקומען פון ווילנער העטמאַן אַ שטרענגער פאָרוואורף דעם קהל. די וואַהלען זענען געווען צוויי=פאַכיגע, דורך אַ בעגרענצטער צאָהל וועהלער, און קאַנדידאַטען אַלס קהל=פאָרשטעהער זענען געווען נאָר מענשען מיט אַ גרויסען פערמעגענס=צענז, ווי הויז=בעזיצער, גרויסע שטייער=צאָהלער, אָדער מענשען מיט אַ גייסטיגען צענז, ווי רבנים און למדנים. די אָרימע קלאַסען און עם=הארצים האָבען זייערע פאָרשטעהער אין קהל נישט געהאַט און זייערע אינטערעסען האָבען דעריבער אָפט געליטען. אין 18=טען יאָהרהונדערט הערען זיך אַלץ אָפטער אָנקלאָגען פון די „פּראָסטאַקעס“ אויף דעם ווילקיר פון דער קהל=פיהרונג און איהר דעספּאָטישער מאַכט. — אַזוי ווי די דערפער און קליינע שטעדטלעך האָבען קיין אייגענע פערוואַלטונג ניט געהאַט, נאָר געהערט צו דער געמיינדע=פערוואַלטונג פון זייער ראַיאָן, זענען צווישען איין קהילה און דער צווייטער אָפט פאָרגעקומען סכסוכים צוליעב די דאָזיגע שטעדטלעך און דערפער. יעדער קהל האָט געוואָלט זיי צורעכענען צו זייער ראַיאָן, ווייל דורך זיי פלעגען זיך פערגרעסערן די הכנסות פון קהל. אַזעלכע סכסוכים פלעגען בעטראַכט ווערן דורך דעם „ועד ארבע ארצות“ און „ועד קהלות ראשיות דליטא“.

אויף די „ועדים" פלעגען בעטראכט ווערן אלגעמיין־נאציאנאלע פראגען און עס זענען בעשטימט געווארען די בעציהונגען צו דער רעגירונג. ביי די ועדים פלעגען זיך געפינען „שתדלנים", וואס פלעגען פאהרען קיין ווארשא אויף די זיצונגען פון סיים מיט השתדלות׳ען וועגען פערשידענע יודישע רעכטען. דער פוילישער „ועד" פלעגט ווי פריהער אבהאלטען זיינע זיצונגען פעריאדיש אין לובלין און אין אנדערע שטעדט, און דער ליטווישער „ועד" פלעגט זיך פערזאמלען אין פערשידענע שטעדט, ווי חאמסק, סיעלץ, מיר, סלוצק און בריסק. אין ענדע 17־טען יאהרהונדערט, ווען מען האט געדארפט איינארדנען די צורואינירטע געזעלשאפטליכע ארדנונג, האבען די ועדים ארויסגעוויזען א בעזונדער אינטענסיווע טעטיגקייט. די רעגירונג האט שטענדיג פערטיידיגט דעם אויטאריטעט פון די ועדים. אין 1687 האט דער „ועד ארבע ארצות" זיך בעקלאגט פאר׳ן קעניג, אז זיי קענען נישט נעהמען אויף זיך די פעראנטווארטליכקייט פאר דער בעשטימטער סומע שטייערען פון דער יודישער בעפעלקערונג, ווייל פיעל יודען ווילען נישט פאלגען די קהל־פארשטעהער און בענוצענדיג זיך מיט פראטעקציעס פון דער שליאכטע דרעהען זיי זיך אויס פון צאהלען שטייערען. דער קעניג האט דאן געמוזט ארויסגעבען א שטרענגען בעפעהל און סטראשען מיט הארבע שטראף די, וואס וועלען נישט פאלגען דעם קהל.

וואס מעהר עס האט זיך פערערגערט די יודישע עקאנאמישע לאגע, אלץ מעהר ארבייט האבען געהאט די ועדים, אלץ ענערגישער איז געווארען זייער טעטיגקייט. זיי האבען געדארפט סיי רעגולירען די אינערליכע ארדנונג צווישען יודען, סיי בעשטימען די בעציהונגען צו דער רעגירונג און צו די סיימען. מען קען נישט זאגען, אז די ועדים האבען פערשטאנען מיט דעם געהעריגען שטאלץ און זעלבסט־ווירדע צו פערטיידיגען די יודישע אינטערעסען. די ועדים זענען אויך געווען צו־פיעל אריסטאקראטיש, אז זיי זאלען נעהמען אין אכט די אינטערעסען פון די פראסטע פאלקס־מאסען, וואס זענען אפטמאל בעליידיגט געווארען. אבער איין גרויסען פערדיענסט האבען די ועדים געהאט, וואס זיי האבען פעסט געהאלטען אין זייערע הענד די אינערליכע דיסציפלין און אין אזא צייט פון מהומות און אומגליקען נישט דערלאזען, אז די יודישע געזעלשאפטליכקייט זאל זיך צופאלען. א בעזונדער אויפמערקזאמקייט האבען די ועדים געלעגט אויף די תלמוד־תורות און ישיבות, וואו עס האבען געלערנט די ארימע קינדער אויפ׳ן חשבון פון

די רײַכע. די ועדים האָבען אַלטונג געגעבען אויף די פראַגראַמען אין די ישיבות, געזאָרגט דערויף, אַז אַלע יודישע קינדער זאָלען מוזען אַ געוויסע צײַט לערנען און אַז די אָרימע זאָלען געשטיצט ווערען דורך געלד און עסען. דער „ועד ארבע ארצות" האָט אײַנגעאָרדענט אַ צענזור אויף די ספרים, וואָס זענען געדרוקט געוואָרען אין פוילען אָדער אַרײַנגעפיהרט געוואָרען פון אויסלאַנד, און די ספרים, וואָס האָבען נישט געהאַט קײַן הסכמה פון „ועד" אָדער פון אַ אָנגעזעהענעם רב, האָבען נישט געטאָרט פערשפרײַט ווערען. דער גײַסטיגער האָריזאָנט פון דעם „ועד" איז נישט געווען גרויס און אויסער תלמוד און רבנישע ליטעראַטור איז נישט דערלאָזען געוואָרען.

די קהל'שע אָרגאַניזאַציע האָט בעקומען אַ גרויסען קלאַפּ אין יאָהר 1767. אין דעם יאָהר האָט דער סיים בעשלאָסען ענדערען דאָס סיס־טעם פון שטײַערען־אָבצאָהלונג און אָנשטאָט דעם, וואָס פריהער פלעגט בעשטימט ווערען יעהרליך איין אַלגעמײַנע סומע אויף דער גאַנצער יודישער בעפעלקערונג, איז יעצט אײַנגעפיהרט געוואָרען, אַז יעדער נפש דאַרף אײַנצאָהלען בעזונדער אַ יעהרליכען שטײַער. כדי די שטײַערען זאָלען אויפגעמאָהנט ווערען ריכטיג, האָט מען בעשטימט אַ אַלגעמײַנע רעוויזיע פון דער יודישער בעפעלקערונג אין דער גאַנצער מלוכה. אויף אַזאַ אופן זענען בטל געוואָרען די אַלטע פונקציעס פון די געמײַנדעס אַלס הויפט־אָרגאַן פון אײַנמאָהנען און אַרײַנטראָגען אין דער מלוכה־קאַסע די אַלגעמײַנע סומע יודישע שטײַערען, און די קהל־פאָרשטעהער זענען געוואָרען אײַנפאַכע פערמיטלער, וואָס זענען געווען מחויב אין יעדער שטאָדט אויפצומאָהנען פון יעדען יוד דעם שטײַער און דערנאָך אײַנצאָהלען אין דער קאַזנאַ. פון דעם מאָמענט אָן האָט דער קהל פערלוירען פאַר דער רעגירונג יענע בעדײַטונג, וועלכע ער האָט געהאַט פריהער, ווען ער האָט געשפּיעלט די ראָליע פון אַ צענטראַל־פערטרעטונג. די יודישע אויטאָנאָמישע אָרגאַניזאַציע איז פאַר דער רעגירונג שוין מעהר נישט נוצליך געווען און דעריבער האָט זי אויסגעזעהן בײַ איהר אינגאַנצען איבעריג. אין דעם סיים פון 1674 איז שוין אָנגענומען געוואָרען אַ בעשלוס, אַז די אַלע יודישע סיימען און „סײַמיקעס", די אַלע ועדים און זײַערע צוזאַמענפאָהרען זענען לחלוטין איבעריג און דעריבער איז בעשלאָסען געוואָרען, אַז פון יעצט אָן ווערט פערבאָטען צונויפצורופען צוזאַמענפאָהרען פון די קהל־פאָרשטעהער צוליעב וועלכע עס איז צוועקען.

אויף אזא אופן זענען די קהילות בעגרענצט געווארען אין זייער טעטיגקייט און די צענטראלע ארגאנען פון דער יודישער אויטאנאמיע, די ועדים, זענען אינגאנצען בטל געווארען. דאס איז געווען מיט 8 יאהר פאר דעם ערשטער צוטיילונג פון פוילען, ווען די פוילישע מלוכה האט שוין כמעט אויפגעהערט זעלבסטשטענדיג עקסיסטירען. אין א צייט ארום שפעטער הויבט זיך אן די גסיסה פון פוילען; דער גרעסטער טייל פוילישע פראווינצען געהט איבער אין אנ׳אנדער ממשלה און צוזאמען דערמיט פאלט אינגאנצען די יודישע אינערליכע אויטאנאמיע, יענע פעסטע ארגאניזאציע, וועלכע האט געשפיעלט אזא גרויסע ראליע אין דער פערפעסטיגונג פון דער נאציאנאלער עקסיסטענץ אין א צייט פון שרעקליכע אומגליקען און רדיפות.